גראף ל. טאלסטאי.



# געקליבענע שריפטען

ערשטער באנד.

יודיש פון פרץ הירשביין.

מיט א פאָרוואָרט פון ש. גארעליק.

פערלאג - בוכהאנדלונג
שלמה שרעבערק
ווילנא.

דרוקעריי ב. א. קלעצקין, ווילנא.

שמריהו גארעליק.

# לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי.

## I.

### די מענשהייט און דער נביא.

די מענשהייט איז דער אייביגער וואַנדערער איבער דעם פערפּלאָנטערטע; רעטזעליגען וועג פון לעבען, דער אינסטינקט פון אמת, וועלכער ווערט קיינמאָל ניט אינגאַנצען אַטראָפירט (אָבגעשטאָרבען), טרייבט איהם אַלץ פאָרוועדטס. נאָר עס טרעפען אָפט שטערונגען אין דעם וועג, אין דאַן, ווי אונגעריכטערהייט, ווי פלוצלינג, פון דער זייט, בעווייזען זיך די עמודי האש, די פייער־זיילען, די גרויסע מענשען, וועמעס בעדייטונג, ווירקונג בעשטעהט בלויז אין דעם, וואָס זיי פיהרען אַרויף דעם פערבלאָנדזעטען אויף זיין ריכטיגען וועג.

לעבען מיט דעם געדאַנק, דאָס עס איז גאָר ניטאָ קיין ציעל און עס הערשט נור דער ווילדער כאַאָס, דער צופאַל; לעבען מיט אַזאַ געדאַנק איז זעהר שרעקליך. און ווי העכער דער פעסימיסט זאָל ניט שטעהן פון דעם לאַנגווייליגען בירגער, פאַר וועלכען עס עקזיסטירען ניט קיינע פראַגען, דאָך איז דער וועג פונ'ם פעסימיסט — דער וועג פון טויט. מען מוז פערזוכען די אַלע ליידען פון פעסימיסט, פון פערצווייפעלטען, פערזוכען און בעקעמפען און אויסלייטערענדיג די נשמה דורך דעם אינערליכען גיהינום, אַ קוק טאָן אויף נאָט'ס וועלט מיט קלאָרע, קינדערשע אויגען און דערפיהלען אין זיך אַ וואַרעמע, וואַרעמע ליעבע צו אַלעמי, צו אַלעם און אויסשרייען: „יאָ, יאָ, עס איז פאַראַנען", דער ציעל פון דער מענשהייט איז פערווירקליכען דעם אמת אויף דער וועלט.

גאָר, גאָר אין דער טיעפער וויטעניש, דאָרט וואו עס דאַרף זיך ענדיגען דער לעצטער עטאַפּ, דאָרט וואו עס ווערט געשלאָסען און ענדיגט זיך דער וועג, איז אַ קליין פינטעלע צו זעהען און צו איהר שטרעבען מיר אַלע, צו איהר דערנעהענען מיר זיך אַלע. נאָר אָפט, ווי לייכטזיניגע שילער פערשפּיעלען מיר זיך אין מיטען וועג, פערגעסען זיך אָן דעם גרויסען ציעל,

פערקריכען אין בלאָטעס, נעהמען אָן נאַרישע קליינינקייטען פאַר עפּיס וויכ־טיגעס און זענען גרייט צו מיינען, דאָס איז זיי, און אָט די קליינינקייטען געפינט זיך דער אידעאַל פון דער מענשהייט.

ז'אָס איז אַ צייט פון פינסטערע עפּאָכען, ווען גאָט ווערט פערטריבען פון מענשענ'ס נשמות און די גראָבע קראַפט פראָקלאַמירט זיך אַלס די איינצעלנע הערשערין, וועלכע איז גערופען צו רעגולירען דעם גאַנצען לעבען אונזערען. דאָס איז אַ צייט אויך פון פאַלשע לעהרען, פאַלשע נביאים, וועלכע דינען, ניט אַלע מאָל אין פאָלקאָמען בעוואוסטזיין, מיט זייערע לעהרען די אונרעכט פון מאָמענט. זיי ערקלערען זיך פאַר גרויסע קענער פון מענשענס פסיכאָלאָגיע און פון מענשענס געשיכטע און בעשטעטיגען דעם געזעץ פון אונמידליכען קאַמפף, אַלס הויפּט־נערוו, אַלס הויפּט־סטימול פון אַלע אונזערע מעשים, רעיונות. די וועלט שטעלט זיך זיי פאָר שטענדיג ווי אַ ברייטע אַרענע, אויף וועלכער מען הערט זיך ניט אויף צו ראַנגלען, און פאַר דעם מענשען, לויט זייער בלינדען פערשטאַנד, איז קיין זאַך אַזוי ניט נאַטירליך, ווי קלאַפּען מיט די כּלי־זין, וועלכע גאַרטלען אַרום זיין קליינעם, שוואַכען, פעראַיירעלטען קערפּער.

די געשיכטע פון דער מענשהייט וואָלט באמת געווען אַ שרעקליכע כראָנאָלאָגיע פון רציחות, ווען ניט די גרויסע משפּחה פון נביאים, וועלכע בע־וויזען זיך פון צייט צו צייט אין דערמאָנען אין שלעפּען אַרויס פון דער זומפּיגער בלאָטע. אויב איהר ווילט קענט איהר רעכענען דעם נביא פאַר אַ גאָטס פאָר־שטעהער, וועלכער קומט אין זיין הייליגען נאָמען „אַזוי צו זאָגען”, און אויב איהר ווילט, איז ער מעהר ניט ווי אַ בעהעלפער. מיר זענען לייכטזיניגע שילער, וועלכע האָבען זיך פערשפּילט אין דעם וועג צו אונזער ציעל, און ער, דער נביא, וועלכער האָט ניט אויפגעהערט אַכטונג געבען, בעוויזט זיך אין די קריטישסטע מאָמענטען, ווען אונזער בלאָנדזען איז שוין געפעהרליך.

וואָס פאַר אַ גליק איז, וואָס אין דער נויטיגער שעה קומען זיי דאָך, און די וועלט בלייבט ניט לאַנג אָהן אַ נביא. ער מוז גלייך אַרויסטרעטען אַלס מוכיח. „ויצא ביום השני והנה שני אנשים עברים נצים ויאמר לרשע למה תכּה רעך” (און ער איז אַרויס אויפ'ן צווייטען טאָג, ערשט ער זעהט: צוויי מענשען, יידען, קריגען זיך. זאָגט ער צום רשע: פאַר וואָס שלאָגסטו דיין חבר!) עס וועלען דורכגעהן טויזענדער, טויזענדער יאָהרען, עס וועלען זיך בייטען פערשיידענע פאָרמען פון קולטור, און דאָך זייט זיכער, דאָס יעדער נביא וועט מוזען אָנ־הויבען זיין אַרבייט, זיין אַרויסטרעטען מיט די זעלבע משה'ס ווערטער, און דאָס ערשטע וועט מוזען זיין: „למה תכּה רעך”!

און די אָבלייקונג פון קולטיר וועט זיין דאָס צווייטע וואָרט פון דעם נביא, פון דעם מאָראַליסט. פאַר דעם סקעפּטיקער, וועלכער נעהרט זיין אויסגעטריקענ־טע נשמה מיט דער גאַל פון איראָניע, איז דאָ אַ געלעגענהייט צו ריידען וועגען דער כּאַנאַליטעט פון די נביאים. זיי זענען ווירקליך אַזוי אָרעם אין נייע ווערטער. ווען רוסאָ האָט גערופען די מענשהייט צו דער נאַטור, און די פעלדער; ווען ער האָט געפערדיגט דעם איינפאַכען לעבען פון דאָרף, האָבען זיך געפונען אַזוינע

קלוגע פראַנצויזען, וואָס האָבען געזאָגט, אַז נאָך דעם בלאַסען יודען פון גליל, וועלכער האָט איינגענומען אַ האַלבע וועלט, איז קיין קינד ניט צוקומען מיט אַזוינע נביאות. אין ווען שפּעטער אין הונדערט יאָהר אַרום האָט זיך ווידער געלאָזט הערען איבער דער גאַנצער וועלט אַ שטים פון יאַסנאַיאַ־פּאָליאַנע, האָט זיך גע־פונען אַ רענעגאַט, אַ גע'שמד'טער מאַקסימיליאַן הארדען, איינער כמעט אויף דעם גאַנצען ערד־קוגעל, וועלכער האָט געזאָגט: אַך! לאָזט צו רוה! דאָס איז דאָך דער אָבגעפרישטער רוסאָ! נו, וואָס פאַר אַ נייעס געפינט איהר אין די ווערטער „אויב איך האָב רחמנות אויף דעם אויסגעמאַטערטען פערד מיינעם, אויף וועלכען איך פאָהר, טאָ די ערשטע זאַך וואָס איך דאַרף טאָן, איז אַראָבגעהן פון איהם און געהן צופוס“.

פאַר דעם שכל, וועלכער איז שטענדיג נייגעריג, וועלכער זוכט אַלץ נייע מאכלים, קלינגט דאָס ווירקליך ווי עפּיס גאָר אַלטעס, כמעט פערשימעלטעס. פאַר דאָס האַרץ אָבער איז ניטאָ קיין נעהנטערע ווערטער, און זיי פערכאַפּען אַזוי די גרויסע פיגור פון דעם נביא, זיי פיהלען אייך אָן מיט אַזאַ רעליגיעזע התלהבות, דאָס אין דעם נאָמען פון די כלומר'שטע אַלטע ווערטער לייקענען זיי אָב די קולטור פון זייער עפּאָכע, זיי ברייגגען אַריין אַ נייעם פערשטאַנד אין דאָס וואָרט „קולטור“. זיי מיינען ניט פריהער אונטער „קולטור“ דעם טעכנישען פּראָגרעס, דעם פּראָגרעס פון וויסענשאַפט, ניט עהרליך און נאָך וועניגער עדיסאָן. קולטור—דאָס איז די סומע אידעען, הויכע געדאַנקען, וועלכע בעסערען אויס דעם מענשענס כאַראַק־טער, הויבען איהם אויף, אויף דער העכערער שטופע פון פערשטעהן דאָס אייביגע, פלאַנצען אַיין די איידעלסטע געפיהלען, דאָס אייגענע וואָס טיילט אונז אָב פון נידריגע חיות.

אַלץ, וואָס בערייכערט און פערגרינגערט אונזער מאַטעריאַלען לעבען, אָט די גאַנצע גרויסע וועלט פון ערפינדונגען, וועלען זיי רעכענען פאַר לעבענס־בעקוועמליכקייטען, פאַר וועלכע עס איז כדאי זאָגאַר צו דאַנקען. נאָר אויב אונזערע נשמות זענען פערדאָרבען, אויב מיר זינקען אין גראָבע תאוות, אויב צווישען אונז הערשט אונגערעכטיגקייט; אויב עס הערשט נור די גראָבע מאַכט און עס פילען אָן די לופט זיפצען פון אונטערדריקטע, האָט קיינער ניט קיין רעכט צו זאָגען, אַז מיר לעבען אין אַ דור פון קולטור. און דער נביא, און דער מאָראַליסט וועט זיין ניט צופריעדען, וועט זיך קלאָגען און שטאַרק, שטאַרק רופען צוריק צו דער פערגאַנגענהייט, וועלכע איז נאָך זיין מיינונג געווען בעסער, זאָל זיין אָרעמער, אָבער דערפאַר ע ה ר ל י כ ע ר...

אַזאַ בעציהונג צו קולטור איז אפשר די ריכטיגסטע, און דאָס קענען מיר זעהן פון דעם, וואָס אָפט טרעפט, דאָס דער געלעהרטער, וועלכער האָט כל ימיו געקליבען, געסאָרטירט די פאַקטען, געגראָבען זיך ווי אַ קראָט אין דעם ביך פון וויסענשאַפט, דאָס אָט דער געלעהרטער, וועלכער האָט יעדע ערפינדונג זיינע גערעכענט פאַר אַ גרויסען גליק, כאַפּט זיך אויף אין איין פריהמאָרגען אַנ'אומעטיגער, אַ צוטראָגענער, וואָרום פּלוצלינג האָט ער דערפיהלט דעם טעות. ער האָט פערשטאַנען, דאָס ער האָט נור געטאָן אַ ר ו ם ד ע ם מ ע נ־ש ע ן, וועהרענד דער מענש זעלבסט איז געבליבען דער אייגענער; ער האָט

פערדאָפּעלט, פערמעהרט דעם מענשענס חפצים, נאָר ער האָט ניט פערטיעפט זיין נשמה. אָט פאַר וואָס ענדיגט איינער אַ פראַנצויישער שרייבער (עמיל פאַגע „פּאָ־ליטישע דענקער און מאָראַליסטען") זיין כאַראַקטעריסטיק פונ'ם היסטאָריקער און קונסט־קריטיקער טען מיט די פאָלגענדע ווערטער:

„איהם איז געווען אומעטיג, די סבּה איז אַ גאַנץ איינפאַכע: ער האָט „ניט געגלויבט אין רעליגיע, און ליעב געהאַט נאָר די וויסענשאַפט ניט גלויבענ־„דיג אין איהר. אָדער אויב דאָס געפעלט עמיצען מעהר: ער האָט געגלויבט „נור אין וויסענשאַפט און גאָרנישט פון איהר ערוואַרט".

פאַראַן ווירקליך פון וואָס אומעטיג צו זיין. דער איצטיגער פּעסימיזם שטאַמט טאַקע פון דעם וואָס דער פּראָגרעס פון טעכנישער קולטור, דער פּראָ־גרעס פון וויסענשאַפט, האָט ניט געפיהרט צום פּראָגרעס פון מאָראַל. צו דער אייביגער אומפּרידענהייט, וואָס פאַר דעם מענשען ווערען ניט ענטפּלעקט די פערבּאָרגענע סודות, שטאַרקט זיך דער פערדרוס, דאָס אין לעבען ווידערהאָלט זיך וויעדער די שרעקליכע רציחה פון ק י ן, וועלכער הרג'עט דעם שוואַכערען ה ב ל... פון דאַנען נעהמען זיך די אַלע אָבּלייקענער, וואָס ווילען ניט אַנערקע־נען די איצטיגע קולטור, ווי באַלד אין איהר הערשט ניט די גערעכטיגקייט, פון דאַנענט נעהמט זיך דאָס דער מאָראַליסט פאַלט אָן אויף די קונסט, וואָרום ער זעהט ניט, דאָס די גרויסע ווערק פון קונסט זאָל אַלע מאָל ווירקען אויף דעם מענשענס כאַראַקטער און פיהרען איהם צו בעסערקייט און פער־איידלונג.

און אין דער צייט, ווען די מעהרהייט וואונדערט זיך און שעצט זיך פאַר גליקליך צו לעבען אין דעם דור פון אויפבּליהענדע קולטור, קומען אַנדערע, איינצעלנע אין דער געשטאַלט פון נביאים אַ מאָל, אין דער געשטאַלט פון מאָראַ־ליסטען איצט, און וואָס פאַר אַ רייכקייט די מענשהייט זאָל ניט אַרויסשטעלען, וועלען דאָך זיין זייערע ערשטע און שטענדיגע ווערטער: „למה תכה רעך"?...

פאַר דעם לעצטען יאָהרהונדערט האָט די וועלט ניט געוואוסט וועלכען עס איז אַנדערען, וואָס זאָל אַזוי אונערמידליך, מיט אַזאַ רעליגיעזע טיעפקייט און שטאַרקייט שטעלען פאַר דער מענשהייט די אויבען דערמאָהנטע פראַגע, ניט געווען קיין אַנדערער, וואָס זאָל אַזוי אין דעם נאָמען פון אייביגען אמת אָנפאַלען אויף די איצטיגע קולטור, אויסער לעוו ניקאָלאַיעוויטש טאָלסטאָי.

## II.

## זיין לעבען.

איז מעגליך אויף דער ערד מעהר גליק פון דעם, וואָס איז אויסגעפאַלען אויף דעם גורל פון טאָלסטאָי? אַלץ, וואָס דאָס שוואַכע האַרץ דעם מענשענס איז אים שטאַנד אויסצובעטען בּיי גאָט, איז איהם געגעבען געוואָרען; ער האָט

בעלאַנגט צי אַנ׳אַלטער משפחה פון פּריווילעגירטען אַדעל, וואָס האָט איהם געגעבען די מעגליכקייט צו טרינקען פון די רייכע קוואַלען פון דער אַלטער קולטור. אָנגעמערקט מיט דער חתימה פון אַ געניע און געלאָזען איהם אויף דער וועלט אַרומגערינגעלט מיט אַ בעזונדער שיין, וואָס האָט געצוואונגען אַלעמען זיין פאָרזיכטיג. „דעם יונגסטען אָפיציר דאַרף מען היטען“ האָט פערזאָגט אַלעקסנדער דער צווייטער, נאָכדעם, ווי ער האָט דורכגעלייענט זיינע סעוואַסטאָפּעלער ערצעהלונגען, און טאָלסטאָי׳ען פיהרט מען מיט אַ כּיוון איבער אין אַ אינגעפעהרליכען אָרט. אַלע בייזע סטיחיען איז פערבאָטען צו טאָן שלעכטעס דעם געבענשטען זוהן פון דער ערד. איין מאָל איז ער שוין געווען אַ מינוט צום טויט. דאָס איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון יאַכט, אַ פערוואונדעטער בער איז אויף איהם אַרויפגעפאַלען. נאָר אין דעם מאָמענט פון שרעקליכער געפאַהר איז איהם די הילף געקומען און געראַטעוועט. אין זיינע יוגענד-בריף צו זיין ערציהערין, אַנ׳אַלטע קרובה טאָלסטאָי׳ס, האָט ער אָפט ליעב געהאַט צו פאַנטאַזירען וועגען אַ שטילען פאַמיליען-לעבען. ער האָט אַ פיהלענדע, סענטימענטאַלע האַרץ, וואָס איז אַזוי ווי צוגעפאַסט צו אַ שטילען ווינקעל נעבען פרוי און קינדער. דער פערלאַנג זיינער איז פערווירקליכט געוואָרען. בעסער פילייכט ווי מען האָט געטראַכט. ער איז געווען אַזוי ווי אַ לעגענדאַרער פּאַטריאַרך צווישען זיין גרויסע פאַמיליע. רייכקייט, כבוד! דאָס אַלץ איז איהם געגעבען געוואָרען אין זעהר אַ גרויסע מאָס, איבערהויפט כבוד. די גאַנצע וועלט האָט זיך מיט אַ זעלטענע אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו יעדעס וואָרט זיינס. די ליעבע צו טאָלסטאָי׳ען איז געווען שוין אַזוי גרויס, דאָס זי איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מין טיראַניי, וואָרהאַפטיג, דאָס איז געווען אַ טיראַניי פון ליעבע. און ניט געווען איז ערגיץ אַנ׳אָרט אויף דעם ערד-קוגעל, וואו טאָלסטאָי זאָל זיך קענען בעהאַלטען פון פרעמדע אויגען. יעדען מענשען, וואָס טרעט אַרויס מיט זיין פרעדיגען, איז ניט אַנגענעהם צו זיין אַליין. ער זוכט אויערען, וועלכע זאָלען איהם הערען. טאָלסטאָי האָט דערלעבט זעהן אַזוינע תּלמידים, וואָס זייער אָפּפערען זיך מיט זייער גרייטקייט אַלץ אַוועקצוגעבען, מיט זייער ליעבע און געטריישאַפט דעם רבי׳ן דערמאָנען אַזוי שטאַרק אַמאָליגע אַפּאָסטאָלען.

און דאָך, איז שווער צו געפינען אַנ׳אַנדערען, וועמעס לעבען זאָל זיין אַזוי טראַגיש, ווי טאָלסטאָי׳ס. שווער צו געפינען אַנ׳אַנדערען, וואָס זאָל שטענדיג אַזוי ליידען, ווי ער. וואָרום, אין איהם האָבען געקעמפפט דער שטאָלצער אַריסטאָקראַט, אָנגעזעטיגטער מיט דער אַלטער, רייכער קולטור, מיט דער טיעפסטער שטרעבונג צו אַסקעטיזם (התבודדות), צו אָפּפער. צו איהם האָבען נעהערט אַלע איבערלעבונגען פון פירסט אַנדרעי באָלקאָנסקי, ווי אויך די איינפאַכקייט פון מוזשיק קאַראַטאַיעוו. צו דעם לעצטען האָט ער זיך אַלץ דערנאָהענט, קאַראַטאַיעוו איז געווען זיין אידעאַל. נאָך אַזאַ לעגענדאַרען, רייכען לעבען האָט טאָלסטאָי געוואָלט נור איינס: ווערען אַזוי ווי קאַראַטאַיעוו, וועלכער געהענדיג שלאָפען האָט ליעב געהאַט זאָגען Положи, Господи, камушкомъ, подними калачикомъ! — (לעג מיך אײַן, רבונו של עולם, ווי אַ שטיינדעלע און הויב

מיך אויף ווי אַ בייגעלע !) און אייפשטעהענדיג ווידער זאָגען : Легъ свернулся, (געלעגט זיך אויפגעדרייט, אייפגעשטאַנען אויסגעשפרייט). всталъ встряхнулся. טאָלסטאָי האָט געוואָלט, אַז גאָט זאָל איהם בענשען מיט דעם טויט ערגיץ אין אַ וואַלד, אין אַ וויסטעניש, ער זאָל שטאַרבען ערגיץ אונטער אַ פּאַרקאַן, אין אַ קאַנאַווע ווי אַנ׳אָרימער, אָרימער וואַנדרער, פּון וועלכען קיינער ווייס ניט. אַריינגעהן אין דער גרויסער מיליאָנען־דאָרף־מאַסע און ווערען דאָרטען צווישען זיי פערזינקען. „אָט דעם צווייטען מאָל" — האָט ער ניט לאַנג געזאָגט זיין טאָכטער פאַרביי־פאָהרענדיג אַ דאָרף — „וועל איך שיין דאָ אַרומגעהן ציפּוס און קלאַפּען מיט מיין שטעקעלע איבער די שמאָלע פענסטער־לעך, און גיטע מענשען וועלען מיר ברויט דערלאַנגען".

אַסקעטען האָבען ליב געהאַט מיט אייזערנע רינגען דעם גוף פּייניגען. טאָלסטאָי האָט שטענדיג זיך געפּייניגט און יעדעס מאָל ווען איהם האָט זיך איינגעגעבען ווי עס איז, פערקלענערען און זיינע אייגען זיין אייגענעם ווערט, יעדעס מאָל, ווען איהם איז געלונגען אַריינקומען אין די שטימונג פון פאָלקאָ־מענע עניוות, פלעגט ער זיך שפּירען בעסער.

דעם רוסישען שרייבער און סלאַוויאַנאָפיל סטאַחאָווישען שרייבט ער וועגען זיין ראָמאַן „אַננאַ קאַרעניננאַ": „מיר איז העסליך אַלין, וואָס איך האָב אָנגעשרי־בען, און איצט ליגען די קאָרעקטען פאַר׳ן אַפּריל־בוך (זיין ראָמאַן האָט זיך צו־ערשט געדרוקט אין אַ זשורנאַל), און איך האָב מורא, דאָס איך בין ניט אימשטאַנד זיי צו פערריכטען. אַלין איז און זיי שלעכט און אַלין דאַרף מען איבערמאַכען, אַלין וואָס ס׳איז אָבגעדרוקט, און אַלין איבערמעקען.

און אַוועקוואַרפען און ענטזאַגען זיך און זאָגען: ענטשולדיג, וייטער וויל איך שוין מעהר ניט.

און לייבט ניט מיין ראָמאַן. פּאסקאַל האָט זיך אַרומגעגאַרטעלט מיט אַ גאַרטעל מיט טשוועקעס, און יעדעס מאָל ווען ער פלעגט דערפיהלען, אַז איהם פרעהט דאָס מ׳לייבט איהם, פלעגט ער אַיינקוועטשען דעם גאַרטעל. איך האָב געדאַרפט פאַר זיך אויך אַזאַ גאַרטעל."

אָקאָרשט זענען פון דרוק אַרויס טאָלסטאָי׳ס בריף. זיי נעהמען אַרום אַ פעריאָד פון 62 יאָהר. זיי שפּיגלען אָב אַלע עטאַפּען פון זיין אינגעהויערן קאַמפּף מיט זיך אַליין. פון זיי איז צו זעהן דאָס פון זיינע יונגע יאָהרען ביז דעם לעצטען טאָג, האָט ניט אויפגעהערט אַרבייטען אין איהם דער גייסט פון אַנאַליז, ער האָט געהאַט רעכט צו גלייבען און אַראָבבריינגען דעם אמת און יושר אויף דער וועלט נאָר דורך זעלבסט־איסבעסערינג. וואָרום דעם גאַנצען שווערען וועג פון אַזאַ פּערזענליכער ענטוויקלונג און זין פון דעם אייביגען אי־דעאַל האָט ער אַליין דורכגעמאַכט. די ליידען זענען געווען אָפטמאָל זעהר שטאַרק. וואָרום טאָלסטאָי האָט זיך ניט איין מאָל געפיהלט שוואַך און איהם פלעגט זיך דוכטען, אַז איהם איז בעשערט נאָר שווימען איבער דעם גרויסען ים און קיינמאָל דעם ברעג ניט דערגרייכען. די בריעף זענען פול מיט פרייד און טרויער. פרייד — ווען ער פלעגט זעהען, דאָס איהם איז געלונגען דעם אינערליכען פיינד גיבר צו זיין; אַז לאַנגזאַם, לאַנגזאַם — נאָר ער דערנעהנט

זיך צי זיין אידעאַל; אַז איהם גיט זיך אויך אַיין פין דאָס פילפאַכיגע אַריבערגעהן צי דאָס איינפאַכע, צו דאָרפישע, צו דער פסיכאָלאָגיע פון גאָטס־יאַנדעריער. דאַן קימט אויף איהם אָן אַ זעלטענע שטימונג. אויף די פריהערדיגע געניאַלע ווערק, וועלכע שטעלען איהם אויף איין שורה מיט האָמער׳ן, קיקט ער מיט אַנ׳איראָנישען שמייכעל און זאָגט גאַנץ ערנסט, דאָס דער דאָרפישער פעדקע שרייבט בעסער פון איהם. ער רעכענט, דאָס אין אַ פאָלקאָס פערשטענדליכע און איינפאַכע שפּראַך איז אונמעגליך גאָר עטוואָס שלעכטעס צי שרייבען. און די שפּראַך פון פעדקאַ איז פערשטענדליך און איינפאַך. אין די ליכטיגע מאָמענטען פין פריעדען מיט זיך אַליין, איז טאָלסטאָי גליקליך. נאָר געווען זענען אַנדערע מאָמענטען, פין שווערע געדאַנקען, ווען דער יאַסנעפאָליאַנער געניע איז הילפלאָז ווי אַ קליין קינד. דער, צו וועמען פין אַלע עקען וועלט פלעגט מען געהן נאָך גייסטיגע רעטונג, איז געווען פערטרויערט פין צווייפעל אין אייגענע כחות. עס איז שווער צו לעזען אָהן ציטערניש זיין בריף צו איינעם אַ בעקאַנטען, וועלכען ער שרייבט:

„גיט אַ קוק אויף מיין פריהערדיגען און איצטיגען לעבען און איהר וועט זעהן, דאָס איך סטאַרע זיך בעסער צו ווערען. איך האָב ניט ערפילט אַפילו איין צעהנטייזענט־טייל, און דאָס איז אמת, און איך בין שולדיג אין דעם, ניר איך האָב ניט ערפילט ניט דערפאַר, וואָס איך האָב ניט געוואָלט, נור איך האָב ניט געקענט. לערנט מיך אויס, ווי אַרויסצורייסען זיך פון דעם נעץ פון פערשיעדענע תאוות, וועלכע האָבען מיך אַרומגעכאַפּט. העלפט מיר און איך וועל טאָן, וואָס איהר וועט הייסען. נאָר אָהן אַייער הילף וויל איך און האָף אייסציפיהרען. בעשולדיגט מיך, איך אַליין טהו דאָס, נאָר בעשולדיגט מיך אין ניט דעם וועג, איבער וועלכען איך געה און אויף וועלכען איך ווייז אָן די, וועלכע פרעגען מיך, וואו איז, נאָך מיין מיינונג, דער וועג.

ווען איך וויים דעם וועג אַהיים און געה איבער איהם אַ שיכור׳ער שאָקלענדיג זיך פין איין זייט צום צווייטען, טאָ שוין־זשע איז דורך דעם דער וועג ניט ריכטיג, איבער וועלכען איך געה.

טאָלסטאָי איז קיינמאָל ניט געווען קיין פערגליווערטער דאָגמאַטיקער, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט די וועלט געלערענט. דער פייער, וועלכער לייטערט אוים, האָט אויף איין רגע ניט אויפגעהערט ברענען. אָט איז אַ מענש, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט „גענוג“, „איך האָב שוין דערגרייכט!“ איהם האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז ער טוהט ווייניג, אַז זיינע זינד זענען ניט פערגעבען. ער, דער אמת׳ער צדיק הדור, האָט ביז די לעצטע צייט וידוי געזאָגט. ער האָט געדורשט זיך פאַר אַנ׳אָפּפער ברענגען און אין עלטער פין 83 יאָהר איז ער אַוועק גלות אָבריכטען...

יאָ! עס וועלען פאַרבייגעהן דורות, דורות און מענשען וועלען נאָך מעהר לעבען, דערמאָנען זיך אָן איין לעגענדע, וועלכע דערצעהלט, ווי אַזוי איינמאָל פאַרטאָג, ווען אַלץ איז נאָך געווען מיט פינסטערקייט בעדעקט, האָט דער „גרייסער לעוו“ זיין געצעלט פאַרלאָזט און אַוועק אין דער וויטעניש, ווי אַנ׳אָריבער, ווי אַנ׳אינבעוואוסטער וואַנדערער, און פערגעסען וועלען אַלע אָן

דעם קעניג ליר, וועלכען די טעכטער האָבען אין וואַלד פערטריבען און וועלכער האָט געבלאָנדזעט נאַקעט, באָרוועס. וואָרום אין דער וועלט וועט זיך טראָגען אַ היילינגער שאָטען פון אַ גייסטינגען קעניג, וועלכער האָט זיך אַליין פון קעניגרייך פערטריבען און אַוועק גלות אָפּריכטען...

---

### III.

### צוויי דאַטעס.

— איהר ווייסט, ווי אַלט איך בין? האָט געפרעגט טאָלסטאָי מיט 5 יאָהר צוריק זיינעם אַ גאַסט אַ יאַפּאַנער תלמיד טאָקו-טאָמי.

— אַייך וועט ווערען ה7 יאָהר אָט דעם אויגוסט האָט געזאָגט דער יאַפּאַנער תלמיד.

— ניין, אב — האָט געענטפערט טאָלסטאָי, מיינענדיג דערמיט זיין ניי-געבאָרען ווערען אין מאָמענט פון דעם גייסטיגען קריזיס. ער אַנערקענט זיך נור פון דאַן אָן, נור פון דער צייט, ווען עס האָט אָנגעהייבען קלינגען איבער דער וועלט זיין רעליגיעזע פּראָפּאַגאַנדע. נור דאַן איז ער ערשט געבאָרען געוואָרען פאַר'ן אמת'ן לעבען. טאָלסטאָי מעקט אויס אַלע פריהערדיגע יאָהרען, וועלכע האָבען, נאָך זיין מיינונג, קיין ממשית ניט.

אָבער וועלכע דאַטע נעהמט אָן די מענשהייט? ה7 אָדער ה2? וואָס איז וויכטיגער: „אַננא קאַרענינא" „קריעג און שלום" אָדער „אין וואָס איז מיין גלייבען", מיין „ווידוי"? ביידע וויכטיג, אָבער וואָס איז וויכטיגער? ענטפערען אויף אַזאַ פראַגע איז ניט אַזוי גרינג. וואָרום דאָ האַנדעלט זיך וועגען דער בחירה צווישען קינסטלער און נביא. גרויס, אומגעהייער גרויס איז דער ווערט אין בעדייטונג פון קונסט, ניט נור אַלס אונשטערבליכער קוואַל פון עסטעטישען פערגניגען. אָבער קיין איין קונסטווערק האָט נאָך ניט געמאַכט קיין איבער-קעהרעניש אין דער וועלט, דער קינסטלער האָט קיינמאָל ניט געפיהרט נאָך זיך לעגיאָנען מענשען. איך מיין ניט לעגיאָנען קנעכט, נאָר מענשען אין העכסטען זין פון'ם וואָרט. נאָר אָט קומט דער נביא פון וויסטעניש אין צינדט אָן מיט פייערדיגער ליעבע אַלע הערצער, און דער מענש אונטער דעם איינדרוק פון זיינע, דעם נביא'ס, בעגייסטערטע ווערטער הויבט זיך אויף, אויף אַזאַ שטופע, וועגען וועלכער פריהער איז גאָר שווער געווען צו חלום'ען. דער קינסטלער קען אויסבעסערען דעם מענשען, וואָרום אַלץ וואָס איז שוין בעסערט אויס און דערהויבט, און דערהעכערט. נאָר דער נביא ראַטעוועט. ווען מיר שטעהען אין אַ גרויסער געפאַהר, קען אונז דאַן העלפען נור דער נביא, ניט דער דיכטער. וואָס-זשע איז דער וואונדער, וואָס איבער דער גאַנצער וועלט האָבען זיך פער-שפּרייט טאָלסטאָיס תלמידים און ניט נור אַנערקענער פון זיין געניאַלער קונסט. וואָס-זשע איז דער וואונדער וואָס דאָס, וואָס האָט דערנעהענט

טאָלסטאָיען צו שעקספּירען, איז אין די אויגען פון דער מעהרהייט געווען שוין ניט אזוי ווייטיג נאָכדעם, ווי ער איז דורך דעם פּעריאָד אַריינגעבראַכט געוואָרען אין דער משפחה פון בידרא. עס וואָלט געווען לעכערליך פון דער מענשהייט צו פאָדערן, אז זי זאָל בעוויינען דעם קינסטלער, ווי באַלד זי פיהלט מיט אַלע פעדים פון איהר וועלט-נשמה, דאָס עס איז געשטאָרבען דער נביא.

טאָלסטאָי האָט זיך ענטזאָגט פון זיין פריהערדיגער קינסטלערישער טעטיגקייט. מיר קענען, פערשטעהט זיך, ניט זיין אַזוי ראַדיקאַל און ענטזאַגען זיך פון דער גרויסער טיעפער וועלט, פון דער גאַלערעיע טיפען, בילדער, וועלכע געפינען זיך אין זיינע ווערק, דער ווילדער, דער נאַטור-מענש, דער אַלטער-קינד, דיאַדיאַ יעראָשקאַ, די ערהאַבענע געדאַנקען, וועלכע בעדערשען פירשט באָלקאָנסקי פאַר זיין טויט, און די מורא'דיגע שרעק און געשריי פון איוואַן איליאיטש, די מאַסען-פּסיכאָלאָגיע, ווען זי צערייסט אויף שטיקער ווערעשטשאַגינען, און אַלע אינטעליגענטע, גייסטיגע איבערלעבונגען פון פּיער בעזאָיכאָוו, דער קלוגער כיטרער נאַפּאָלעאָן, און אַלס זיין היפך דער אינפּאַכער, דער פאַטאַליסט *) קוטוזאָוו, און ווייטער, ווייטער אָט די גאַנצע רייהע דורשטיגע זעעלען: לעווין, נעהליודאָוו, ניקאָלאַי אירטעניעוו, אָלענין, וועלכע זענען בלויז אַנ'אויטאָביאָגראַפיע טאָלסטאָי'ס אין בילדער, און די פרויען אין טאָלסטאָי'ס ראָמאַנען, און דער גאַנצער אַלטער רוסישער אַדעל -- ווער איז אימשטאַנד אויסצושעפּען דעם ים. און איז דען ניט אָנגעגרייט שוין לאַנג דער פרעכטיגער היכל, וואָס זאָל אַריינגעמען טאָלסטאָי'ס שעדעווערען (גרעסטע מוסטער ווערק).

און דאָך..., ניט אַ קוק איבער דעם טראַקט, וואָס פיהרט צו יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ. עס טראָגט זיך אַ רייטער, צעטראָגען, פערטרויערט איז זיין געזיכט, און די אויגען זענען אָנגעשטרענגט, זוכען עפּיס. דאָס איז דער קראַנקער רוסישער שרייבער גאַרשין. ער קען שוין מעהר ניט לעבען פון די אַלע אינערליכע לידען, פון אַזוי פיעל ניט פאַרענטפערטע פראַגען און ער אײלט זיך צו טאָלסטאָיען, דעם מאָראַליסט, ניט דעם קינסטלער, ער אײלט זוכען רוה פאַר זיין קראַנקער נשמה ביי דעם, וואָס האָט אָנגעשריבען „מיין ווידוי“. און אַלע, אַלע: דער פּראָפעסאָר, דער סטודענט פון טאָקיאָ, דער בודדיסט פון קאַלקוטאַ, דער סעמינאַריסט און דער גולן טשירקין -- אַלע האָבען זיי געזאַכט ניט קיין עסטעטיק, נאָר שטילע ווערטער פון ליבע און טרייסט.

פאַר די פיעל פרעגענדע האָט טאָלסטאָי געהאַט נור איין ענטפער: פאַנגט אָן פון זיך זעלבסט. זאָל זיך רעטען די איינצעלנע פערזענליכקייט און אַזוי ווי די געזעלשאַפט בעשטעהט פון אַזוינע איינצעלנע פערזענליכקייטען, טאָ קען זיך אויף אַזאַ אופן די גאַנצע וועלט רעטען.

*) דער וואָס גלויבט, אַז דער מענש האָט ניט קיין בחירה, אַז אַלץ איז בעשערט פון פריהער.

„אינמעגליך“—האָט געענטפערט די וויסענשאַפט, דער איצטיגער פּאָזיטיוויזם, דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען, — דער מענש איז גאָר ניט אויף אַזוי פיעל פריי, אַז ער זאָל טאָן, וואָס איהם הייסט דער גאָט פון זיין נשמה“.

מיר ווייסען, אַז טאָלסטאָי האָט זיך דאַן צעקריגט מיט דער וויסענשאַפט.

„שווער“, האָט געזאָגט דער מענש, איך ווייס ניט אייב ביי מיר וועט זיין אויף אַזוי פיעל כחות.

אין די גאַנצע מאָראַל, זיין גאַנצער פערזענליכער לעבען איז אָבגעגעבען געוואָרען נור אויף דעם, כדי צו בעווייזען, דאָס עס איז יאָ מעגליך. קיינער האָט נאָך ניט איפגעהויבען דעם מענשען אַזוי הויך, ווי טאָלסטאָי מיט זיין לעהרע, מיט זיין גלויבען און אויסבעסערען די וועלט דורך פערזענליכע גייסטיגע מיה. אויף זיך אַליין האָט ער דערוויזען, אַז ביסלעכווייז קען מען דערגרייכען דעם אידעאַל, צו וועלכען עס שטרעבען אייגענטליך אַלע.

צו איז ער געווען גערעכט? אפשר האָט ער טאַקי מגזם געווען און אַרויפגעוואָרפען אויף דעם מענשען אַ שווערע לאַסט, וועלכע עס איז אינמעגליך אויסצופיהרען?

ווען ער וואָלט ניט געווען גערעכט, וואָלט ער דאַן ניט געווען אַזוי טייער. די מענשהייט האָט אַ ריכטיגען חוש... אין איצטיגען יאָהר־הונדערט האָט נור טאָלסטאָי פערטיידיגט די אמת'ע נאַטור פון דעם מענשען, דאָס הייליגע אין אונז, דאָס געטליכע אין אונז, נור ער אַליין האָט אָהן אָנ'אויפהער גערעדט, דאָס דער שווערד איז אַ איבעריגער, דאָס עס איז לעבערליך די פערברעכענדע דורשטיגקייט אונזערע נאָך קלייבען, נאָך זאַמלען. ער, נור ער האָט ניט אויפגעהערט אָנצואווייזען אויף דער שענער גאָטס וועלט.

„געהט אין פעלד, געהט אין פעלד, בעפרייט זיך פון אייערע שווערע קליידער שווערע מנהגים, שווערע געדאַנקען, מעהר גלויבען אין זיך, איהר וועט אַ סך בעסער ווי די פּראָפעסאָרען ריידען אייך איין.

אין דעם דור פון שרעקליכער פערקנעכטונג פונ'ם מענשענס גייסט האָט געדאַרפט קומען דער גרויסער בעפרייער, וועלכער האָט צעריסען אַלע קייטען אין געזאָגט דעם מענשען: „די קענסט“. אין דעם איז טאָלסטאָי'ס קראַפט, אין דעם איז זיין ווירקונג אויף דעם איינצעלנעם און אויף דעם כלל.

ער האָט אָנגעשריבען טאַקי אַ סך ביכער. נאָר קענען דען אָט די אַלע ביכער איבערגעבען די לעגענדאַרע פּאָעמע פון זיין פערזענליכען לעבען, די פרעכטיגע שענהייט פון אַלע זיינע שטרעבונגען?

זיין לעבען איז זיין גרויסע בוך. דאָס גרעסטע בוך פאַר דעם לעצטען יאָהר־הונדערט. יעדעס בלאַט ברענגט אונז אין דער גרעסטער פערוואונדערונג. נאָר די טיעפסטע ליעבע און בעוואונדערונג ווערט אָבגעגעבען די בלעטער, וועלכע דערצעהלען אונז וועגען טאָלסטאָי דעם איטאָפּיסט, טאָלסטאָי דעם דענקער און מאָראַליסט. פון דעם מאָמענט, ווען ער איז געקומען צו זיך אין דאָרף, אין יאַסנאַיאַ־פּאָליאַנאַ, און האָט אָנגעהויבען לערנען מיט די דאָרף־קינדער, פון דעם מאָמענט אָן פאַרשטעלט דער מאָראַליסט דעם קינסטלער.

מיר װעלען אַלע בענקען נאָך דעם ערשטען מעהר װי נאָך דעם צװייטען. יאָרים מיר נױטיגען זיך אין דעם נביא מעהר װי אין דעם קינסטלער...

## IV.

## די לעגענדע װעגען גרינעם שטעקעלע.

דאָס, װאָס עס איז געװען שטערבליבעם אין טאָלסטאָיען, זיין גוף האָבען מענשען לייט זיין פערלאַנג בעהאַלטען אין דעם זעלבען אָרט, װאו טאָלסטאָי האָט אין די קינדהייטס-יאָהרען צוזאַמען מיט זיין ברודער פערגראָבען אַ גרינעם שטעקעלע. די קליינע קינדער האָבען געגלויבט, דאָס װען עמיצער װעט שפּעטער געפינען דעם שטעקעלע, װעט דאַן אויפשטעהן און פערװירקליכט װערען גאָט׳ס אמת אויף דער װעלט...

דאָרט, אייף דאָס אָבגעזונדערטע בערגיל, האָט טאָלסטאָי אַ נדר גענעבען, דאָרט האָט ער זיך פערשריבען אין דעם בעריהמטען אָרדען פון אמתזיבענדע און פּונקט װי ביי די אַמאָליגע ריטערן פון מיטעל-אַלטער פלעגט זיך אָנפאַנגען אַ נייעס לעבען נאָך זיין שװערען אויף דעם שװערד, נאָך דעם פערשרייבען זיך אין ריטטערשען אָרדען, פּונקט אַזוי איז טאָלסטאָי אייך פערכּשופט געװאָרען דורך דער שענער לעגענדע, אין דער בליק זיינער איז געװען נור געװענדעט אין זייט פון אייביגען אמת. ער װעט שוין ניט קאָנען שטעהן אין דער אַלטער פאַלשער װעלט, װעלכע האָט אין איהם איינגעפלאַנצט שלעכטע געװױנהייטען מילען די מענשען אויף אזוינע, װעלכע מען קען אָנרופען Comme il faut אין אַזױנע, װעלכע קאָנען ניט אונטערגעהן אונטער דעם בעגריף. מאָראַלע געדאַנקען, געדאַנקען װעגען העכסטע גערעכטיגקייט הערשען שוין איבער דעם ייִנגען טאָלסטאָיען און פריה, פריה, נאָך ביי די ערשטע טריט פון זיין געזעלשאַפטליכען לעבען, טרעפען מיר זיך שוין מיט דער זעלטענער אינערליכער אַרבייט, מיט דער זעלטענער מאָראַלער קראַפט. ניטאָ במעט אין גאַנצען לעבען טאָלסטאָיס איין מאָמענט אַזאַ, אין װעלכען טאָלסטאָיען זאָלען ניט פאַרנעהמען די פראַגען װעגען ציעל פון לעבען, װעגען טויט, װעגען גאָט. דעריבער איז אַזוי שװער אפילו פאַר די, װאָס װילען דאָס אָבטײלען טאָלסטאָי דעם קינסטלער פון טאָלסטאָיען דעם דענקער און מאָראַליסט. שטויסט אָב פון זיך אַלע פילאָזאָפישע װערק טאָלסטאָיס און געהט איבער נור צו די קינסטלערישע, אפילו נור צו די, װעלכע זענען אָנגעשריבען אין דעם ערשטען פעריאָד פון זיין לעבען, װעט איהר דאָך געפאַנגען װערען דורך מאָראַל, װעלכע איז געװען דער לייט-מאָטיװ פון זיין גרויסער נשמה.

אין איינע פון זיינע ערשטע ערצעהלונגען „קאַזאַקען" געפינען מיר פאָלגענדע געדאַנקען פון אָלענין:

„אין פּלוצלינג האָט זיך פאַר איהם װי אַ נייע װעלט געעפענט. גליק „איז אָט װאָס, — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט; — גליק איז אין דעם, צו

„לעבען פאַר אַנדערע. און דאָס איז קלאָר. אין דעם מענשען איז פערבאָרגען „די בעדערפניש אין גליק — הייסט עס אַלזאָ, אַז זי איז געזעצליך. בעפרי„דיגענדיג די בעדערפניש עגאָיסטיש, זיבענדיג פאַר זיך רייכקייט, כבוד, „לעבענס-בעקוועמהייטען, ליעבע, קענען זיך טרעפען אַזיינע בעדינגונגען, „וועלכע מאַכען פאַר אונמעגליך בעפרידיגען די פערלאַנגען. אַלזאָ זענען די „פערלאַנגען אונגעזעצליך, ניט די בעדערפניש אין גליק. וועלכע זשע פערלאַנגען „קענען שטענדיג בעפרידיגט ווערען, ניט קוקענדיג אויף אייסערליכע בע„דינגונגען? — ליעבע, זעלבסטאָפּפער! — ער האָט זיך אַזוי דער„פרעהט, פעראינרוהיגט, ענטדעקענדיג, ווי איהם האָט זיך געדוכט, דעם „נייעם אמת, דאָס ער איז אויפגעשפרונגען און מיט אונגעדילד אָנגעהויבען „זוכען, פאַר וועמען קאָן ער זיך פאַר אַנ'אָפּפער ברייגנען, ויעמען טוט מען „גוטעס, וועמען ליעב האָבען".

אייגענטליך קען מען גאָר ניט זאָגען, דאָס טאָלסטאָי איז פון איין וועג אַרויף אויף דעם צווייטען, דאָס עס איז פאָרגעקומען אַ פּלוצליכע קאַטאַסטראָפע, ניין, מיר שטעהען פאַר אַ געזעצליכע עוואָלוציע. טאָלסטאָי האָט זיין וועג ניר פערברייטערט, די געדאַנקען פערטיעפט. די אינסטינקטיווע בעדערפניש אַרויס-רייסען פון דער הייטענדער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט געטריבען אָלענינען אין קאַווקאַז, נעהמט אָן שפּעטער די פאָרם פון אַ גאַנצען סיסטעם געגען דער איצטיגער קולטור, און די ערוואַכונגס-מאָמענטען, ווען אָלענינען דוכט זיך, דאָס ער האָט געפונען אַ נייעם אמת, דעם אמת פון ליעבע, גיעסט זיך שפּעטער אויס אין אַ הייסע תּפילה, וועלכע טאָלסטאָי איז מתפּלל:

„איך וויס, דאָס דו, גאָט, ווילסט, אַז אַלע מענשען זאָלען ליעב האָבען „אײנער דעם צווייטען, אויך איך וויל אַלעמען ליעב האָבען און מיט קיינעם זיך „ניט קריגען".

וואיהין מיר זאָלען ניט אַ קוק טאָן, וואָסער בלאַט פון טאָלסטאָיס גרויסע ווערק מיר זאָלען ניט ליינען, וועט שטענדיג איבער אונז שוועבען דער גייסט פון ליעבע צו דער גרויסער וועלט גאָט'ס, צו אַלע זיינע בעשעפענישען, און אייב אַיך וועלען ניט געפעלען וועגען די וועגעטעריאַנישע אידעען טאָלסטאָיס, דער אָרט ווען ער בעשרייבט, ווי ער איז איין מאָל אין שעכטהויז געגאַנגען און געזעהען, ווי מען שעכט די אָקסען, ווי עס גיסט זיך בלוט און די בהמה קוקט מיט פאַרוואונדערטע גרויסע אומשולדיגע אויגען, אייב איהר וועט ניט אַ כּוון פאַרביגען אָט דעם אָרט, וואָרום ער שטערט אייער רוה, וואָרום, אים גאָטעס ווילען, איהר קליבט זיך דאָך ניט אַ וועגעטעריאַנער צו ווערען — טאָ איז דאָס אומזיכטע אַרבייט, וואָרום ביי דעם קינסטלער טאָלסטאָי זענען אויך דאָ די זעלבע מאָטיווען, די זעלבע געדאַנקען.

איהר הערט זיך ניר צו צו די געדאַנקען פון דעם נאַטור-מענשען, פון דעם ווילדען „דיאַדיא יעראָשקאַ", ער רעדט וועגען די חיות, וועלכע זענען קליגער פאַר דעם מענשען. „דו ווילסט זי הרגנ'ען, און זי וויל איבער דעם וואַלד „אַ לעבעדיגע אַרומגעהן. ביי דיר איז אַזאַ געזעץ און ביי איהר אַזאַ געזעץ. „אַ חזיר, און דאָך ניט ערגער פאַר דיר, — די זעלבע גאָט'ס בעשעפעניש,

„נאַריש איז דער מענש, נאַריש, נאַריש איז דער מענש! האָט עטליכע מאָל ווידערהאָלט דער אַלטער, און אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ פערטראַכט זיך.

אין דערנאָך, שפּעטער, ווען ער האָט זיך אויפגעהאַפּט, „האָט ער דעם קאָפּ אייפגעהייבען און געקיקט אויף די נאַכט־מעטעליקעס, וועלכע האָבען זיך געדרעהט איבער דעם ציטערענדען פייער פון ליכט און אויף איהם אַרויפגעפאַלען. נאַריזלע, נאַרעלע! האָט ער געזאָגט — וואוהין פליהסט דו? דו וועסט פערברענט ווערען, נאַרעלע! אָט אַהער פליה, דאָ איז אָרט גענוג, האָט ער ציגערעדט מיט אַ צערטליכער שטימע, סטאַרענדיג זיך מיט די גראָבע פינגער האַפּען איהרע פליגעלעך און אַרויסלאָזען". —

מיט איין וואָרט, מיר געפינען זיך אין דער קעניגרייך פון דער שענער לעגענדע וועגען „גריגעס שטעקעלע". טאָלסטאָי איז דער טרייער ריטער, ער הערט ניט אויף צו זוכען, ווארום אָן דעם ווענדט זיך די פערווירקליכונג פון אמת אויף דער וועלט; אַלץ, וואָס עס שטערט אָט די פערווירקליבונג, קאָן ער ניט אָנערקענען. טאָלסטאָי האָט ניט ליעב געהאַט, ווען מען פלעגט ריידען אַ מאָל וועגען עפּיס טאָלסטאָי'ס אַ סעקטע, וועגען עפּיס טאָלסטאָי'ס אַ בעזונדער גלויבען. איין גלויבען איז פאַראַן, האָט ער ליעב געהאַט שטענדיג דערמאָנען, איין געזעץ, וועלכער הערשט איבער אַלע רעליגיאָנען. אויף זיך האָט ער געקיקט ווי אויף אַ טרייען קנעכט, וועלכער געהט נאָך דעם געזעץ נאָך אין רופט אַנדערע אַהין. ער האָט ניט אייפגעבויט אַ נייעם בנין, ער האָט נור צונומען די ברעטער, פונאַנדערגעוואָרפען די שטיינער, וועלכע האָבען פון די מענשען די גאַנצע פראַכט פון בנין פאַרשטעלט. עמיצער שרייבט איהם, אַז אין מאַנטשעסטער אין ענגלאַנד האָט זיך געגרינדעט אַ נייע געזעלשאַפט און זי הייסט „טאָלסטאָי'ס געזעלשאַפט", — ער ענטפערט, דאָס ער קאָן ניט זיין קיין מיטגליעד פון אַזאַ געזעלשאַפט, פון אַן'אָבגעזונדערטע געזעלשאַפט, ער וויל ניט אייפהערען זיין אַ מיטגליד פון דער גרויסער גאָט'ס־געזעלשאַפט.

אין מאָראַל האָט ער קיין זאַך ניט אויסגעטראַכט, ער האָט נור ערפילט אין ווען ער האָט דערזעהן, דאָס צווישען דער הערשענדער מאָראַל פון לעבען אין די איבּיגע מאָראַל איז דאָ אַ ווידערשפּריך, איז ער ניט געגאַנגען אויף קיינע קאָמפּראָמיסען אין האָט געזאָגט: דאַרף מען, אַלזאָ, איבערמאַכען די אָרדנונג אין דער וועלט, זאָל זיך די אָרדנונג צו דער אייביגער מאָראַל צופּאַסען און ניט פאַרקעהרט.

ער האָט שפּאַצירט איינמאָל און געזעהן, ווי אַ שווייצאַר פון אַ רייכע הויז טרייבט אַוועק מיט אַ שטעקען אַן'אָרימאַן. טאָלסטאָי איז צוגעגאַנגען און געפרעגט: „האָסט יעזאַנגעליע געלעזען?" „און דעם איסטאַוו פון איטשאַסטאָק האָסט געלעזען"? איז געווען דער ענטפער פון שווייצאַר. צוויי וועלטען, צוויי אמת'ען, אָבער דער אמת איז איינער און דאַרף זיין איינער.

אין וועגען דעם האָט ער ניט אייפגעהערט ריידען מיט אַלעמען, צו אַלעמען. איהם איז להלוטין פרעמד געווען די מיינונג, דאָס אַזאַ און אַזאַ מענש, אַ דאַנק די געזעלשאַפטליכע ראָלע, וועלכע ער שפּיעלט, קען ניט אָננעהמען זיין אמת; טאָלסטאָי האָט געגלויבט אין די בעסטע נאַטור פון דעם מענשען,

אין זיינע וועגדרונגען זענען פול מיט ליעבע, מיט גלויבען סיי צום שווייצאַר, סיי צום מיניסטער, וועלכען ער שיקט העגרי=דזשאָרדזש'ס פראָיעקט וועגען אַגראַר=רעפאָרמען. ער האָט צוגעגעבען, דאָס מענשען קאָנען האָבען אַ טעית און געהן אין דער=פינסטער, נור ער האָט געגלויבט, דאָס אַלעמען איז נאַטירליך די שטרעבונג צו ליכט. דערפאַר איז איהם אַזוי געווען פרעמד צאָרן, כעס. פון די געפיהלען האָט ער זיך שוין לאַנג, לאַנג בעפרייט, וואָרום ער איז שוין געשטאַנען אויף דעם העכסטען, לעצטען טרעפ פון מענשענס שטרעבונגען און פון דאָרט, פון דער הייך האָט ער אויף אַלעמען געקוקט מיט ליעבע, מיט גרויס רחמנות.

אין די גרויסע וועלט האָט איהם מיט די זעלבע ליעבע געצאָהלט. וואָרום טאָלסטאי איז דער גרייסער נצחון פון דער מענשהייט, וואָרום ווי באַלד עס איז מעגליך געווען אַזאַ, טאָ וועט דער טיעפער פעסימיסט פיליכט דער=מאָנענדיג זיך אַביסעל ערמונטערען און עס וועט שוין ניט זיין אַזוי פערטרייערט די נשמה פון דעם איגגלייבענדען...

שמריהו גארעליק.

---

# פון דעם פירשט ניעכליודאוו'ס טאגע־בוך.

ליוצערן
(יאָהר 1857)

# ליוצערן.

דעם 8־טען יולי.

געכטען פאַר־נאַכט בין איך אָנגעקימען קיין ליוצערן און בין פערפאָהרען אין דעם שענסטען היגען האָטעל שווייצערהאָף.

„ליוצערן איז אַ פאַרצייטיגע קאַנטאָן־שטאָדט, זי ליגט ביי'ם ברעג פין דעם פיערוואַלדשטעטער זעע (אָזיערע). אַזוי שרייבט מ י ר ע. דאָס איז איינער פין די שענסטע ראָמאַנטישע ווינקלען אין דער שווייץ. דאָרט שניידען זיך דורך דריי הייפט־וועגען, אין אינגאַנצען אַ שעה רייזע מיט'ן שיף פין דאַנען, געפינט זיך דער באַרג ר י ג י, פין וועלכען עס עפענט זיך איינער פין די שענסטע אָנזיכטען אין דער וועלט."

צי דאָס איז אמת אָדער ניין, אַנדערע וועגיוויזער זאָגען אויך דאָס זעלביגע אין דעריבער געפינען זיך דאָ רייזענדער פין אַלע נאַציאָנען און איבערהויפט ענגלענדער אָהן אַ שיעור.

דאָס גרויסאַרטיגע פינף־שטאָקיג הויז פין שווייצערהאָף איז ניט לאַנג איינגעבויט געוואָרען און עס געפינט זיך ביים ברעג זעע. אויף דעם אָרט איז אַ מאָל, אין די אַלטע צייטען, געווען אַ געדעקטער גע־דרעהטער הילצערנער בריק און די ווינקלען מיט קלויסטערלעך און איקאָנעס ביי די זייטען. נאָר איצטער, אַ דאַנק דעם גרויסען אָנפאָהר פין די ענגלענדער, פאַר זייער נוצען, געשמאַק און געלד, האָט מען דעם אַלטען בריק צובראָכען און אויף זיין אָרט האָט מען געמאַכט אַ שטראַנד אין גלייך ווי אַ סטרונע ציהט ער זיך אין זיין גאַנצער לענג, און אויף אידם האָט מען אָנגעבויט פיערקיגע פינף־שטאָקיגע הייזער;

פאַר די הייזער צוויי שורות לינדענבוימלעך פערפלאַנצט, מיט דרענגלעך זיי אונטערגעשפּאַרט און צווישען די בוימלעך, ווי דער שטייגער איז' האָט מען אַוועקגעשטעלט גרינע געפאָרבענע בענק.

דאָ איז דער שפּאַצירגאַנג. דאָ דרעהען זיך אים הין און צוריק ענגלענדער, טראָגען אויף די קעפּ שטרויענע שווייצער־היט און גע־קליידעט אין ענגלישע בעקוועמע און שטאַרקע בגדים און קלייבען נחת פון זייער ערפינדונג. מעגליך, אַז אָט דיזער געקינסטעלטער שטראַנד און די הייזער און די לינדענבוימלעך און די ענגלענדער זענען זעהר פּאַסענד ערגעץ וואו אויף אַנ'אַנדער אָרט, נאָר ניט דאָ אין דער וואונדערליכער גרויסאַרטיגער און אין דער זעלבער צייט אינענדליך האַרמאָנישער און ווייכער נאַטור.

ווען איך בין אַרויף אויבען צו זיך אין צימער אַריין און געעפענט דעם פענסטער אויף דעם זעע אַרוים, האָט מיך אין דעם ערשטען אויגענבליק די וואונדערליכע שענהייט פין די וואַסער, פון די בערג און פון די הימלען איינפאַך פערבלענדעט און ציטומעלט. איך האָב דער־שפּירט אַ אינערליכע אונרוהיגקייט און מיין נשמה איז מיר מיט אַמאָל איבערפילט געוואָרען. דאָס אַלץ האָט זיך מיר געוואָלט מיט עפּיס אויס־דריקען, מיר האָט זיך אין דעם מאָמענט געוואָלט עמיצען שטאַרק, שטאַרק אומאַרמען, קנייפען זיין לייב, איבערהויפּט האָט זיך מיר אין יענער מינוט געוואָלט טאָן מיט איהם און מיט זיך עפּיס אַזוינס אונגע־וועהנליכעס.

ס'איז געווען אַרום זיבען פאַרנאַכט. אַגאַנצען טאָג האָט גע־רעגענט, נאָר איצטער האָט זיך אויסגעלייטערט. בלאָה ווי ברענענדיגער שוועבעל, און געפינטעלט מיט פיעל קליינע שיפלעך, וואָס זענען אין דער וויים פערשוואונדען געוואָרען, האָט זיך דער זעע גאַנץ אונבעוועגליך גלאַט אַרויסגעבויגען און אויסגעבריים פאַר מיינע פענסטער, און פון דאַנען וויים אַוועק, צווישען די פערשיידענאַרטיגע גרינע ברעגעס, אַרויסגעקליבען זיך אַלץ פאָראויס און צוזאַמענגעדריקט זיך דאָרט צווישען צוויי אָפּערגעבויגענע פעלזען־שטיקער, און דאָרט ווייטער זיך אָנגע־שלאָגען און פערפאַלען געוואָרען צווישען די אָנגעוואָרפענע איינס אויפ'ן אַנדערן בערג, וואָלקען און אייז־שטיקער. אויף דעם ערשטען פּלאַן בעוויזען זיך העל־גרינע פייכטע צי־וואָרפענע ברעגען מיט לאָנקעס, סעדער און זומער־וואוינונגען. ווייטער ערשיינען טונקעל־גרינע צוזאַמענ־

געוואַקסענע פעלזען מיט אַלטע אײַנגעפאַלענע שלעסער. און װײַטער די
אונענדליכע לילען=ווײַסע בערגיגע ווײַטקײַט מיט די וואונדערליכע פעל=
זיגע מאַט=ווײַסע, שניי=בעדעקטע בערג=שפּיצען; און דאָס אַלץ איז בע=
גאָסען מיט דער דורכזיכטיגער בלאָהער לופט און דורכגעוועבט מיט הייסע
שטראַהלען פון דעם זונענאונטערגאַנג, וועלכע רײַסען זיך פון הימעל
אַראָב. — ניט אויף דעם זעע, ניט אויף די בערג און ניט אויף די
הימלען, אין ערגעץ איז ניט צו מערקען קײן אײן גאַנצע ליניע, קײן
אײנפאַרביגקײט, קײן אויסגעמאָסטענקײט; אַלץ איז אין אַלײכטער בע=
וועגונג, אײן אונענדליכע אויסמישונג פון שאָטען און אַלערליי פאַרבען,
קאָלירען, און אין דערזעלבער צייט ליגט אויף דעם אַלעמען אַזאַ רוהיג=
קײט, אַזאַ גאַנצקײט, צערטליכקײט און שענקײט. און דאָ אָט צווישען
דער פערפלאָנטעטער פרייער שענהײט, אונטער מײן רעכטען פענסטער,
עפּיס אַזוי קונציג=נאַריש שטעכט די אויגען דער געקינצעלטער ווײַטער,
גלײַך אויסגעצויגענער שטראַנד, די לינדענבוימלעך מיט די אונטערגע=
שפּאַרטע דרענגלעך, און די גרינע בענקלעך. אָט די פּרעכע נאַרישע
מענשישע ערפינדונגען האָבען זיך ניט צוזאַמענגעגאָסען אינאײנעם מיט
דער גאַנצער האַרמאָנישער שענקײט ווי די ווײַטע אײַנגעפאַלענע שלע=
סער — נאָר פאַרקעהרט, האָבען אויסגעזעהן בלויז ווי אַ פּרעכער ווידער=
שפּרוך. ניט ווילענדיג, האָט זיך אָהן אויפהער מײן בליק אָנגעשלאָגען
אָן דעם גלײַכען געקינצעלטען ברעג, און אין געדאַנק מײנעם האָב איך
מיר געוואָלט פאָרשטעלען, אַז ער איז גאָר ניטאָ, פערניכטען איהם אָט
ווי דעם שוואַרצען פלעק, וואָס זעצט זיך דיר אַמאָל אָן אויף דער נאָז
אונטער'ן רעכטען אויג — נאָר דער שטראַנד מיט די שפּאַצירענדע
ענגלענדערינס זענען פאָרט אויף זײער אָרט געבליבען, און כ'האָב פאַר
מײן אויג געזוכט עפּיס אַנ'אַנדערען ווינקעל, וואו דעם בליק אָבצושטעלען,
פון וואַנען איך זאָל דאָס אַלץ ניט מערקען. איך האָב מיר צוגעוועהנט,
אַזוי ביז מיטאָגצײַט אַלײן צו בלײַבען און אַלײן מיט זיך געניסען פון
דעם פערגניגען, פון דעם ניט פילען און דאָך ביז מידקײט זיסען גע=
פיהל, וואָס דאָס האַרץ איבערפילט, ווען גאַנץ אַלײן, אײַנזאַם בלײַבסטו
מיט דער שענקײט פון דער נאַטור.

אַרום האַלב אַכט אַזײגער האָט מען מיך גערופען עסען מיטאָג.
אין אַ פּראַכטפאָל=אויסגעפּוצטען צימער אויף דעם אונטערשטען שטאָק,
זענען געגרייט געווען צוויי לאַנגע טישען אַמווענינגסטען פאַר אַ מאַן הונ=
דערט. אַ מינוט דריי האָט געדויערט אַ שטומע בעוועגונג צווישען די

געסט, וואָס האָבען זיך געקליבען. דער געריש פון די פרייען=קליידער, לייכטע טריט, ווער ס'האָט אין דער שטיל בעשטעלט עפּיס ביי אַיין עלעגאַנטען קעלנער; אין אַלע פּלעצער ביי'ם סערווירטען טיש זענען געווען פערנימען מיט מענער און מיט דאַמען, גאַנץ שען, זאָגאַר רייך און אונגעוועהנליך זייבער פערקליידט. און וויל די מעהרערע טייל געסט זענען געווען ענגלענדער, דעריבער האָט ביי'ם טיש געוועלטיגט אַ ערענסטקייט, אַ געזעצליבע אַנשטענדיגקייט. איינער אויפ'ן אַנדערען קוקט ניט, איינער מיט'ן אַנדערען לאָזט זיך אין קיין שביעות ניט אַריין. ניט פון שטאָלצקייט אָדער גאיה קומט עס, נאָר גלאַט אַזוי, מען נייטיגט זיך ניט ציניפגעהן, אָדער צינייפערען, גאַנץ איינזאָם האָט מען זיך הנאה אַליין פון זיך און צופרידען אַליין מיט זיך. פון אַלע זייטען בלאָנקען די ווייסע שפּיצען, ווייסע קראַגען, ווייסע נאַטירליבע, אָדער אַריינגעשטעלטע ציינער, הענד זייבער=ווייסע און קלאָר=ווייסע געזיבטער. נאָר די געזיכטער, וועלכע איניגע פון זיי זענען זעהר שען, דריקען אויס בלויז צופרידענקייט אַליין מיט זיך און קיין שום אינטערעס צום צווייטען, צום אַרומיגען. און די זייבער=ווייסע הענד, און פינגערליך בעצירטע, בעוועגען זיך בלויז צו פערהייבטען די קראַגענדליך, צו שניידען דאָס פלייש אויפ'ן טעלער, אָנגיסען ווין און קיין אינערליבע איפרעגונג שפּיגעלט זיך ניט אָב אויף די אַלע בעוועגונגען. אַ גאַנצע פאַמיליע וואַרפט זיך גאַנץ זעלטען דורך מיט אַ פּאָר ווערטער צווישען זיך שטיל וועגען דעם געשמאַק פון די אָדער יענע שפייז, פונ'ם ווין אָדער איבער דאָס שענע אָנזיכט פון דעם באַרג ריגי. איינזאַמע רייזענדער און רייזענדערינס זיצען איינזאַם שווייגענדיג און קיין בליק וואַרפט מען ניט איינער אויף דעם אַנדערען.

איבער צוויי פון די הונדערט רעדען עפּים צווישען זיך, איז עס געווים ווענען דעם וועטער אָדער וועגען דעם, ווי זיי האָבען אויפ'ן באַרג ריגי אַריינגעקלעטערט. די מעסער=גאָפּעל קוים=קוים וואָס זיי בעוועגען זיך אויף די טעלער. מען עסט שטיל און צו גאַנץ קליינע ביסעליך. אַייבעסליך און גרינס ווערט איינבעדינגט מיט גאָפּעל געגעסען. די קעלנער גיבען זיך ניט ווילענדיג אונטער דער אַלגעמיינער שטילקייט, פרעגען שעפּטשענדיג, וואָס פאַר אַ ווין מען הייסט דערלאַנגען? ביי אַזיינע מיטאָגען ווערט מיר שטענדיג זעהר שווער, אונאַנגענעהם און צום סוף שטאַרק אומעדיג. מיר דוכט זיך אַלץ אויס, אַז איך בין מיט עפּים שולדיג. מען האָט מיך בעשטראָפט ווי קינדהייט, ווען פאַר וועלכער ס'איז שטיפע=

דיי האָט מען מיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און איראָניש צו מיר געזאָגט: „איצטער, מיין פריינד, מעגסטו זיך אַ ביסעל אָברוהען !“, און אין יענער צייט שלאָגט אין מיינע אָדערלעך דאָס יונגע בלוט און פון צווייטען צימער טראָגען זיך די פרעהליכע געשרייען פון מיינע ברידער. כ׳האָב מיר פון אָנהייב בעמיהט אַליין צושטערען אָט די אַלע פערדריקטע געפיהלען, וועלכע האָבען מיר אַרומגעהאַפט ביי אַזיינע מיטאָגען, נאָר אומזיסט, די אַלע טייטע פנים׳ער האָבען אויף מיר אַזאַ שטאַרקע ווירקונג און איך בלייב אייך אַזוי זיצען ווי אַ טייטער. מיר ווילט זיך קיין זאַך ניט. איך טראַכט ניט, קוק מיר אפילו ניט צו, צו דעם אַלעמען אַרום מיר. פון אָנהייב האָב איך געפרובט מאַכען אַ שמועות מיט וועלכען ס׳איז פון מיינע שכנים, נאָר אייסער די פראַזען, וואָס האָבען זיך שוין געווים הונדערט טויזענד מאָל איבערגעחזר׳ט אויף דעם אָרט פון אָט די זעלבע מענשען, האָב איך קיין אַנדער זאַך פון זיי ניט געהערט. און מערקווירדיג, אָט די אַלע מענשען זענען דאָך קיין טפשים ניט. מענשען מיט הערצער און מיט געפיהלען. און פיעל פון די דאָזיגע געפרירענע מענשען זענען דאָך מיט אַזיינע נשמות ווי איך, מיט אַזאַ אינערליך לעבען ווי איך, און ביי אייניגע פון זיי, קען דאָך זיין, איז די נשמה נאָך פיעל טיפער און אינטערעסאַנטער — טאָ וואָרום רייבען דיזע מענשען ביי זיך איינע פון די בעסטע תענוגים אין לעבען, ציפרעהען זיך אין פערגניגען האָבען איינער פון דעם צווייטען ?

גאַנץ אַנדערש פלעגט עס צוגעהן אין אינזער פאַריזער פאַנסיאָן, וואו מיר פלעגען זיך צוזאַמענקלייבען, אַ מאַן צוואַנציג מענשען פון פערשידענע נאַציאָנען, פערשיידענע בעשעפטיגונג און פערשיידענע כאַראַקטערען, אינטער דער ווירקונג פון דער פראַנצויזישער געזעלאָזענקייט, האָבען מיר זיך צום אַלגעמיינעם עסענטיש געקליבען ווי צו עפיס אַ לוסטיגע שפיל. דאָרטען פלעגט זיך באַלד פון איין עק טיש צום צווייטען פערבינדען אַ פרעהליכער שמועות, פרעהליכע גלייכווערטלעך זענען געפלויגען גאַנץ אָפט אויף אַ שלעכטער צובראָכענער שפראַך. און דער פרעהליכער שמועות איז געווען איין אַלגעמיינער. דאָרטען, ווי נאָר דער מיטאָג האָט זיך געענדיגט, האָט מען אָבגערוקט אין אַ זייט די לאַנגע טישען און אויף די שטייבינגע טעפיכער האָט זיך דער עולם, ווער אין טאַקט און ווער ניט, גלאָזט טאַנצען אַ פאָלקע ביז ס׳איז רעכט נאַכט געוואָרען. האָטש דאָרט האָבען מיר זיך קאָקעטיש אויפגעפיהרט, ניט אינגאַנצען מיט שכל, ניט אָנשטענדיג — נאָר דאָך זענען מיר געווען מענשען.

די שפּאַנישע גרעפין מיט איהרע ליבעס־געשעהנישען, דער איטאַליענישער גייסטליכער, וואָס האָט ליעב געהאַט נאָך מיטאָג צו דעקלאַ־מירען פון דאַנטע׳ס „געטליכע קאָמעדיע“, דער יונגער דראַמאַטורג מיט לאַנגע האָר און די יונגע פּיאַניסטין, וועלכע, לויט איהרע ווערטער, האָט זי פערפאַסט די שענסטע פּאָלקע אין דער וועלט, און די אומגליקליכע שענע אלמנה, וואָס טראָגט צו דריי פינגערלעך אויף יעדען פינגער בע־זונדער — מיר אַלע, האָטש אויבערפלאַך, דאָך מענשליך און פריינדליך האָבען מיר זיך געצויגען איינער צום אַנדערען אין יעדערער פון אונז האָט מיט זיך אַוועקגעפירט ווער לייכטערע און ווער הערצליכע ערענסטערע זכרונות.

מיר איז געוואָרען אומעדיג, ווי שטענדיג ביי אַזוינע מיטאָגען, און איבערלאָזענדיג דעם דעסערט האָב איך מיר מיט אַ גאַנץ שלעכטע שטימונג אויפגעהייבען און געלאָזט זיך געהן איבערן שטאָדט. די שמאָלע, שמוציגע גאַסען, אָהן בעלייכטונג, די קרעמלעך, וואָס האָבען זיך שוין געהאַלטען ביי׳ם פערמאַכען, בעגעגנישען פון שכור׳ע אַרבייטער און פרויען, וואָס געהן נאָך וואַסער, אָדער אַזוי פרויען אין געמיינע היט אויפ׳ן קאָפּ, וואָס קוקען אויף אַלע זייטען און גנב׳נען זיך דורך די הינטער־געסלעך — דאָס אַלין האָט ניט צושטרייט מיין שווער געמיט, אדרבה, דערפון איז מיר נאָך שווערער געוואָרען. אויף דער גאַס איז שוין געווען פינסטער, ווען איך האָב, ניט קוקענדיג אַרים זיך, אָהן קיין שום גע־דאַנקען אין קאָפּ, זיך געלאָזט געהן אַ היים, האָפענדיג, אַז דער שלאָף וועט מיך בעפרייען פון דער פינסטערער שווערער שטימונג. מיר איז גע־וואָרען שרעקליך קאַלט אין מיין נשמה, שווער און עלענד, ווי עס טרעפט זיך אַ מאָל גאָר אָהן קיין סבה, ווען מען פאָהרט איבער אויף אַ ניי אָרט.

איך האָב וויטער פון מיין איינענעם טריט ניט געקוקט און גע־גאַנגען מיט׳ן שטראַנד צום שווייצערהאָף. פּלוצלינג האָבען מיך איבער־ראַשט קלאַנגען פון עפּיס אַ מאָדנע, און דאָך אַיינגענעמע און ליבע מיזיק. די קלאַנגען האָבען מיט אַ מאָל אין מיר לעבען אַריינגעגאָסען, ווי עפּיס אַ פרעהליכע ליכטיגקייט האָט זיך אין מיין נשמה אַריינגעריסען. מיר איז געוואָרען אַזוי גרינג און פרעהליך. מיין פערשלאָפענער געדאַנק האָט זיך ערוואַכט און ווידער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַלץ וואָס אַרום מיר. און די שענקייט פון דער נאַכט און פון דער זון, צו וועלכע איך בין פריהער

אַזוי גלייכגילטיג געווען, האָט מיך פּלוצלינג ווי עפּיס אַ נייס פּאַר מיר איבערראַשט. און איין אייגענבליק, גאָר ניט ווילענדיגהאָב איך שוין צייט געהאַט צו בעמערקען דעם פערוואָלקענטען מיט גראָהע וואָלקענשטיקער אויף דער בלאָהקייט און פון דער אויפגעהענדער לבנה בעלויכטענעם הימעל, די טונקעל־גרינע אָזערע און די פייערלעך, וואָס שפּיגלען זיך אויף איהר אָב, די פינסטערע בערג פון דערוויטען און דאָס געשריי פון די פרעש וואָס טראָגט זיך פון פרעשענבורג און דער טוי־פייכטער פייף פון די וואַכטלען (פערעפּיעל), וועלכע פליהען פון דעם צווייטען ברעג אַהער. און גלייך אַנטקעגען מיר, אָט פון דעם אָרט, פון וואַנען עס האָבען זיך געטראָגען די קלאַנגען און וואוהין מיין געדאַנק האָט איצטער געשטרעבט, האָט זיך פאַר מיר דערוויזען שיין אין דער פינסטער אַ עולם מענשען, וואָס איז האַלבקייליגדיג געשטאַנען געדריקט איינער צום אַנדערען, און אַנטקעגען דעם עולם, אַביסעל ווייטער אָבגעטראָטען, האָב איך בעמערקט אַ קליין מענטשעלע אין שוואַרצען געקליידט. הינטער דעם עולם און דאָס מענשעלע אויף דעם דונקעלען גראָהע און בלאָהע צוריסענעם הימעל האָט זיך אַרויסגעטיילט עטליכע שוואַרצע ביימער־גרופּען פון אַ גאָרטען און פון ביידע זייטען האָבען זיך מאַעסטעטיש אַרויסגעהויבען צוויי שטרענגע טורם־שפּיצען פון אַ פּאַרצייטיגען גרייסען קלויסטער.

איך בין נאָהנטער צוגעגאַנגען און די קלאַנגען זענען מיר דייטליכער געוואָרען. איך האָב דייטליך דערקענט פונדערווייטען וויגענדיג זיך אין דער אָבענד ליפט, פולע אַקאָרדען פון אַ גיטאַרע און עטליכע מענשען־שטימען, וועלכע, איינע דער אַנדערער איבערשלאָגענדיג, האָבען ניט געזונגען די הויפּט־מעלאָדיע, נאָר אינטערהאַפּענדיג די בולט׳ע ערטער אירדע האָבען זיי איהר געמאַכט שטאַרקער און געגעבען זי מעהר צופיהלען. די הויפּט מעלאָדיע איז געווען עפּיס אַ מין זיסע גראַציעזע מאַזורקע. און די שטימען האָבען זיך געלאָזט הערען אַ מאָל ווי פון דער ווייטען און אַ מאָל פון נאָהנטען, דאָ הערט זיך אַ טענאָר און באַלד אַ באַס און פּליצלינג געדרט עס איבער און האַלז אַריין און אַ פייפעריי און געוואָרקעט ווי די טיראָלער און פערשיידענע קלאַנגען זיך איבערגיסענדיג. דאָס איז ניט קיין מעלאָדיע געווען, נאָר גיכער עפּיס אַ מייסטער־עסקיז פון עפּיס אַ ליעד. איך האָב ניט גוט פערשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, נאָר דאָך איז עס פּראַכטפאָל שען געווען.

די שטילע רייצענדע גיטאַרע־אַקאָרדען, די ליבטע זיסע מעלאָדיע

און די עלענדע פיגור פון דעם קליין מענשעלע אַט דאָ און דעם פאַנטאַסטישען ווינקעל, נעבען דער טונקעלער זעג לבנה־שיין, פון צווישען די וואָלקענשטיקער און אַט דער גאָרטען מיט די צוויי מאַיעסטעטיש אַרויסגעהויבענע טורעם־שפּיצען — דאָס אַלץ איז עפּיס אַזוי וואונדערליך געווען, גאָר אומענדליך שען. אָדער מעגליך, אַז מיר האָט זיך עס נאָר אַזוי פאָרגעשטעלט. אַלע פערפלאָנטערטע שווערע לעבענס־אײַנדריקע האָבען פאַר מיר בעקומען אַ בעדייטונג און ריין. און מיין נשמה האָט ווי עפּיס אַ פרישע שמעקענדיגע בלום אויפגעבליהט. אנשטאָט דער דער מידקייט און גלייכגילטיגקייט, וועלכע איך האָב ביז איין מינוט פריהער געפיהלט צו אַלץ וואָס איז דער וועלט, האָב איך פּלוצלינג דערשפּירט, אַז מיין האַרץ איבערפילט די האָפנונג, עפּיס ווילט זיך עמיצען ליבען און גאָר אָהן קיין שום סבה זיך פרעהען מיט'ן לעבען. וואָס זאָל איך נאָך וועלען און וואָס זאָל איך נאָך גליסטען? און איך האָב מיר אַליין געזאָגט: אָט רינגעלט דיך אַרום פון אַלע זייטען פּאָעזיע און שענקייט. אָטעם טיעף און ברייט און ציה זי אין זיך אַריין גאַנצע וועלטען שענקייט אויף וויפיל כח ס'וועט דיר קלעקען — שעפּ תענוג און פערגניגען — וואָס נאָך בעדאַרפסטו דען! אַלץ איז דאָך דיינס, אַלע פערגניגענס דיינע.

איך בין גאָר נאָרנט צוגעגאַנגען. ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזען, איז דאָס קליין מענשעלע געווען אַ טיראָליער וואַנדערער, ער איז געשטאַנען פאַר די פענסטער פונ'ם האָטעל און פיס אויף פאָרענט אויסגעשטעלט און דער קאָפּ און דער בויך פאַרריסען צומבלענדיג. אויף דער גיטאַרע און מיט פערשיידענע קולות האָט ער אויסגעזונגען זיינע אַגרעניעז לידעל. איך האָב אייך דערפיהלט עפּיס אַליבשאַפט אָט צו דעם מענשען און אין האַרצען איהם דאַנקבאַר געווען פאַר דער איבעריקהערניש, וואָס ער האָט ביי מיר און נשמה מיט אַמאָל געמאַכט. דער זינגער איז געווען געקליידט, אויף וויפיל איך האָב געקענט מערקען, און אַן'אַלטען שוואַרצען סירטוק, זיינע האָר שוואַרצע אונטערגעשאָרענע און אויף'ן קאָפּ אַגאַנץ איינפאַכע אַלטע בעל־הבתישע היטעל. און זיין קליידונג איז גאָר קיין אַרטיסטישעס ניט געווען צו מערקען, נאָר זיין וואַיילערישע קינדעריש־פרעהליכע פּאָזע און בעוועגונג און זיין קליינינקער וואוקס — דאָס אַלץ אינאיינעם האָט געשאַפען עפּיס אַריהרענדע, און אין דער זעלבער צייט אַפרעהליכע סצענע. אינ'ם אַריינפאָהר, אין די פענסטער און אויף די באַלקאָנען פון דעם רייך בעלויכטענעם האָטעל זענען געשטאַנען גלענ־

צענדע איבגעפּוצטע ברייטע פּריצטעס, הערדען מיט שנעע־ווייסע קראַ־גענס, אַ שווייצער און אַ לאַקאַי, מיט גאָלד איבגענעטע ליווערעען *). אויף דער גאַס און אין דעם האַלבקיילעכדיג צוגייפּגעפּרעסטען עולם און אַ ביסעל ווייטער צווישען די לינדענביימלעך זענען געשטאַנען קעלנער און קיבערס און זייערע בלאַנק־ווייסע מיצלעך און רעקלעך, מיידלעך געע־אַרעמטע און אַזוי גלאַט שפּאַצירענדע. און ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז אַלע שפּירען איצטער דאָס זעלבע וואָס איך, אַלע זענען שווייגענדיג אַרום דעם זינגער געשטאַנען און האָבען זיך מיט כּונה צוגעהערט. אַלין אַרום האָט שטיל געשוויגען, נאָר ווען דאָס ליעד האָט זיך איבערגעריסען, האָט זיך ערגעץ פונדערווייטען דערטראָגען אַ גלייכמאָסיגער קלאַפּען פון אַ האַמער און פון פרעשענבורגער זייט האָט זיך געטראָגען איבער־געריסענע טרעלען פון די פרעש איבערשלאָגענדיג זיך מיט דעם איינ־שטימיגען פּייף פון דעם וואַכטעל. דאָס קליין מענשעלע און דער פינסטערניש, און מיטען גאַס, דאָט זיך צילאָזען אייפ׳ן האַלז ווי אַסאַלאָוויי, איין קופּליעט נאָך דעם אַנדערען, איין ליד נאָך דער אַנדערער. און האָטש איך בין צוגעגאַנגען גאָר נאָהנט צו איהם, דאָך האָט זיין זינגען מיר אַלין פערשאַפט אַגרויסען פערגניגען. און די ניט קיין גרויסע שטימע זיינע איז געווען בעזונדערס איינגענעהם. די צערטליכקייט און די אויס־געמאָכטענקייט, מיט וועלכע ער האָט געוועלטיגט איבער זיין קליינער שטימע, איז געווען גאָר אונגעוועהנליך און ס׳האָט בעוויזען אויף זיין נאַטירליכען כשרון. צו יעדען קופּליעט בעזונדער האָט ער יעדעס מאָל גאַנץ אַנדערש צוגעזונגען, און מען האָט געקענט מערקען, אַז די אַלע גראַציעזע ענדערונגען און זיין שטימע קומען איהם אָן אַזוי לייכט, און איין אויגענבליק געשעהט עס ביי איהם.

צווישען עולם, אייבען און שווייצערהאָף, און דאָ אונטען אויפ׳ן בולוואַר, האָט מען געקענט הערען אַ צופרידענעם שעפּטשען און דאָס שווייגען איז געווען מיט דרך ארץ. אויף די באַלקאָנען און אין די פענסטער איז אַלין מעהר און מעהר צוגעקומען אויסגעפּוצטע, קינסטלעריש אין דער בעלייכטונג אויף די עלענבויגענס אָנגעשפּאַרטע, מענער און פרויען. די שפּאַצירענדע האָבען זיך אָבגעשטעלט, און אין דעם שאָטען אויפ׳ן טראָטואַר איבעראום בינטלעכווייז נעבען די לינדענביימלעך, זענען

*) בגדים פון אַלאַקײ.

געשטאַנען מענער און פרויען. נעבען מיר, רויבערענדיג סיגאַרען זענען געשטאַנען אַ ביסעל אָן אַ זייט פון דעם גאַנצען עולם, שוין מעהר אַריס־טאָקראַטישע, אַ לאָקײ מיט אַ קובער. דער קובער, ווי עס ווייזט אויס, האָט שטאַרק געפיהלט דעם רייץ פון דער מוזיק און ביי יעדען הויבען טאָן, וואָס דער זינגער האָט אויפ׳ן האַלז ווי אויסגעפייפט, האָט ער ענטציקט און מיט פערוואונדערונג מיט׳ן גאַנצען קאָפּ געוואונקען צום לאַקאַי און געשטויסען איהם מיט׳ן עלענבויגען, מיט אַזאַ אויסדריק ווי איינער זאָגט: נו, וואָס זאָגסטו אויף אַזאַ געזאַנג, האַ? נאָר דער לאַקאַי, נאָך דעם שמייכעל, וואָס האָט זיך אויף זיין פּנים צושוואומען, האָב איך דערקענט זיין גאַנצען פערגניגען און אויך די שטויסען, וואָס ער האָט בעקומען פונ׳ם קובער, האָט ער נאָר געקוועטשט מיט די אַקסלען, וואָס דאָס האָט געהייסען, אז איהם איז גאַנץ שווער צו איבערראַשען און אַז ער האָט שוין געהערט אַ ביסעל שענערס און בעסערס פון דעם.

ווען דער זינגער האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעהערט צו זינגען און אָבגעהוסט, האָב איך געפרעגט ביים לאַקאַי, ווער ער איז אַזוינער און צו קומט ער אָפט אַהער צוגעהן.

— אין פערלויף פון זומער קומט ער אַ מאָל צווי אַהער. האָט געענטפערט דער לאַקאַי, ער איז פון אַרגאָוויע. אַזוי בעטעלט ער.

— געהען דאָ אַרום אַפילו אַזעלכע? האָב איך איהם געפרעגט.

— יאַ, יאַ, האָט ער געענטפערט, ניט פאַרשטעהענדיג מיט אַ מאָל וואָס איך האָב ביי איהם געפרעגט; נאָר שפּעטער, בעגעהמענדיג מיין פראַגע האָט ער צוגעגעבען: אָ, ניין! דאָ קען איך אַ זעלכען בלויז איהם איינעם, מעהר זענען ניטאָ.

אין דער צייט האָט דאָס קליין מענשעלע געענדיגט זיין ליעד, פלינק אַ מאַך געטאָן מיט זיין גיטאַרע און ווי אַליין פאַר זיך עפּיס אויף זיין דייטשער שפּראַך געזאָגט, וואָס איך האָב ניט געקענט פאַרשטעהן, נאָר ביי׳ם גאַנצען אַרומיגען עולם האָט עס אַרויסגערופען אַ גרויס געלעכטער.

— וואָס זאָגט ער עס אַזוינס? — האָב איך געפרעגט.

— ער זאָגט, אַז אין האַלז איז איהם שוין טרוקען געוואָרען און

ער יזאָלט גערן אַ ביסעל וויין געטרונקען — האָט מיר פערטייטשט דער לאַקאַיי, וואָס איז געבען מיר געשטאַנען.

— ער האָט געוויס ליב צו טרינקען?

— דאָס זענען זיי אַלע אַזוינע — האָט דער לאַקאַיי געענטפערט אַ מאַך־טאָהנדיג מיט דער האַנד אויף איהם.

דער זינגער האָט אַראָפּגענומען זיין היטעל, בעוועגענדיג מיט זיין גיטאַרע האָט ער זיך דערנעהנטערט צום הויז, פערנייסענדיג זיין קאָפּ האָט ער זיך געווענדעט צו די הערען, וואָס זענען געשטאַנען אין די פענסטער און אויף די באַלקאָנען.

— מיינע הערען אין מיינע דאַמען! — האָט ער אויסגערעדט מיט אַ האַלב איטאַליענישען אין האַלב דייטשען אַקצענט און עס אַזוי געטאָנירט, ווי עס ווענדען זיך קונצענמאַכער צום פּובליקום — אויב איהר מיינט, אַז איך פערדין וואָס, האָט איהר אַטעות; איך בין ניט מעהר ווי אַן אָרימער טייוועל.

ער איז געבליבען שטעהן, געשוויגען אַביסעל, נאָר וויל קיינער האָט איהם גאָר ניט געגעבען, האָט ער ווידער אויפגעהויבען זיין גיטאַרע און געזאָגט:

— איצטער, מיינע הערען, וויל איך אייך זינגען אַ ליד וועגען דעם באַרג ריגי.

דאָס פּובליקום אייבען האָט געשוויגען אין געוואַרט, ער זאָל ווידער אָנהייבען זינגען. אין אונטען צווישען עולם האָט זיך געלאָזט הערען אַ געלעכטער, ווייזט אויס פון זיין אויסשפּראַך אָדער דערפון וואָס קיינער האָט איהם גאָר ניט געגעבען. איך האָב איהם געגעבען עטליכע סענטים. ער האָט זיי אַזוי פלינק איבערגעוואָרפען פון איין האַנד אין דער צווייטער, בעהאַלטען זיי אין זיין זשילעט־קעשענע, האָט אָנגעטאָן זיין היטעל און ווידער גענומען זינגען אַ גראַציעז זיסע טיראָליער לידעל, וועלכעס ער האָט אָנגערופען „דאָס ליד פון ריגי“.

אָט דאָס לידעל, וואָס ער האָט געלאָזען אויף צום לעצטען, איז געווען נאָך פיל בעסער פון די אַלע פריהערדיגע. און פון אַלע זייטען, פון דעם צוגעקומענעם עולם, האָט זיך געלאָזט הערען צופרידענע אויסגעשרייען.

ער האָט געענדיגט. ער האָט ווידער אַ מאַך געטאָן מיט זיין

גיטאַרע, איינגעטאָן זיין היטעל, זיך אַרויסגעשטעלט אויף פאָרענט, נאָך מיט אַ פּאָר טריט נעהנטער צוגעגאַנגען צום הויז און ווידער אָנגעהויבען זאָגען זיין אונפערשטענדליכע פראַזע: „מיינע הערען און מיינע דאַמען, אויב איהר מיינט, אַז איך ערדין וואָס", זעלבע, ווי עס שיינט, ער האָט געהאַלטען פאַר זעהר געלונגען און שאַרפזיניג. נאָר אין זיין שטימע און אין זיינע בעוועגונגען האָב איך איצטער בעמערקט עפּיס אַ קינדערישען פּחד, וואָס האָט מערקווירדיג געפּאַסט צו זיין קליינעם וואוקס.

דאָס עלעגאַנטע פּובליקום איז זיך נאָך אַלץ אַזוי קינסטלעריש אין דעם ליכט פון די פייערן געשטאַנען אין די פענסטער און אויף די באַלקאָנען און געגלאַנצט מיט זייערע רייכע קליידער: אַנדערע האָבען אַזוי איינגעמאַסטען, מיט אַן׳אָנשטענדיגער שטימע גערעדט איינער מיט׳ן אַנדערען. ווי עס ווייזט אויס, איז די רעד געווען איבער דעם זינגער, וועלכער איז מיט אין איינגעשטרעקטע האַנד געשטאַנען פאַר זיי. אַנדערע האָבען נייגעריג אַראָבגעקוקט צו דער שוואַרצער קליינינקער פיגור. אויף איין באַלקאָן האָט זיך געלאָזט הערען אַ פרעהליכער קלינגענדער געלעכטער פון אַ יונג מיידעל. אונטען ביים עולם האָט זיך אַלץ שטאַרקער געהערט רעדען און היקן׳.

דער זינגער האָט אַ דריטען מאָל איבערגע׳חזר׳ט זיין פראַזע, דאָס מאָל נאָך מיט אַ שוואַכערער שטימע — זי אפילו ניט ענדיגענדיג, ער האָט ווידער אויסגעצויגען די האַנד מיט׳ן היטעל, נאָר באַלד האָט ער זי צוריק אַראָבגעלאָזען, און שוין אַ צווייטען מאָל — פון דעם גאַנצען רייכגעקליידעטען עולם, וואָס האָט זיך דאָ צונויפגעקליבען איהם הערען, האָט איהם קיינער אפילו קיין גראָשען ניט געוואָרפען. דער עולם האָט אָהן רחמנות געלאַכט. דער קליינינקער זינגער, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, איז נאָך קלענער געוואָרען, ער האָט אין דער צווייטער האַנד איבערגעלעגט זיין גיטאַרע און אויפהייבענדיג זיין היטעל איבער׳ן קאָפּ האָט ער געזאָגט:

— „מיינע הערען און מיינע דאַמען, איך דאַנק אייך און ווינש אייך אַ גוטע נאַכט."

און ער האָט זיין היטעל צוריק אָנגעטאָן.

דער עולם האָט זיך נאָך שטאַרקער פרעהליך צולאַכט אויפ׳ן הויכען קול.

פֿון די באַלקאָנען האָבען ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו פערשווינדען די רייכע דאַמען מיט די רייכע הערען, שמיעית׳ענדיג גאַנץ רוהיג צווישען זיך. איינ׳ן בילוואַר האָט זיך ווידער דאָס שפּאַצירען בעגייט. די גאַס, וואָס האָט די גאַנצע צייט פֿון זיין שפּילען שטיל געשוויגען, האָט ווידער אָבגעלעבט. בלויז עטליכע מענשען, וועלכע זענען צו איהם ניט צוגעגאַנגען נאָהנט, זענען געשטאַנען פֿון וויטען, געקוקט אויף דעם זינגער און געלאַכט.

איך האָב געהערט ווי דאָס קליין מענשעלע האָט עפּיס ווי אַליין פֿאַר זיך גערעדט אונטער׳ן נאָז, ער האָט זיך אייסגעדרעהט און עפּיס ווי ווערענדיג נאָך קלענער, האָט ער מיט שנעלע טריט זיך געלאָזט געהן צום שטאָדט צו. די פרעהליכע לייט, וואָס האָבען די גאַנצע צייט געקוקט אויף איהם פֿינדערווייטענס, האָבען זיך געלאָזט געהן נאָך איהם און געלאַכט.

איך האָב זיך גאָר פערלאָרען, כ׳האָב ניט פערשטאַנען, וואָס בעדייט עס אַלץ, און שטעהענדיג אַזוי אויף איין אָרט האָב איך גאָר אָן אַ זייט געקוקט אין דער פֿינסטערניש צום קליינעם מענשעלע, וועלכער לאָזט זיך שנעל מיט נאָך ברייטערע טריט צום שטאָדט, און אויף די פרעהליכע לייט, וואָס געהען איהם נאָך. מיר איז מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי שווער און ביטער, איבערהייפּט איז מיר אַ שאַנד געוועזען פֿאַר דעם קליין מענשעלע, פֿאַר דעם עולם, עפּיס פֿאַר זיך אַליין, גלייך ווי איך אַליין האָב געבעטען געלד און קיינער האָט מיר ניט געגעבען, און פֿון מיר האָט מען עס חוזק געמאַכט. ניט אומקוקענדיג זיך און מיט אַ פערקלעמט האַרץ, בין איך מיט שנעלע טריט אַוועק צו זיך אַהיים, צום גאַניק פֿון שווייצערהאָף. איך האָב מיר קיין רעכענונג ניט אָבגעגעבען פֿון דעם אַלעמען, וואָס איך האָב איבערגעפֿיהלט; נאָר עפּיס שווערעס, גאַנץ אינערקלערטעס האָט מיין נשמה איבערפֿילט און שטאַרק געדריקט.

אין דעם פֿראָבטפּילען, בעלייכטענעם אַריינגאַנג האָב איך בעגעגענט דעם שווייצאַר, וועלכער האָט פֿאַר מיר העפֿליך אַ וואַרע געמאַכט, אין אַנ׳ענגלישע פֿאַמיליע. אַ פעסטער, שענער און הויבער הערר מיט שוואַרצע ענגלישע באַקענבערד און אַ שוואַרצען הוט און מיט אַ פּלעד איינ׳ן האַנד, און וועלכער ער האָט געהאַלטען אַ ר י י ב ע ן ב י י ט ש ע ל, איז זיך זיבער און אָנגעצייגען געגאַנגען געאַרעמט מיט אַ דאַמע אין

אַ זיירענער קלייד, אויפ׳ן קאָפּ אַ הייב מיט בלישטשעדיגע סטענגעס און פרעכטיגסטע שפּיצען. נעבען זיי איז געגאַנגען אַ שען פרייליין אין אַ גראַציעזען שווייצער־הוט מיט אַ פּעדער אַלאַ מוסקעטער, פון אונטער וועלכער ס׳זענען געפאַלען אַרום איהר ווייסענקען געזיכט לאַנגע ווייכע העלבלאָנדע לאָקען. פּאָראויס איז זיך שפּרינגענדיג געגאַנגען אַ צעהן־יאָהרעדיגעס מיידעלע מיט אַ פריש ראָז געזיכט און מיט פולע ווייסענקע פיס, וואָס האָט זיך פון אונטער די דינע שפּיצען אַרויסגעזעהן.

— וואָס פאַר אַ פּרעכטיגע נאַכט, — האָט די דאַמע אַרויסגערעדט מיט אַ זיסע און גליקספילע שטימע, אין דעם מאָמענט ווען איך בין דורכגעגאַנגען.

— אָ! — האָט פייל אַ ברום געטאָן דער ענגלענדער, וועלכען, ווי עס שיינט, איז זעהר גיט געווען צילעבען אויף דער וועלט, אַז איהם האָט זיך אַפילו רעדען ניט געוואָלט. און מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַז זיי אַלעמען איז אַזוי בעקוועם, אַזוי רוהיג, און זייבער צילעבען אויף דער וועלט, — און זייערע בעוועגונגען און אויף זייערע געזיכטער האָט זיך אויסגעדריקט אַזאַ גלייכגילטיגקייט צום צווייטענס לעבען, אַזאַ זיכערקייט אין דעם, אַז דער שווייצאַר וועט זיי מאַכען אַ וואַרע און נידריג זיך בייגען פאַר זיי, און ווען זיי וועלען זיך אומקעהרען צוריק, וועלען זיי געפינען זויבערע צימערען און זויבערע, רוהיגע געלעגערס, און אַז דאָס אַלץ בעדאַרף אַזוי זיין און אַז אויף דעם אַלעמען האָבען זיי פולע רעכטע. און איך האָב ניט ווילענדיג זיי פערגלייכט מיט דעם אָרימען זינגער, וועלכער איז אַ מידער, און מעגליך נאָך אַ הונגעריגער, אַנטלאָפען אַ פערשעמטער פון דעם עולם, וואָס האָט איהם אויסגעלאַכט. — איך האָב איצטער פערשטאַנען, וואָס ס׳האָט מיר אַזוי שווער מיין האַרץ געדריקט, און האָב דערשפּירט אַנ׳אוּנענדליכען כעס אויף אָט די מענשען. איך בין צוויי מאָל הין און צוריק, מיט אַ בעזונדערען פערגניגען, ניט אויסגעמיטען דעם ענגלענדער און ביידע מאָל מיט׳ן עלענבויגען איהם אַ שטויס געגעבען, אַראָבלאָזענדיג זיך צום אַרויסגאַנג. כ׳האָב מיר געלאָזט ליפען אין דער פינסטערניש צים שטאָדט־צו, אַהין, וואו ס׳איז פערשוואונדען געוואָרען דאָס קליין מענשעלע.

דעריאָגענדיג דריי מענשען געהענדיג צוזאַמען, האָב איך ביי זיי געפרעגט, וואו איז דער זינגער. זיי האָבען מיר מיט געלעכטער אויף

איהם אנגעווייזען. ער איז געגאַנגען פאָראויס, ער איז מיט שנעלע טריט געגאַנגען איינער אַליין, קיינער איז נאָהנט צו איהם ניט צוגעגאַנגען, און ווי מיר האָבען געשיינט, האָט ער נאָך אַלץ עפּיס ברוגז געברומט אונטער דער נאָז. איך האָב מיר מיט איהם אויסגעגלייכט און פאָרגעלעגט, ער זאָל מיט מיר אין ערגיץ געהן צוזאַמען אויסטרינקען אַ פלאַש ווייך. ער איז נאָך אָבער אַליין געגאַנגען שנעל זיין וועג און אונצופרידען געקוקט אויף מיר; נאָר בענעהמענדיג, וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

— וואָס הייסט, כ'וועל מיר ניט ענטזאַגען, אויב איהר זייט אַזוי גוט, — האָט ער געזאָגט, — דאָ ניט ווייט איז פאַראַן אַ ביליגע קאָפּע־הויז, דאָרט איז זעהר איינפאַך — האָט ער צוגעגעבען אָנווייזענדיג מיר אויף אַ ביער־קרעטשמעל, וועלבע איז נאָך געווען אָפען.

זיין אויסדריק: „אַ ביליגער קאַפּע“, האָט מיך געבראַכט אויף אַ געדאַנק ניט צו געהן אין דעם ביליגע קאָפּע־הויז. נאָר אין שווייצערהאָף, דאָרט וואו עס האָבען זיך געפונען די אַלע, וועלכע האָבען איהם געהערט. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער האָט זיך שעמעוודיג ענטזאַגט עטליכע מאָל צו געהן מיט מיר אין שווייצערהאָף, געפינענדיג, אַז דאָרט איז צו־רייך געפוצט, דאָך האָב איך איינגעפיהרט, און וועלענדיג בעווייזען, אַז ער שעמט זיך גראַדע ניט, האָט ער בעוועגענדיג מיט זיין געזאַרע זיך געלאָזט געהן מיט מיר, צוריק מיט'ן שטראַנד. עטליכע לעדיגגעהערס, וויי נאָר איך האָב זיך דערנעהנטערט צום זינגער, זענען זיי איך צוגעגאַנגען און האָבען זיך איינגעהערט וואָס מיר רעדען, און איצטער האָבען זיי שמועס'ענדיג זיך געלאָזט נאָך אונז געהן ביז צום רעכטען אריינגאַנג, ערוואַרטענדיג פון דעם טיראָלער געוויס נאָך עפּיס אַ פאָרשטעלונג.

איך האָב בעשטעלט אַ פלאַש ווייך ביי'ם קעלנער, וועלבען איך האָב גראַדע אָנגעטראָפען אין פאָדערהויז. דער קעלנער האָט שמייכלענדיג אַ קוק געגעבען אויף אונז און גאָר ניט ענטפערנדיג פאַרביי אונז אַוועק־געלאָפען. דער עלטערער קעלנער, צו וועלכען איך האָב זיך מיט דער זעלבער ביטע געווענדעט, האָט מיך גאַנץ ערענסט אויסגעהערט, און בעקוקענדיג פון קאָפּ ביז די פיס אָט די קליינע און שעמעוודיגע פיגור פון דעם זינגער, האָט ער שטרענג געהייסען דעם שווייצאַר, ער זאָל אונז דורכפיהרען אין דעם זאַל לינקס. דער זאַל לינקס האָט געדינט פאַר אַ טרינק־הויז פאַר דעם גראָבען המון, און אַ ווינקעל צימער האָט אַ האָר־

באַטע דינסט־מויד געוואַשען כלים. און דאָס גאַנצע מעבעל איז בעשטאַנען פון ניט־צוגעדעקטע הילצערנע טישען און בענקלעך. דער קעלנער, וואָס איז געקומען אונז בעדינען, האָט אונז אַרומגעקוקט מיט אַ בעשיידענעם חוזק־שמייכעל, און האַלטענדיג די הענד אין די קעשענעס האָט ער וועגען עפּיס זיך דורכגערעדט מיט דער האָרבּאַטער דינסטמויד. ער האָט זיך בעמיהט אונז געבען צו פיהלען, אַז ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין דער געזעלשאַפט פאַרנעהמט ער נאָר ניט דעם ערך אַ גרעסערען אָרט ווי דער זינגער, דאָך בעליידיגט עס איהם ניט, וואָס ער בעדאַרף אונז בעדינען, פאַרקעהרט, עס פערשאַפט איהם פיעל פערגניגען אונז צו בעדינען.

— פּראָסטען ווייַן וועט איהר בעשטעלען? — האָט ער זיך געווענדעט צו אונז מיט אַ טאָן פון אַ ידען, ווינקענדיג לייכט צו אונז און איבערוואַרפענדיג די סאַלפעטקע פון איין האַנד אין דער אַנדערער.

— שאַמפּאַניער, און פון דעם בעסטען — האָב איך געזאָגט, בעמיהענדיג זיך אין דער זעלבער צייט אָנצינעהמען אַ שטאָלצע און הויכע פּאָזע.

נאָר ניט די שאַמפּאַניער און ניט מיין כלומר'שט שטאָלצע און הויכע פּאָזע האָבען ניט געווירקט אויף דעם קעלנער; ער האָט אַ שמייכעל געטאָן, אונטערגעשטאַנען אַ ביסעל, וואַרפענדיג אַ בליק האָט ער זיך אַזוי ניט אַיילענדיג אַרויסגענומען זיין גאָלדענעם זייגער, אַ קיק געגעבען און גאַנץ פּאַמעליך שפּאַצירענדיג איז ער זיך אַרויסגעגאַנגען פון צימער. באַלד האָט ער זיך אומגעקעהרט מיט'ן וויין מיט נאָך צוויי לאַקייען. צוויי פון זיי האָבען זיך אַנידערגעזעצט נעבען דער כלים־וועשערין און מיט אַ בעשיידענעם שמייכעל האָבען זיי געקליבען נחת פון אונז, ווי עלטערן, וואָס קלייבען נחת פון זייערע ליבע קינדער, ווען יענע שפּילען זיך שען. בלויז דאָס דינסטמיידיל, ווי עס שיינט, האָט ניט שמייכלענדיג. נאָר, פאַרקעהרט, מיט אַ בעהאַרצטקייט געקוקט אויף אונז.

חאָטש מיר איז געווען זעהר שווער און זעהר אונאַיינגענעהם צו פערברענגען מיט דעם זינגער, מכבד זיין איהם, אונטער דעם פייער פון די לאַקייאישע בליקען, דאָך האָב איך מיר בעמיהט צו טאָן מיין זאַך, אויף וויפיל ס'איז מעגליך געווען, ניט געצוואונגען.

ביי'ם ליכט האָב איך איהם בעסער אַרומגעקוקט. דאָס איז געווען

א מענש פון אַ גאַנץ נידריגען וואוקס און דאָך פראָפאָרציאָנעל געבויט, —
בעמט אַ קאַרליק, מיט האַרטע שוואַרצע האָר און גרויסע שוואַרצע פער=
זיינטע אייגען אָהן ברעמען און זעהר אַ בחן'ט, אַיינגענעהם אויפגעפאַסט
מילביל, ער האָט געהאַט קליינינקע באַקענבערד און געקליידעט איז ער
געווען זעהר אָרים אין גראָב. ער איז געווען אונזויבער, אָבגע=
ריסען אין אָבגעברענט פון דער זון און האָט געהאַט אַנ'אויסזעהן ווי
אַנ'אַרבייטס=מענש. ער איז מעהר עהנליך געווען אויף אַנ'אָרימען קרע=
מער איידער אויף אַנ'אַרטיסט, נאָר אָבער אין זיינע שטענדיג פייבטע,
בלישטשענדיגע אויגען און אין זיין פערמאַכטען מילבעל איז געלעגען
עפּיס אַזוינס אָריגינעלעס און ריהרענדעס. אויפ'ן קוק האָט מען איהם
געקענט געבען פון פינף=און=צוואַנציג ביז פערציג יאָהר, נאָר אין אמת'ען
איז ער אַלט געווען אַכט=און=דרייסיג יאָהר.

אָט וואָס ער האָט מיר גוטמוטיג און מיט אָפענהערציגקייט דער=
צעהלט איבער זיין לעבען.

אַליין איז ער פון אַרגאָווען. נאָך קינדערווייז האָט ער זיין פאָטער
און מוטער פערלאָרען און קיין אַנדערע פריינד האָט ער ניט. קיין פער=
מעגען האָט ער קיין מאָל ניט געהאַט, ער האָט זיך געלערנט סטאָ=
ליאַריי, נאָר מיט צוויי=און=צוואַנציג יאָהר צוריק האָט איהם אָנגעהויבען
פיילען אַ ביין אין האַנד, צוליעב וואָס ער האָט אָנגעוואָרען די מעגליכקייט
צו אַרבייטען. ער האָט נאָך פון קינדערווייז געהאַט אַ חשק צום זינגען —
און ער האָט עס געטאָן. אייסלענדער פלעגען איהם אַ מאָל געלד
געבען. ער האָט דערפון זיך אַ פרנסה געמאַכט. ער האָט זיך געקויפט
אַ גיטאַרע, און שוין צייט אַכטצעהן יאָהר וואַנדערט ער אום איבער דער
שווייץ און איטאַליען און זינגט פאַר די האָטעלען. זיין גאַנץ פערמעגען
איז בעשטאַנען פון זיין גיטאַרע און אַ טייסטעריל, און וועלכען ער האָט
געהאַט אָנגעטהאַלבען פראַנק, פאַר וועלכע ער האָט געדאַרפט זיך
שפייזען און איבערשלאָפען היינטיגע נאַכט. אַלע יאָהר, שוין דעם
אַכטצעהנטען מאָל, מאַכט ער דורך אין דער שווייץ די אַלע ערטער,
וועלכע ווערען מעהר בעזוכט, ווי: צ י ו ר י ך, ל י ו צ ע ר ן, א י נ ט ע ר=
ל אַ ק ע ן, ש א מ ו נ י א. ז. וו. דורך ס אַ ן=ב ע ר נ אַ ר ד קומט ער אַרויס
קיין איטאַליען און דורך ס.=ג אָ ט אַ ר ד קעהרט ער זיך אום צוריק קיין
סאַוואָיע. איצטער ווערט איהם אַלץ שווערער צוגעהן צופוס. ער האָט
זיך פערקילט און ער שפירט, דאָס דער וועהטאָג אין זיינע פיס, וועלכען

ער רופט אָן גלידערזוכט, ווערט איהם וואָס אַ יאָהר אַלץ שטאַרקער און זיינע אויגען און די שטימע זיינע ווערט איהם וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער. פונדעסטוועגען, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעמען, קלייבט ער זיך קיין אינטערלאַקען און דורך קליין ס.=בערנאַרד קיין איטאַליען, וועלכע ער ליעבט בעזונדערס שטאַרק; איבערהויפט, ווי עס שיינט, איז ער זעהר צופריעדען מיט זיין לעבען. ווען איך האָב בייא איהם געפרעגט, נאָך וואָס ער קעהרט זיך צוריק אַ היים, האָט ער דען דאָרט פריינד, אַ הויז און ערד, האָט זיך זיין מיילבעלע ווי אויף פעלדעלעך צוזאַמענגעקליבען אין אַ פרעהליבען שמייכעל און האָט מיר גע=ענטפערט:

— „יאָ, דער צוקער איז געשמאַק, און איז זיס פאַר קינדער".

און האָט אָנגעוואונקען אויף די קעלנער.

איך האָב גאָר ניט פערשטאַנען, נאָר אין דער קעלנער=גרופע האָט מען זיך צולאַכט.

— נישטאָ גאָר נישט — וואָרים וואָי אַנדערש וואָלט איך זיך דיען אומגעוואַלגערט, האָט ער מיר ערקלערט: — איך געה אַהיים, וייל פינ=דעסטוועגען ציהט אַהין, וואו איך בין געבוירען געוואָרען.

און ער האָט נאָך אַ מאָל מיט אַ גנב'ישען, צופרידענעם שמייכעל איבערגע'חזר'ט די פראַזע „יאָ דער צוקער איז געשמאַק". און האָט זיך גוטמוטיג צולאַכט.

די קעלנער זענען שטאַרק צופרידען געווען און האָבען אויך מיט=געלאַכט, נאָר די כלים=וועשערין האָט מיט גוטמוטיגע גרייסע אייגען ערענסט געקוקט אויף דעם קליין מענשעלע און האָט איהם דערלאַנגט זיין היטעל, וועלכע ער האָט שמועית'ענדיג אַראָבגעוואָרפען פון באַנק.

איך האָב בעמערקט, אַז זינגער, וואָס וואַנדערען אום, אַקראָבאַטען, זאָגאַר קונצענמאַכער האָבען זיך ליעב אָנצורופען מיט'ן נאָמען אַרטיסטען, און דעריבער האָב איך מיין שבן אייך עטליכע מאָל אָנגעמיט, אַז ער איז אַנ'אַרטיסט, נאָר ער האָט די אייגענשאַפט אין זיך ניט אַנערקענט, נאָר איינפאַך, ווי אויף אַ מיטעל צום לעבען, האָט ער געקוקט אויף זיין בעשעפטיגונג. ווען איך האָב בייא איהם געפרעגט, צי ער פערפאַסט אַליין די לידער, וואָס ער זינגט, האָט ער זיך זעהר פערוואונדערט איף אַזאַ מאָדנער פראַגע און האָט מיר געענטפערט, ווי קומט ער צו דעם, און אַז דאָס זענען אַלץ גאַנץ אַלטע טיראָלער לידער.

— און דאָס ליד איבער ריגי, מיין איך, איז ניט קיין גאַנץ אַלטע? האָב איך געזאָגט.

— יאָ, דאָס איז פערפאַסט געוואָרען מיט אַ יאָהר פופצעהן צוריק. ס'איז געווען אַ דייטש פון באַזיל, איז געווען אַ חכם אַ מענש, ער האָט זי פערפאַסט. אַ פּראַכטפולע ליד. פערשטעהט איהר מיך, דאָס האָט ער פאַר די רייזענדער פערפאַסט.

און ער האָט מיר אָנגעהויבען אויף פראַנצויזיש פערטייטשען דאָס ליד איבער ריגי, וועלכע איז איהם בעזונדערס געפעלען געווען.

אויב דו ווילסט אויפ'ן ריגי געהן,
איז ביז וועגיס בעדאַרפסטו קיין שיך
(ווייל דאָרט פאָהרט מען מיט'ן שיף)
און פון וועגיס נעהם אַ לאַנגען שטעקען,
און אונטערען האַנד נעהם אַ מיידיל,
און געה טרינק אויס אַ גלעזעלע וויין,
נאָר ניט צופיל זאָלסטו טרינקען,
ווייל דער וואָס טרינקען וויל
בעדאַרף עס פריהער גוט פערדינען...

— אָ, דאָס איז אַ פּראַכטפולע ליד, האָט ער געענדיגט. די לאקייען האָבען געפונען, ווי עס שיינט, דאָס לידעל פאַר זעהר אַ גע־לונגענעס, ווייל זיי האָבען זיך צוגערוקט צו אונז נעהנטער.

— און ווער האָט די מעלאָדיע פערפאַסט? — האָב איך גע־פרעגט.

— אַזוי, קיינער ניט. פערשטעהט איהר מיך, פאַר די אויסלענדער בעדאַרף מען זינגען אַלע מאָל אַ פרישע זאַך.

ווען מען האָט געבראַכט אַייז און כ'האָב מיין שבן אָנגעגאָסען שאַמפּאַניער, איז, ווי עס שיינט, איהם געוואָרען אונאַנגענעהם, און וואָרפענדיג בליקען צו די לאקייען האָט ער זיך געדרעהט אויף זיין בענקעל.

מיר האָבען אָנגעקלאַפּט אונזערע גלעזער און געטרונקען פאַר

דעם געזונד פון די אַרטיסטען; ער האָט אָבגעטרונקען אַ האַלבע גלאָז און געפונען פאַר נויטיג זיך גוט צו בעטראַכטען, און אַזוי טיפזיניג צוזאַמענגעצויגען די ברעמען.

— שון לאַנג אַזאַ וויין ניט געטרונקען. אין איטאַליען איז גוטער וויין, נאָר דער איז פיעל בעסער. אָ, איטאַליען! ווי גוט איז דאָרטען! — האָט ער צוגעגעבען.

— יאָ, דאָרט פערשטעהט מען ווי מוזיק און אַרטיסטען אָבצושאַצען — האָב איך געזאָגט — וועלענדיג איהם אַרויפברייגגען אויף זיין דירכפאַל פאַר'ן שווייצערהאָף היינט אין אָבענד.

— ניין, האָט ער געענטפערט, וואָס אָנבעלאַנגט מוזיק, קען איך דאָרט קיינעם קיין פערגניגען ניט פערשאַפען. די איטאַליענער זענען אַליין מוזיקער, וואָס די וועלט האָט עס ניט. איך מיין די טיראָליער לידער, דאָס איז נאָך פאַר זיי פונדעסטוועגען אַ נייס.

— ני, וואָס, דאָרטען זענען מענשען מיט אָפענערע הענד? — האָב איך ווידער אָנגעהייבען, וועלענדיג איהם צווינגען, ער זאָל מיר מיטפיהלען מיין כעס היינט אויף די איינוואוינער פון שווייצערהאָף, — דאָרט טרעפט זיך ניט ווי דאָ, אַז אין אַ האָטעל, וואו עס וואוינען רייכע לייט, זאָלען הונדערט הערען אַנ'אַרטיסט און איהם גאָר ניט געבען?

מיין פראַגע האָט געהאַט גאָר אַנ'אַנדער ווירקונג, ניט ווי איך האָב ערוואַרטעט. ער האָט אפילו און זינען ניט געהאַט צו בעליידיגען זיך אויף זיי. פאַרקעהרט, אין מיין פראַגע האָט ער געפונען אַ פאָרוואורף אויף זיין טאַלאַנט, וואָס האָט ניט אויסגענומען, און ניט פערדינט, מען זאָל איהם דערפאַר בעלוינען, און ער האָט זיך אָנגעהויבען פאַר מיר פאַרענטפערן.

— ניט שטענדיג בעקומט מען אַ סך, האָט ער געענטפערט. עס טרעפט, אַז די שטימע ווערט פערפאַלען, ווערסט מיר — כ'בין דאָך היינט גאַנצע ניין שעה אומגעגאַנגען און כמעט אַ גאַנצען טאָג געזונגען. דאָס איז שווער. און די געהויבענע לייט, אַריסטאָקראַטען, ס'ווילט זיך זיי אַמאָל גאָר ניט הערען די טיראָליער לידער.

— אָבער פונדעסטוועגען, ווי גיט מען עס גאָר ניט? האָב איך איבערגע'חזר'ט.

ער האָט מיין בעמערקונג ניט פערשטאַנען.

— ס'איז ניט דאָס, האָט ער געזאָגט, דער עיקר איז דאָ וואָס פּאָליציע הריקט. דאָ, לויט די געזעצען פון דער רעפּובליק, לאָזט מען אייך דאָ ניט זינגען, נאָר אין איטאַליען קענט איהר אומגעהן און זינגען וויפיל אייער האַרץ גלוסט, קיינער וועט אייך קיין וואָרט ניט זאָגען. דאָ אַז זיי ווילען ערלויבען זיי, און אַז זיי ווילען ניט, קענען זיי אייך נאָך אין טורמע אַריינזעצען.

— איז עס מעגליך?

— יאַ, אויב זיי וועלען אייך איין מאָל וואָרנען און איהר וועט נאָך אַלץ זינגען, קענען זיי אייך אין טורמע אייך אַריינזעצען. איך בין שוין אַ מאָל אָבגעזעסען גאַנצע דריי חדשים — האָט ער געזאָגט, שמייכלענדיג, ווי דאָס וואָלט געווען איינע פון זיינע ליבסטע זכרונות.

— אָ, דאָס איז דאָך שרעקליך! האָב איך געזאָגט. פאַר וואָס און פאַר ווען?

— דאָס איז ביי זיי לויט די נייע געזעצען פון דער רעפּובליק, — האָט ער גערעדט ווייטער שוין צוהיצט, — זיי ווילען עס ניט פערשטעהן, אַז מען בעדאַרף דעם אָרימאַן אויך ווי ס'איז לאָזען לעבען אויף דער וועלט. ווען איך וואָלט ניט געווען קיין קאַליקע, וואָלט איך דאָך געאַר־ בייט. און וואָס, אַז איך טרינק אַ מאָל, טהו איך דען עמיצען אַ שאָדען מיט דעם? וואָס זאָל עס הייסען? רייכע מעגען לעבען און אַזוינע ווי איך, זיי מאָהרען שוין ניט. טאָ וואָס־זשע איז עס פאַר אַ געזעצען אַזוינע אין דער רעפּובליק? אויב אַזוי, בעדאַרפען מיר קיין רעפּובליק ניט. אפשר ניט אַזוי, מיין ליבער הערר? מיר ווילען ניט קיין רעפּובליק, מיר ווילען... מיר ווילען איינפאַך... מיר ווילען — ער האָט זיך פערהאַקט אַ ביסעל: — מיר ווילען נאַטירליכע געזעצען.

איך האָב צוגעגאָסען וויין אין זיין גלאָז אַריין.

— איהר טרינקט ניט מעהר? האָב איך געפרעגט.

ער האָט גענומען די גלאָז אין האַנד און צו מיר זיך אַ נייג געטאָן.

— איך ווייס וואָס איהר ווילט טאָן — האָט ער געזאָגט, פער־ מאַכענדיג אַן'איינגעל און געמאַכט צו מיר מיט איין פינגער: — איהר ווילט מיך אָנ'שכור'ן, זעהן ווי איך וועל אויסזייזען. ניין, דאָס וועט אייך נישט געלינגען.

— צו וואָס זאָל איך אײַך אָנ׳שבּור׳ן — האָב איך געזאָגט — איך וואָלט נאָר וועלען אײַך פאַרגניגען פערשאַפען.

איהם האָט געוויס באַנג געטאָן וואָס ער האָט מיך בעליידיגט מיט דעם, וואָס ער האָט אַזוי שלעכט אויסגעטייטשט מיין פערלאַנג, ער האָט זיך אַ ביסעל צוטומעלט, ער האָט זיך אונטערגעהויבען און אַ קוועטש געטאָן מיר פאַר׳ן עלענבויגען.

— ניין, ניין — האָט ער צו מיר געזאָגט און מיט אַנ׳אויסדריק פון תנינה אויפ׳ן פנים האָט ער געקוקט אויף מיר מיט זיינע פייכטע אויגען: — דאָס האָב איך נאָר אַ שפּאַס געמאַכט.

און באַלד נאָך דעם האָט ער אַ זאָג געטאָן, עפּיס אַ שרעקליכע פערפלאָנטערטע חיטרע פראַזע, וועלכע האָט בעדאַרפט אויסדריקען ווי איינער זאָגט — פונדעסטוועגען זייט איהר אַ וואוילער יונג.

— ס׳איז אַלין וואָס איך קען אײַך זאָגען — האָט ער פערענדיגט.

אָט אַזוי האָבען מיר זיך געטרונקען און גע׳שמועה׳ט מיט׳ן זינגער און לאַקייען זענען זיך אימגעשטערט געשטאַנען און האָבען געקליבען נחת פון אונז און, דוכט זיך, אַ ביסעל חוזק געמאַכט. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס כ׳בין געייען פעראינטערעסירט מיט׳ן שמועות, דאָך האָב איך זיי גיט בעמערקט און כ׳בין זיך מודה, אַז דאָס האָט מיך אַלין מעהר און מעהר צורייצט.

איינער האָט זיך אייפגעהייבען, איז צוגעגאַנגען צים זינגער און קוקענדיג גלייך איהם אויף זיין קעפּעל, האָט ער אָנגעהייבען זיך אונ־טערשמייכלען.

בײַ מיר האָט זיך שוין געהאַט אָנגעקליבען אַ גרויסע מאָס צאָרען אויף די אַינוואוינער פון שווייצערהאָף און האָב ניט נאָך קיין צייט גע־האַט אויף וועמען ס׳איז איהם אויסצוגיסען, נאָר איצטער, בין איך זיך מודה, האָט מיך דאָס לאַקייאישע פּובּליקום און דער ליפטען געהייבען.

אַ שווייצאַר איז אַריינגעקומען און צימער, אפילו זיין היטעל ניט אַראָבגענומען, און אונטערשפּאַרענדיג זיך אויפ׳ן עלענבויגען, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט מיר זייט בײַ זייט.

אָט דער לעצטער צופאַל, אָנריהרענדיג מיין אייגענליבע אָדער גאוה,

האָט מיך איננאַנצען אָנגעצונדען און פריי געלאָזען דעם גאַנצען צאָרען, וואָס האָט זיך פאַר אַ גאַנצען אָבענד אָנגעקליבען און מיך אַזוי שטאַרק געדריקט. פאַר וואָס בײ׳ם טיר, ווען איך געה אַליין דורך, בויגט ער זיך מיט אַזוי פיעל הכנעה פאַר מיר און איצטער, ווייל איך זיין דאָ מיט דעם אָרימען זינגער, זעצט ער זיך מיט אַזוי פיעל העזה אַנידער מיר זיים בײ זייט?

איך האָב מיר שטאַרק צובייזערט, מיט דעם ברענענדיגען כעס פון אונצופרידענהייט, וועלכען איך ליב אַליין אין זיך, און איך צובלאָזן איהם זאָגאַר, ווען ער כאַפּט זיך אין מיר אויף, ווייל שפּעטער בערוהיגט עס מיך און גיט מיר האָטש אויף אַ קורצע צייט אַנ׳אײנגעווײהנליכע בעקוועמליכקייט, און שטאַרקט מיר מיינע פיזישע און גייסטיגע פעהיגקייטען.

איך בין אויפגעשפרונגען פון מיין אָרט —

— וואָס לאַכט איהר? — האָב איך אַ געשריי געטאָן אויף דעם לאַקיי, שפּירענדיג אַז דאָס געזיכט מיינס ווערט מיר בלאַס און די ליפּען ציטערען ניט־ווילענדיג.

— איך לאַך ניט, גלאַט אַזוי. — האָט געענטפערט דער לאַקיי אָבטרעטענדיג פון מיר.

— ניין, איהר מאַכט חוזק אָט פון דעם הערען. און וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר דאָ אין צימער צו זיצען, ווען געסט זענען דאָ פאַראַן? וואַגט ניט דאָ צו זיצען! האָב איך אויסגעשריען.

דער שווייצאַר, ברימענדיג עפּיס, האָט זיך אויפגעהייבען און זיך צוגערוקט צום מיר.

— וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר חוזק צומאַכען פון אָט דעם מענשען און זעצען זיך נעבען איהם, אין דער צייט ווען ער איז אַ גאַסט און איהר אַ לאַקיי. פאַר וואָס האָט איהר קיין חוזק ניט געמאַכט פון מיר היינט בײ מיטאָג און האָט זיך ניט געזעצט מיר בײ׳ם זייט? דאָס איז דערפאַר ווייל ער איז אָרים געקליידט און זינגט אין די גאַסען? צוליב דעם? און אויף מיר איז דאָך רייכע קליידער. ער איז אַנ׳אָרימאַן, נאָר שטעהט טויזענדער מאָל העכער פון אייך, בין איך זיכער, ווייל ער האָט קיינעם ניט בעליידיגט און איהר בעליידיגט איהם.

—— וואָס איך, גאָר ניט, וואָס ווילט איהר — האָט אַ צושראָקע־

נער זיך פערענטפערט מיין געגנער דער לאקיי. — איך לאָז איהם דען ניט זיצען?

דער לאקיי האָט מיך ניט פערשטאַנען און מיין דייטשע רעדע איז געווען ווי אַרויסגעוואָרפען,

דער פרעכער שווייצאַר האָט זיך געוואָלט אָננעהמען פאַר זיין חבר, נאָר איך האָב זיך איהם אויך אַ וואָרף געטאָן מיט אַזאַ שאַרפקייט, דאָס דער שווייצער האָט זיך געמאַכט מיך ניט פערשטעהענדיג און האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד.

נאָר די האַרבאַטע כלים־וועשערן, צי ווייל זי האָט זיך דערשראָקען פאַר מיין צוהיצטען צושטאנד, אַיי האָט מורא געהאַט, ס'זאָל קיין סקאַנדאַל ניט אויסברעכען, אָדער ווייל זי איז געווען מיט מיר איינשטימיג, זי איז איבערגעגאַנגען אויף מיין זייט, מסכים געווען מיט מיר, זי האָט זיך געשטעלט צווישען מיר און דעם שווייצאַר, און האָט איהם איינגערעדט בעסער שווייגען, זאָגענדיג, אַז איך בין גערעכט, און מיך האָט זי געבעטען, איך זאָל מיך בערוהיגען.

— „דער העדר האָט רעכט; זיי האָבען רעכט" — האָט זי אַלץ איבערגע'חזר'ט.

דער זינגער האָט בעקומען אַזאַ צושראָקענעם און רחמנית'דיגען פנים, און, וויזט אויס, ניט פאַרשטעהענדיג, פאַר וואָס איך היץ זיך אַזוי און וואָס איך וויל, האָט ער מיך געבעטען, מיר זאָלען וואָס גיכער אַוועקגעהן פון דאַנען, נאָר און מיר האָט זיך אַלץ מעהר צופלאַקערט דער כעס צום רעדען. איך האָב זיך אַלץ דערמאָנט: דעם עולם וואָס האָט פון איהם געלאַכט, זיינע צוהערער, וואָס האָבען איהם גאָר ניט געגעבען, און פאַר קיין זאַך און דער וועלט האָב איך זיך ניט געוואָלט בערוהיגען.

איך מיין, ווען די קעלנער און דער שווייצער וואָלטען זיך אַזוי ניט נאָכגעגעבען, וואָלט איך זיך מיט פערגניגען געלאָזט מיט זיי אין אַ געשלעג, אָדער מיט אַ שטעקען איבער'ן קאָפּ וואָלט איך צונע'הרג'ט די שוואַכע ניט בעשיצטע ענגלישע פריילען, ווען איך וואָלט איצט געווען אין סעוואַסטאָפּאָל, אין דער קריג, וואָלט איך זיך מיט דעם גרעסטען תענוג געוואָרפען שטעכען און האַקען אין די ענגלישע גראָבענס, וואו דער חיל זיצט בעהאַלטען.

— אין פאַר וואָס האָט איהר מיך אַריינגעפיהרט אָבער אין דעם צימער אַריין און ניט אין יענעם זאַל? האַ? — האָב איך געפרעגט בײ׳ם שווייצאַר, אָנכאַפענדיג איהם פאַר׳ן האַנד, כדי ער זאָל פון מיר ניט קענען אַוועקגעהן. — וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר געהאַט נאָך זיין אויסזעהן נאָך צו פּסק׳ענען, אַז ער בעדאַרף זיצען אָט דאָ און ניט אין יענעם זאַל? איז דען אַ חלוק, ווער עס צאָהלט? ניט נאָר אין אַייער רעפּובליק, נאָר אין דער גאַנצער וועלט איז עס אַזוי? דאָס איז אַייער פער׳עפּוש׳טע רעפּובליק!... אָט דאָס איז עס אַזאַ גלייכהייט — פאַר אַלעמען. די ענגלענדער וואָלט איהר זיך ניט אַיינשטעלען פיהרען אין דעם צימער אַריין, אָט די זעלבע ענגלענדער, וואָס האָבען אומזיסט געהערט זינגען דעם מענשען — דאָס הייסט וואָס האָבען אָבגעגנב׳עט בײ איהם יעדערער צו עטליכע סענטים, וואָס זיי האָבען איהם בעדאַרפט געבען. וואָס פאַר אַ העזה האָט איהר געהאַט צו בעווייזען דעם דאָזיגען צימער?

— יענער זאַל איז פערמאַכט — האָט דער שווייצאַר געענטפערט.

— ניין — האָב איך געשריען: — ס׳אַליגען, דער זאַל איז ניט פערמאַכט.

— הייסט עס, ווייסט איהר בעסער.

— איך וויים, אַז איהר ליגט.

דער שווייצאַר האָט זיך אָבגעקעהרט מיט׳ן פּלייצע צו מיר.

— זעה נאָר! וואָס ער זאָגט! האָט ער געברומט.

— ניין, ניט „זעה נאָר וואָס ער זאָגט" — האָב איך געשריען. די מינוט זאָלט איהר מיך פיהרען אין יענעם זאַל אַריין.

ניט קוקענדיג אויף דעם מוסר פון דער האָרבאַטער און די בקשות פון דעם זינגער, מיר זאָלען שוין בעסער געהן אַהיים, דאָך האָב איך אַרויסגעפאָדערט דעם אָבער־קעלנער און בין אַוועק אין זאַל צוזאַמען מיט׳ן זינגער. דער אָבער־קעלנער הערענדיג מיין צורייצטע שטימע און בעמערקענדיג מיין אויפגערעגט געזיכט, האָט קיין שמועות ניט געמאַכט, און מיט אַפּעראַבטענדער העפליכקייט האָט ער געזאָגט, אַז איך קען געהן וואוהין מיר געפעלט. איך האָב איהם ניט געקענט אויפווייזען, אַז ער ליגט, ווייל ער איז פערשוואונדען געוואָרען, נאָך אידער איך בין אין זאַל אַריינגעגאַנגען.

דער זאַל איז געווען אין אמת'ן אָפען, בעלויכטען, און ביי איין טיש האָט איין ענגלענדער מיט אַדאַמע אָבענדברויט געגעסען. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס מען האָט אונז בעוויזען אַ בעזונדער טישעל, דאָך האָב איך מיר געזעצט מיט מיין שמוציגען זינגער האַרט נעבען דעם ענגלענדער און געהייסען, מען זאָל מיר דערלאַנגען מיין פלאַש וויין, פון וועלכע מיר האָבען געטרונקען.

די ענגלענדער האָבען זיך פון אָנהייב פערוואונדערט, נאָר דער־נאָך האָבען זיי ביידע אַקוק געגעבען אויף דאָס קליין מענטשעלע, וואָס איז ניט טויט און ניט לעבעדיג געזעסען נעבען מיר; זיי האָבען צווישען זיך עפּיס גערעדט, זי האָט אַרוקגעטאָן פון זיך דעם טעלער און רוי־שענדיג מיט איהר זיידענעם קלייד, זענען זיי ביידע פערשוואונדען, דורך דער גלעזערנער טיר האָב איך בעמערקט, ווי דער ענגלענדער האָט עפּיס ביין גערעדט צום קעלנער, בעווייזענדיג כסדר מיט דער האַנד אויף אונזער זייט. דער קעלנער האָט זיך אַריינגעבויגען דורכ'ן טיר און אַקוק געגעבען. איך האָב מיט שמחה געוואַרט, מען זאָל קומען אונז אַרויספיהרען פון דאַנען, און איך זאָל קענען אויף זיי מיין גאַנצען כעס אויסגיסען. נאָר צום גליק — האָטש אין דער מינוט איז עס מיר אונאַיינגענעהם געווען — האָט מען אונז געלאָזט צורוה.

דער זינגער, וועלכער האָט זיך פריהער ענטזאַגט צו טרינקען, האָט איצט אויף גיך אויסגעטרונקען די רעשט וויין פון פלאַש, אַבי וואָס גיכער פון דאַנען זיך אַרויסקלייבען. פינדעסטוועגען האָט ער, מיר מיט האַרץ בעדאַנקט, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, פאַר דעם כבוד, זיינע פערוויינטע אייגען האָבען נאָך פערוויינטער אויסגעזעהן און האָבען געבלישטשעט. ער האָט מיך אַרויסגעזאָגט עפּיס זעהר אַ פער־פלאָנטערטע און מאָדנע פראַזע פאַר דאַנקבאַרקייט. פונדעסטוועגען, אָט די פראַזע, אין וועלכער ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען אַלע וואָלטען פאַרשטעהן אַזוי צו שעצען אַרטיסטען ווי איך, וואָלט איהם גוט געווען, און אַז ער ווינשט מיר אַל דאָס גוטס — איז מיר געווען זעהר אייגנענעהם.

איך בין צוזאַמען מיט איהם אַרויסגעגאַנגען אין פאָדער־הויז. דאָ איז געשטאַנען דער לאַקיי און מיין שונא דער שווייצער, וועלכער, ווי ס'ווייזט אויס, האָט גע'מסר'ט אויף מיר. אַלע, האָט אויסגעזעהן, קוקען אויף מיר ווי אויף אַ פעריקטען.

איך האָב דאָס קליין מענשעלע געלאָזט, ער זאָל גלייך אויסקומען נעבען דעם דאָזיגען עילם אין דאָ בין איך מיט דעם גרעסטען דרך-ארץ װעלכען איך האָב נאָר מיט מיין פערזענליכקייט געקענט אויסדריקען, אַראָבגענומען מיין הוט און געדריקט איהם זיין האַנד מיט דעם אויסגעטריקנטען ביינערדיגען פינגער.

די לאַקייען האָבען זיך געמאַכט װי זיי גיבען די קלענסטע אַכטונג ניט אויף אונז, נאָר איינער פון זיי האָט זיך צולאַכט מיט אַ פעראַכטינגסגעלעכטער.

װען דער זינגער האָט זיך אָבגעזעגענט און איז אין דער פינסטערניש פערשוואונדען געוואָרען, בין איך אַוועק צו זיך אויבען, װעלענדיג אין שלאָף פערטרינקען דעם קינדערשען כעס, וואָס איז אַזוי אונגעריכט אויף מיר אָנגעפאַלען. נאָר שפּירענדיג זיך צופיעל אויפגערעגט, אום איך זאָל קענען אַנשלאָפען װערען, בין איך װידער אַראָב און גאַס אַריין און געקלערט אַזוי לאַנג אַרומגעהן ביז איך װעל זיך בערוהיגען. און איך בין מיר מודה, אַז איך בין געגאַנגען מיט אַ שוואַכע האָפנונג, אַז ס׳װעט זיך מיר װידער מאַכען אַ געלעגענהייט צו פערטשעפּען זיך מיט אַ לאַקיי, אַ שווייצער, אָדער מיט אַן׳ענגלענדער און בעוויזען זיי, אויף וויפיעל זיי האָבען ניט קיין רחמנות אין זיך, און איבערהויפּט דערוויזען זיי, װי וויט פאַלש זיי זענען. נאָר אויסער דעם שווייצאַר, װעלכער מיך דערזעהענדיג האָט זיך איסגעדרעהט מיט׳ן פלייצע, האָב איך קיינעם ניט אָנגעגעגענט און איינער אַליין האָב איך אָנגעהויבען אומצוגעהן הין און צוריק אויפ׳ן שטראַנד.

„אָט דאָס איז ער דער מאָרנער מזל פון דער פּאָעזיע, האָב איך אַליין צו זיך גע׳טענה׳ט, װען איך האָב זיך שוין אַ ביסעל בערוהיגט. אַלע ליבען זי, זוכען זי, נאָר איהר אַליין ליבען זיי און זוכען אין לעבען, דאָך אַנערקענט ניט קיינער איהר קראַפט, קיינער שאַצט ניט אָב אָט דאָס בעסטע גליק איף דער װעלט, שאַצען ניט און זענען ניט דאַנקבאַר די יעניגע, װאָס גיבען דאָס גליק מענשען. פרעגט ביי װעמען איהר װילט, ביי די אַלע אַיינוואוינער פון שווייצערהאָף, װאָס איז דאָס בעסטע איף דער װעלט? װעט איהר זעהן, אַז אַלע, אָדער ניין-און-ניינציג פון הונדערט װעלען מאַכען אַ ערענסטע מינע און זאָגען: „דאָס בעסטע אויף דער װעלט — איז געלד“. מעגליך, אַז דער דאָזיגער געדאַנק געפעלט אייך נישט און פּאַסט זיך נישט צו אַייערע ערהאַבענע אידעאַלען, װעט

ער אײך זאָגען, אָבער וואָס קען מען מאַכען, אַז דאָס לעבען פון מענ־
שען איז שוין אַזוי אײנגעאָרדענט, אַז נאָר געלד אַליין קען פערשאַפען
דעם מענשען גליק. איך קען דאָך ניט ערלויבען, אַז מיין פערשטאנד
זאָל דאָס ליכט זעהן און בעטראַכטען עס ניט ווי עס איז, חעט ער אייך
צוגעבען — דאָס הייסט, ניט אָנערקענען דעם אמת". ווי אָרים און נאַ־
ריש איז דיין שכל, ווי אָרים איז דיין גליק, וועלכען די פערלאַנגסט,
אַנ'אָרימע נאַרישע בעשעפעניש ביזטו, אַליין ניט פערשטעהענדיג, וואָס
דו בעדאַרפסט... נאָך וואָס האָט איהר אַלע אַוועקגעוואָרפען אייער
פאָטערלאַנד, אייערע קרובים, אייערע געשעפטען, אייערע געלד־געשעפ־
טען און האָט זיך אַלע צונויפגעקליבען אין דעם קליינעם שווייצאַרישען
שטעדטיל ליוצערן? פאַר וואָס האָט איהר זיך אַלע היינט אַרויסגעשאָטען
אויפ'ן באַלקאָן אַרויס, מיט דרך־ארץ געשוויגען און צוגעהערט זיך צום
געזאַנג פון דעם קליינינקען קבצן? און ווען ער וואָלט וועלען נאָך זינגען
וואָלט איהר דאָך נאָך געשוויגען און צוגעהערט זיך. וואָס, אפשר פאַר
געלד וואָלט מען אייך אַלעמען געקענט פון אייער היים אַרויסטרייבען און
צונויפקלייבען אייך אַלעמען אָט דאָ, אין דעם ענגען ווינקעל, אין
ליוצערן? צי פאַר געלד וואָלט מען אייך געקענט אַלעמען אויפקלייבען
אויף די באַלקאָנען און צווינגען אייך אין פערלויף פון אַ האַלבע שעה צו
שטעהן שווייגענדיג און אונבעוועגליך? ניין! אייך אַלעמען צווינגט צו
טאָן איין זאַך, און שטענדיג וועט אייך שטויסען שטאַרקער פון אַלע כחות אין
לעבען, דאָס איז דער דורשט צו פּאָעזיע, וועלכע איהר אַנערקענט ניט,
נאָר איהר פיהלט זי און איהר וועט זי אייביג פיהלען ביז ווי לאַנג אין
אייך וועט נאָך בלייבען חאָטש אַ שפּור פון דעם מענשליכען געפיהל.
דאָס וואָרט „פּאָעזיע" לאַכט איהר דאָך אויס, איהר בענוצט עס דאָך
נאָר דאַן, ווען איהר בעדאַרפט פון עמיצען חוזק־מאַכען, איהר פער־
שטעהט אַ ליבע צו פּאָעזיע נאָר ווען איהר זעהט זי ביי קינדער אָדער
ביי נאַרישע פרייליינס — און דאָס אויך מאַכט איהר דאָך חוזק פון זיי;
איהר בעדאַרפט דאָך האָבען עטוואָס זיכערעס, קלאָרעס. יאָ, נאָר קינ־
דער האָבען אַ געזונדען בליק אויפ'ן לעבען, זיי ליבען און פערשטעהען
דאָס וואָס אַ מענש בעדאַרף ליעב האָבען און דאָס וואָס עס קען גליק
פערשאַפען, אָבער אייך האָט דאָס לעבען אויף אַזוי פיעל פערפּלאָנטערט און
פערדאָרבען, דאָס איהר שפּעט פון דעם, וואָס איהר ליבט און שמאַכט,
און איהר זוכט דאָס איינציגע, וואָס איהר אַליין פעראַכטעט און וואָס עס
שאַפט אייער אומגליק. איהר האָט זיך אויף אַזוי פיעל פער־

פלאָנטערט, אַז איהר פערשטעהט זאָגאַר ניט ווי פערפליכטעט איהר בעדאַרפט זיין אָט פאַר דעם אָרימען טיראָליער, וועלכער האָט איך פערשאַפט אַזוי פיל ריינעם פערגניגען, און איהר אין דער זעלבער צייט רעכענט איהר עס פאַר אַ חיוב, אָהן קיין שום נוצען און אָהן קיין שום פערגניגען, בויגען זיך פאַר וועלכען ס׳איז לאָרד און שענקען איהם ווער ווייסט ציליעב וואָס, אַייער רוהיגקייט און בעקוועמליכקייט. וואָס פאַר אַ נאַרישקייט, וואָס פאַר אַ פערפלאָנטערטער אונזין! נאָר ניט דאָס האָט מיך שטאַרקער פון אַלץ היינטיגען אָבענד איבערראַשט. ניט דער־קענען דאָס, וואָס פערשאַפט אונז גליק און תענוג, דאָס ניט פערשטעהן און ניט פיהלען דעם קוואַל, וואָס שאַפט אונז די פּאָעטישע פערגני־גענס — דאָס פערשטעה איך נאָך, אָדער דערצו בין איך שוין געוועהנט׳ בעגענענדיג עס אויף יעדען טריט אין לעבען: די פרעכע, ניט־פיהלענדע אַכזריות פון דעם המון איז נאָך פאַר מיר אויך ניט אַזוי פרעמד געוועזן; וואָס עס זאָלען ניט זאָגען אָט די אַלע, וואָס ווילען פערטיידיגען דעם בעדייט פון המון, — אַ המון דאָס איז אַ פעראייניגינג חאָטש שוין פון די בעסערע מענשען, נאָר וועלכע זיי בעריהרען זיך איינער מיט׳ן אַנדערן בלויז מיט זייער מיאוסער זייט, און דריקט אויס בלויז שוואַכקייט און אַכזריית, וואָס נאָר די מענשישע נאַטיר פערמאָגט. אָבער ווי איז עס געמאָלט, דאָס איהר, קינדער פון דעם פרייען פאָלק, איהר, קריסטען, איהר, איינפאַך מענשען, פאַר דעם ריינעם פערגניגען, וואָס אַייך האָט פערשאַפט אָט דער אָרימער בעטענדער מענש, האָט איהר איהם בע־לייגט מיט אַ קאַלטקייט, מיט אַ חוזק־שמייכעל. נאָר ניין, אין אַייער פאָטערלאַנד איז פאַראַן אַ היים פאַר אָרימע־לייט. קיין אָרימע־לייט זענען ניטאָ — און עס בעדאַרף ניט עקזיסטירען דער געפיהל פון מיטלייד, אויף וועלכען דאָס בעטלען איז געבויט. נאָר ער האָט דאָך געהאָרעוועט, ער האָט דאָך אַייך פרעהליך געמאַכט, ער האָט דאָך אַייך דריי מאָל געבעטען, איהר זאָלט איהם געבען האָטש עפּיס פון אַייערע מותרות פאַר זיין טרחה, מיט וועלכער איהר האָט זיך בענוצט, און איהר האָט איהם אָנגעקוקט מיט אַ קאַלטען שמייכעל, ווי עפּיס אויף אַזעלטענהייט, פון אַייערע הויכע פרעכטיגע פּאַלאַצען אַראָב, און פון הונדערט אַייך, גליקליכע, רייכע האָט זיך ניט געפונען קיין איינער, קיין איינציגע, וואָס זאָל איהם אַראָבוואַרפען וואָס־ס׳איז! אַ פערשעמטער איז ער פון אַייך אַוועקגעגאַנגען און דער אונזיניגער המון האָט אויסגעלאַכט ניט אַייך, נאָר איהם, דערפאַר וואָס איהר זייט קאַלט, אונבאַרימהערציג און נישט

אָרענטליך; דערפאַר וואָס איהר האָט בײַ איהם גע'גנב'עט דעם פּער־גניגען, וועלכען ער האָט אַייך פערשאַפט און דערפאַר האָט איהר איהם בעלײדיגט.

„דעם זיבעטען יולי אין יאָהר 1857 האָט אין לוצערן, פאַר דעם האָטעל שווייצערהאָף, אין וועלכען ס'זענען אײַנגעשטאַנען די רייכסטע מענשען, האָט אַוואַנדערער אָרימער זינגער אין פערלויף פון אַ האלבע שעה גזונגען לידער און געשפּילט אויף אַגיטאַרע. ביז הונדערט מאַן האָבען איהם געהערט. דער זינגער האָט דריי מאָל געבעטען אַלעמען, מען זאָל איהם עפּיס שענקען. נאָר קיינער האָט איהם גאָר־נישט געגעבען און אַנדערע האָבען נאָך פון איהם היזק געמאַכט.”

דאָס איז ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, נאָר אַ זיכערער פאַקט, וועלכען עס קענען נאָכפאָרשען אַלע, ווער עס וויל בײַ די שטענדיגע אײַנוואוינער פון שווייצערהאָף, אָדער אין די צײַטונגען איפּזיכען, ווער זענען געווען די אויסלענדער, וואָס האָבען דעם זיבעטען יולי פערנומען דעם שווייצערהאָף.

אָט וואָס פאַר אַגעשעהעניש עס האָבען די היסטאָריקער מיט פייערדיגע אותיות בעדאַרפט פערשרייבען, אַז ס'זאָל ניט קענען אָב־געמעקט ווערען. דער דאָזיגער ציפאַל איז פיעל וויכטיגער, ערנסטער און האָט אפילי מעהר טיפערען זינען ווי די אַלע פאַקטען און געשעהענישען, וואָס ווערען פערשריבען אין די צײַטונגען און אין די היסטאָריעס, אַז די ענגלענדער האָבען געטייט טויזענד חינעזער דערפאַר, וואָס די חינעזער ווילען קיין זאַך פאַר קיין געלד ניט קויפען און זייער לאַנד שלינגט אַיין די קלינגענדיגע מטבע, אַז די פראַנצויזען האָבען געטייט נאָך טויזענד קאַבילען*) דערפאַר, ווייל אין אַפריקא וואַקסט ברויט זעהר גוט און ווייל שטענדיגע מלחמות פאָרמירען אייך דעם חיל, און אַז דער קייזער נאַפּאָלעאָן שפּאַצירט אום ציפּיס און וויל אײַנרעדען מיט גע־דריקטע אותיות דאָס פאָלק, אַז ער רעגירט נאָר דורך דעם ווילען פון

---

*) אַ שבט אין אַפריקא.

דעם גאַנצען פאָלק — דאָס איז אַלץ בלויז ווערטער, וואָס דערצעהלען מעשיית שוין לאַנג געוועזענע, לאַנג בעוואוסטע — נאָר די געשעהעניש, וואָס איז פערלאָפען אין ליוצערן דעם זיבעטען יולי, דוכט זיך מיר, איז ניי, וואונדערליך, און דאָס געהער ניט צו די אייביגע שלעכטע זייטען פון דעם מענשענס נאַטור, נאָר צו דער געוויסער עפּאָכע פון דער געזעלשאַפטליכער ענטוויקלונג. דער פאַקט איז שייך ניט צו דער היסטאָריע פון דעם מענשענס מעשים — נאָר צו דער היסטאָריע פון דעם פראָגרעס און ציוויליזאַציע.

פאַרוואָס איז אַזאַ אונמענשליכער פאַקט, וועלכער קען ניט פער־לייפען אין קיין שום דייטשען דאָרף, ניט אין קיין פראַנצויזישען אָדער אין אַיין איטאַליענישען, איז געמאָלט דאָ, וואו די ציוויליזאַציע, פריי־הייט און גלייכהייט דערגרייכט די העכסטע שטופע; וואו עס קלייבען זיך צונויף רייזענדער ציוויליזירטע, פון די העכסט ציוויליזירטע נאַציאָנען אויף דער וועלט? פאַרוואָס האָט ביי די אַלע ענטוויקעלטע מענשען, מענ־שען מיט רחמנות, וועלכע פאַר׳ן כלל זענען זיי פעהיג צו טאָן ווירקליכע וואוילטעטיגע זאַכען, אָט ביי די אַלע פעהלט גענוג באַרימהערציגקייט צו טאָן גוטעס דער איינציגער פערזאָן? פאַרוואָס אָט די אַלע מענשען, ביי זיך אין די פּאַלאַצען, אויף מיטינגען און אין געזעלשאַפטען, וועלכע זאָרגען אַזוי שטאַרק פאַר דער לאַגע פון די אַרבייטסלאָזע חינעזער אין אינדיען, אָדער וועגען דער פערברייטונג פון קריסטענטום אין אַפריקע, און צוזאַמענשטעלען געזעלשאַפטען, וועלכע זאָלען אויסבעסערען די מענשהייט, אָט די אַלע געפינען ניט ביי זיך אין האַרצען דעם געפיהל, וואָס איין פּראָסטער מענש פיהלט צום אַנדערען מענשען. צו דען פעהלט ביי זיי נאָר דער דאָזיגער געפיהל, און זיין אָרט האָבען פערנומען גאוה, איינענליבע, בלויז אויסרעכענונג, וועלכע געוועלטיגען אויף די דאָזיגע לייט, ווען זיי זענען ביי זיך אין די פּאַלאַצען, אויף די מיטינגען און אין די געזעלשאַפטען? איז דען דאָס די גלייכהייט, פאַר וועלכער מען האָט אַזוי פיל אונשולדיגע בלוט פערגאָסען און אַזוי פיל פערברעכען איז מען בעגאַנגען? צי דען זענען פעלקער קליינע קינדער און קענען זיין גליקליך נאָר מיט דעם קלינגענדיגען וואָרט אַליין פון גלייכהייט און ברידערשאַפט? — די גלייכהייט פאַר׳ן געזעץ? צו דען פליסט אונזער גאַנ׳ן לעבען בלויז אין דער ספערע פון דער געזעצליכקייט? בלויז אַ טויזענד־חלק פון אונזער לעבען האָט אַ שייכות מיט׳ן געזעץ, די איבעריגע טיילען שטעהען אויסער דעם געזעץ און האָבען אַשייכות צו

די מענשליכע זיטען און צום פערשטאַנד פון דער געזעלשאַפט. אין אין דער געזעלשאַפט געהט דער לאַקיי בעסער געקליידט ווי דער זינגער און פראַנק און פריי בעלייזיגט ער איהם. איך בין בעסער געקליידעט פון לאַקיי, דעריבער קען איך פראַנק און פריי בעליידיגען דעם לאַקיי. דער שווייצאַר שטעלט מיך העכער פון זיך און דעם זינגער נידריגער פון זיך; און ווען איך האָב זיך מיט דעם זינגער פעראייניגט, האָט ער זיך שוין פעררעכענט פון אונזער גלייכען און איז פרעך געוואָרען. ווען איך בין פרעך געוואָרען צום שווייצאַר, האָט יענער באַלד אָנגעהויבען זיך שטעלען נידריגער פאַר מיר. דער לאַקיי האָט אָנגעהויבען פרעך צו בעהאַנדלען דעם זינגער, האָט דער זינגער אָנגעהויבען זיך שטעלען נידריגער פאַר'ן לאַקיי. צו דען איז דאָס פרייע, דאָס וואָס מענשען רופען עס אָהן אויף זיכער דאָס פרייע לאַנד, איז דאָס, וואו ס'איז פאַראַן חאָטש איין מענש, וועלכען מען זעצט אין טורמע אַריין בלויז דערפאַר, וואָס קיינעם ניט מאַכענדיג קיין שאָדען טהוט ער דאָס וואָס ער קען, כדי ער זאָל פון הונגער ניט שטאַרבען?

אונגליקליך, עלענד איז דאָס מענשליכע בעשעפעניש מיט זיין פער-לאַנג אַליך קלאָר צו בעשטימען, אויף אַלין אַ קלאָרע תשובה געבען, זייענדיג אַריינגעוואָרפען אין דעם אייביג בעוועגליכען, אינענדליכען ים פאַקטען פון גוטס און שלעכטס, פון השערות און ווידערשפּרוכען! דורות לאַנג מאַטערען זיך מענשען איבערצורוקען אויף איין זייט דאָס גוטע און אויף דער אַנדערער זייט דאָס שלעכטע. דורות געהען פאַרביי און וואָס עס זאָל ניט דער שכל הישר צו-וואַרפען אויף דעם וואָגשאָל פון גוטס און שלעכטס, וועט זיך די שאָלען ניט ריהרען פון אָרט און אויף יעדען שאָל וועט זיין די זעלבע מאָס און וואָג גוטס מיט שלעכטס. אָ, ווען דער מענש זאָל זיך קענען אויסלערנען ניט קלערען, ניט וועלען פאָרשטעלען יעדע זאַך אַזוי קלאָר און זיכער, ניט וועלען געבען קיין ענטפער אויף אַזוינע פראַגען, וועלכע מען האָט איהם אייפגעגעבען בלויז דערפאַר, אַז דאָס זאָל אַ פראַגע בלייבען! ווען דער מענש זאָל נאָר וויסען, אַז יעדער געדאַנק איז אי אמת אי פאַלש צוזאַמען! ער איז פאַלש, ווייל דער מענש קען אַלזייטיג דעם אמת ניט אַרומנעהמען, און אמת איז ער דאָך פאָרט אויף וויפיל ער דריקט אויס, חאָטש נאָר איינזייטיג דעם מענשענס פערלאַנגען און שטרעבונגען. מען האָט דורכגעפיהרט גרעניצען אין דעם אייביגען בעוועגליכען, אין דעם אייביגען קאָכעדיגען חאָאָס פון גוטס און שלעכטס, מען האָט אין דער פאָרשטעלונג, אין געדאַנק דורכ-

געפיהרט גרעניצען איבער דעם דאָזיגען ים און מען וואַרט און האָפט, אַז דער ים וועט זיך צוטיילען, גלייך ווי עס וואָלט קיין אַנדערע גרעניצען אין אײַנטיילונגען ניט זיין, וועלכע שטאַמען פון אַ גאַנץ אַנדערען שטאַנדפונקט, פון אַ גאַנץ אַנדערען באָדען. אמת, אָט די נייע גרעניצען אַרבייטען זיך אין דורות לאַנג אויס -- נאָר מיליאָנען דורות וועלען דאָך נאָך קומען און פאַרבייגעהן. ציוויליזאַציע — איז גליק און יושר; באַרבאַריי איז שלעכטס און בייזעס; די פרייהייט — איז דאָס גוטע; קנעכטשאַפט — איז דאָס שלעכטע. אָט די דאָזיגע זיכערקייט, וואָס עקזיסטירט בלויז אין דער פאָרשטעלונג, זי פערניכטעט די שענסטע אינסטינקטיווע אוראַלטע גוטע געפיהלען, וואָס ליגען אין דער נאַטור פון דעם מענשען. און ווער קען עס מיר אויף קלאָר דערווייזען, וואָס איז פרייהייט, וואָס איז דעספאָטיזם, וואָס איז ציוויליזאַציע און וואָס איז באַרבאַריי? און וואו איז דער גרעניץ פון דאָס ערשטע און פון דאָס צווייטע? און ביי וועמען אין האַרצען איז די ריכטיגע מאָס פון גוטס און שלעכטס, ער זאָל קענען מעסטען מיט איהר אַלע בעוועגליכע, פערפלאָנטערטע פאַקטען און אָבוועגען זיי. און ווער האָט געזעהן אַזאַ צושטאַנד, אין וועלכען ס'זאָל ניט זיין גוטס און שלעכטס אינאיינעם געמישט? און ווי אַזוי קען איך וויסען, אַז איך זעה מעהר אָט די זאַך, און ניט קיין אַנדערע, ניט דערפאַר ווייל איך שטעה ניט אויף דעם אמת'ן פלאַץ? אין ווער האָט עס בכח חאָטש אויף איין אויגענבליק, !יך אָבריסען פונ'ם לעבען און פריי, ניט אָבהענגיג פון אויבען אויף איהם אַ בליק געבען? נאָר איינער איין-איינציגער הערליכער און ריכטיגער מדריך איז פאַראַן אין אונז זעלבסט, וואָס פיהרט אונז — דאָס איז דער איייביגער גייסט, וואָס נעהמט אונז אַלעמען אינאיינעם אַ דורך און יעדען איינציגען בעזונדער אַלס איינעם, ער לעגט אין יעדערען אַריין דאָס שטרעבען צו דעם אמת און צו דער ווירקליכקייט, דער זעלביגער גייסט, וואָס הייסט דעם בוים וואַקסען און שטרעבען צו דער זון, דעם בוים הייסט ער בליהען און צו הערבסט דאָס קערענדיל פערזייען, און אין אונז איז ער און הייסט אונז געגען אונזער וויסען זיך דערנעהנטערן איינער צום אַנדערען און זיך דריקען איינער צום אַנדערען.

אין אָט די איינציגע וואַהרהאַפטיגע געטליכע שטימע, פערטויבט די רוישענדע היילענדיגע ענטוויקלונג פון דער ציוויליזאַציע. ווער איז מעהר מענש און ווער איז מעהר באַרבאַר? צי דער לאָרד, וועלכער דערזעהענדיג דעם צוריסענעם בגד אויפ'ן זינגער איז אַ צורייצטער אַנטלאָפען פון

טיש, פאַר זיין מיה האָט ער ניט גענעבען אפילו אַ מיליאָנט־חלק פון זיין פערמעגען, און איצטער זיצענדיג אין דעם ליכטיגען בעקוועמען צימער משפט ער איבער די חינעזישע געשעהענישען, געפינענדיג, אַז מיט רעכט האָט מען דאָרט אַזוי פיעל מענשען געטויט — אָדער דער קליינינקער זינגער, וועלכער ריזיקירענדיג אין טורמע אַריינציפאַלען, מיט איין פראַנק אין קעשענע, צוואַנציג יאָהר ניט טאָהענדיג קיינעם קיין בייז, קריכט ער איבער באַרג און טאָל און מאַכט מענשען פרעהליך מיט זיין זינגען, וועלכען מען האָט היינט בעליידיגט, שיער איהם ניט אַרויסגעוואָרפען, און וועלכער איז הונגעריג און נידערגעשלאָגען אַוועק ערגיץ נעכטיגען אויף אַ בינטעל פערפוילטע שטרוי?

---

אין דער זעלבער צייט האָט זיך צו מיר אין דער טייטער שטילקייט דערטראָגען וויט־וויט פון שטאָדט די קלאַנגען פון דער גיטאַרע פון דעם קליין מענשעלע און די שטימע זיינע.

ניין, האָב איך ניט ווילענדיג אַ קלער געגעבען, דו האָסט ניט קיין רעכט דעם זינגער צו בעדויערן און אינצופרידען זיין מיט די בעקוועמליכקייט און רייכקייט פון דעם לאָרד. ווער האָט אָבגעוועגען דאָס אינערליכע גליק, וועלכעס איז פערבאָרגען אין דער טיפעניש פון דער נשמה ביי יעדען פון די דאָזיגע לייט? אָט זיצט ער זיך געוויס ערגיץ אויף אַ שמיציגען שוועל און קוקט צום וואונדערשענעם לבנה־הימעל און פרעהליך זינגט ער זיך אין דער שטילער שמעקענדיגער נאַכט; ניטאָ אין זיין נשמה ניט קיין שנאה, ניט קיין פאָרוואורף, ניט קיין חרטה. און ווער ווייס, וואָס עס טהוט זיך אין האַרצען ביי די אַלע לייט אָט דאָ אויף יענער זייט רייכע שענע ווענט? ווער ווייסט, צי ביי זיי אַלעמען איז פאַראַן אַזוי פיעל זאָרגלאָזיגקייט, בעשיידענע שמחה און צופרידענקייט מיט׳ן לעבען און מיט דער וועלט, וויפיל עס לעבט אין דער נשמה פון אָט דאָס קליין מענשעלע? אונענדליך גרויס איז די חכמה און ערהאַבענהייט פון דעם, וועלכער האָט ערלויבט און געהייסען לעבען אָט די אַלע ווידערשפרוכען און סתירות. נאָר בלויז דיר, דו נישטיגער וואָרעם, וועלכער שטרעבט פרעך און אונרעכטליך צו ערפאַהרען זיינע געזעצען, און דערגעהן זיינע כונות, נאָר פאַר דיר זעהט עס ווי אַ ווידערשפרוך אויס.

ער קוקט בעשיידען פון זיין אונענדליכער, ליכטיגער הייליגקייט אַראָב, מיט שמחה קוקט ער אַראָב צו דער אונענדליכער גאַנצקייט און האַרמאָניע, אין וועלכער איהר אַלע בעוועגט זיך ווידערשפּרעכליך און אונענדליך. האָסט געמיינט מיט דיין שטאָלצקייט זיך אַרויסרייסען פון די געזעלשאַפטליכע געזעצען, ניין, אויך דו מיט דיין מיאוסען קליינליכען כעס אויף די לאַקייען, אויך דו האָסט אָבגעענטפערט אויף דער האַרמאָנישער פאָדערונג פון דער אייביגקייט און אונענדליכקייט.

---

# קאָרניי וואַסיליעוו.

(ערצעהלונג).

# קאָרניי וואַסיליעוו.

## I.

קאָרניי וואַסיליעוו איז אַלט געווען 54 יאָהר, ווען ער איז צום לעצטען מאָל געקומען צופאָהרען אין דאָרף אַריין. אין זיין געדיכט געקרייזטען קאָפּ האָט זיך נאָך קיין איין גרויער האָר ניט געמערקט, בלויז אין זיין באָרד, נעבען די באַקביינער האָט זיך אַ גרויקייט דורכגעשלאָגען. דאָס געזיכט זיינס איז געווען גלאַט, רויטיג, דער קאַרק ברייט און געזונד און זיין גאַנצער גוף איז מיט פעטס פערוואַקסען געוואָרען, פון דעם זאַטען שטאָרטישען לעבען.

מיט 20 יאָהר צוריק האָט ער אָבגע'פּטר'ט זיין מיליטער=דינסט, און האָט זיך פון דאָרט אומגעקעהרט מיט געלד. פון אָנהייב האָט ער זיך פערלעגט א קלייטעל, נאָר שפּעטער האָט ער דאָס קלייטעל געוואָרפען און האָט אָנגעהייבען האַנדלען מיט בהמות. ער פלעגט פאָהרען קיין טשערקאַסי נאָך סחורה (בהמות) און פון דאָרט געטריבען קיין מאָסקוואַ.

אין דעם דאָרף האַיי, אין זיין געמויערטען און מיט בלעך געדעקטען הויז, האָט געוואוינט זיין אַלטע מאַמע, דאָס ווייב מיט צוויי קינדער (אַ מיידיל און אַ אינגעל), דערצו נאָך אַ פער'יתום'טער פּליעמיעניק, אַ שטומער 15=יאָהריגער יונג, און אַנ'אַרבייטער. קאָרניי האָט אויף זיין לעבען צוויי מאָל חתונה געהאַט. זיין ערשטע ווייב איז געווען אַ שוואַכע, אַ קרענקליכע און איז געשטאָרבען אָהן קינדער, און זייענדיג שוין ניט קיין גאַנץ יונגער אַלמן, האָט ער אַ צווייטען מאָל חתונה געהאַט מיט אַ געזונד שעני מיידיל, אַנ'אָרימער אַלמנה'ס אַ טאָכטער, פון דעם שכנישען דאָרף. די קינדער האָט ער געהאַט פון דער צווייטער פרוי.

קאָרניי האָט אַזוי גלענצענד פאַרקויפט זיינע ; לעצטע סחורה אין מאָסקווא, דאָס בײַ איהם האָט זיך צוזאַמענגעקליבען בײַ דריי טויזענד רובעל געלד. דערוויסענדיג זיך בײַ אַ מענשען פון זיין דאָרף, אַז ניט ווייט פון זיין דאָרף פאַרקויפט זיך בײַ אַ פעראָרימטען פריץ אַ וועלדיל, האָט ער אַ קלער געטאָן נאָך מיט וואַלד אויך צו מאַכען אַ האַנדעל. איהם איז אַזאַ עסק אויך ניט פרעמד געווען, און נאָך פאַר זיין דינסט איז ער געווען אַ געהילפס־פריקאַזטשיק בײַ אַ וואַלד־סוחר.

אויף דער סטאַנציע, פון וועלכער מען האָט זיך פערנומען קיין האַיי, האָט ער געטראָפען פון זיין דאָרף אַ מענשען, דעם ,איין אויג בלינדען קוזמא. קוזמא פלעגט צו יעדען צוג אַרויספאָהרען פון האַיי נאָך פּאַסאַזשירען, אויף זיין פּאָר מאָגערע, קאָסמאַטע פערדלעך. קוזמא איז געווען אַ קבצן און דעריבער האָט ער פיינד געהאַט אַלע רייכע, און איבערהויפט האָט ער ניט ליב געהאַט קאַרנייען, וועלכען ער פלעגט רופען קאַרניושקע.

קאָרניי, אָנגעטאָן אין אַ פּעלציל מיט אַ פוטער, אין דער האַנד אַ טשעמאָדאַן, איז אַרויס אויפ'ן גאַניק פון סטאַנציע און אויסשטעלענדיג זיין בויך האָט ער זיך אָבגעשטעלט, בלאָזענדיג פון זיך און געקוקט אויף אַלע זייטען. ס'איז געווען אין דער פריה, אויף דער גאַס איז גע־ווען שטיל, רוהיג, אַביסעל כמאַרנע און מיט אַ קליין פרעסטעלע.

— נו וואָס, נישט געפונען קיין פּאַסאַזשירען, פעטער,—האָט ער געזאָגט — סט'אָבפיהרען, וואָס?

— מ'קען; סט'געבען אַ קערביל, וועל איך אָבפיהרען.

— זיבעציג קאָפּיקעס אויך גענוג.

— האָט זיך אַ בויך אָנגעפרעסען און וויל בײַ אַן'אָרימאַן דרייסיג קאָפּיקעס אויסרייסען.

— נו וואויל, זאָל זיין, האָט קאָרניי געזאָגט, און אַריינלעגענדיג אין דעם קליין שליטעל זיין טשעמאָדאַן און דעם פעקיל, האָט ער זיך ברייט אַוועקגעזעצט אויף דעם הינטערשטען געזעס.

קוזמא איז געבליבען אויף די „קאָזלעס“.

— שוין רעכט, ריהר זיך.

זיי זענען אַרויסגעפאָהרען פון צוקרימטען פּלאַץ, וואָס נעבען וואָקזאַל, אויף דעם גלייכען וועג אַרויס.

— נו, װאָס הערט זיך בײ אײַך, נישט בײ אונז, נאָר דאָרט בײ אײַך אין דאָרף מײן איך? האָט קאַרנײ געפרעגט.

— גוטס איז װעניג.

— װאָס איז דען, לעבט מײן אַלטע?

— די אַלטע לעבט נאָך. איז די טעג אין קלױסטער געװען. די אַלטע דײנע לעבט און דײן יונגע בעל־הבית'טע לעבט אויך. װאָס פעהלט איהר, האָט אַ נײעם אַרבײטער צוגענומען.

— װאָס פאַר אַנ'אַרבײטער? און װאו איז פעטר.

— פעטר איז קראַנק געװאָרען. האָט זי צוגענומען יעװסטיגנײען דעם װײסען, פון קאַמענקע — האָט קוזמא געזאָגט — פון איהר אײגענעם דאָרף הײסט עס.

— גאָר אַזוי! האָט קאַרנײ געזאָגט.

נאך יעמאָלט, װען קאָרנײ האָט זיך גע'שרב'נט צו מאַרפע'ן, האָבען בײם עולם, עפּיס די װײבער, געבאָלבעט װעגען יעװסטיגנײע'ן.

— אָט אַזוי איז עס, קאָרנײ װאַסיליעװיטש, האָט קוזמא געזאָגט, שוין צו־פיל האָבען זיך הײנטיגע װײבער די פרײהײט פערכאַפּט.

— ניטאָ װאָס צו רעדען — האָט אַ זאָג געטאָן קאָרנײ — דײן סיזער איז שוין גאָר אַלט געװאָרען, האָט ער צוגעגעבען, װעלענדיג דערמיט איבעררײסען דעם שמועות.

— איך בין שוין אויך נישט יונג. אין בעל־הבית גראָטען — האָט קוזמא געזאָגט אַלס ענטפער אויף קאָרנײ'ס װערטער, אַ שמיץ־געבענדיג דעם קאָסמאַטען קרומפיסיגען פערד.

אויפ'ן העלפט װעג איז געװען אַ קרעטשמע. קאָרנײ האָט געהײסען זיך אָבשטעלען און איז אין שטוב אַרײן. קוזמא האָט אָבגעקירעװעט די פערד צו דער לעדיגער קאָריטע און האָט דאָרט דעם געשפּאַן פעררױכט, ניט קוקענדיג אויף קאָרנײ'ס זײט און װאַרטענדיג, אַז ער װעט איהם רופען אױסצוטרינקען.

— מילא װאָס, װעסט אַרײנגעהן, פעטער — האָט קאָרנײ געזאָגט אַרױסגעהענדיג אויפ'ן בריקעל: — סט'אױסטרינקען אַ גלעזיל.

— זאָל זײן אַזוי, האָט קוזמא געענטפערט, מאַכענדיג אַ פּנים, װי ער װאָלט זיך ניט געהײלט.

קאָרניי האָט געפּאָדערט אַ פלעשיל בראַנפּין און האָט אָנגענאָסען קוזמאַ׳ן. קוזמאַ האָט נאָך פון דער פריה־אָן ניט געגעסען, דער בראַנפּין האָט איהם גלייך דורכגענומען און ווי נאָר ער האָט זיך אַ ביסעל אָנגע־וואַרימט, האָט ער זיך צוגעבויגען צו קאָרניי׳ען און, שעפּטשענדיג, האָט ער איהם אָנגעהייבען דערצעהלען, וואָס מען רעדט אין דאָרף. און גע־שמועות׳ט האָט מען, אַז מארפא, זיין ווייב, האָט גענומען פּאַר אַנ׳־אַרבייטער איהר אַמאָליגען געליבטען און זי לעבט מיט איהם.

— מיינסט וואָס אַרט עס מיר — כ׳האָב נאָר אויף דיר רחמנות — האָט קוזמאַ אַ פער׳שכור׳טער גערעדט.—ס׳איז גאָר נישט גוט, וואָס דער עולם מאַכט חוזק. זי האָט, ווייזט אייס, פאַר אַנ׳עברה קיין מורא נישט. נו, וואַרט נאָך אַ ביסעל, זאָג איך, האָב צייט, ער אַליין וועט אַראָבקומען. אַזוי איז עס, ברודערקע, קאָרניי וואַסיליעוויטש!

קאָרניי האָט שווייגענדיג אייסגעהערט, וואָס קוזמאַ האָט גערעדט און זיינע געדיכטע ברעמען האָבען זיך אַלץ נידריגער אַראָבגעלאָזען איבער זיינע בלישטשענדיגע, ווי קויל שוואַרצע אויגען.

— וואָס, די פערד וועסטו פאָיען? — האָט ער געזאָגט, ווען דאָס פלעשיל איז שוין געווען לעדיג, —ווען ניט, טאָ לאָמיר פאָהרען.

ער האָט אָבגעצאָהלט דעם בעל־הבית און איז אַרויס אויף דער גאַס.

אַ היים איז ער אָנגעקומען שוין פאַרנאַכט. דער ערשטער האָט איהם בעגעגענט דער זעלבער יעווסטיגניי דער ווייסער, וועגען וועלכען ער האָט ניט ווילענדיג געקלערט אַ גאַנצען וועג. קאָרניי האָט איהם בעגריסט. דערזעהענדיג דאָס מאָגערע הייסע געזיכט פון יעווסטיגניי׳ען, וועלכער האָט זיך איהם אַנטקעגען געאיילט, האָט ער פערוואונדערט מיט׳ן קאָפּ אַ שאָקעל געטאָן. „האָט מיר אָנגעליגט דער אַלטער הונד" — האָט ער אַ קלער געגעבען איבער קוזמאַ׳ס ווערטער — און ווער קען בײַ זיי דערגעהן! נאָר איך וועל שוין דערגעהן".

קוזמאַ איז געשטאַנען נעבען פערד און האָט מיט איין אויגעל צו־געוואונקען אויף יעווסטיגניי׳ען.

— הייסט עס, בײַ אונז ביזטו? האָט קאַרניי געפרעגט.

— מילא, מען בעדאַרף דאָך ערגיץ אַרבייט זוכען, האָט יעוו־סטיגניי געענטפערט.

— די קאַמער איז אויסגעהייצט?

— ווייסט ווי רען, מאַטווייעוונע איז דאָרט — האָט יעווסטיגנײַ געַ-ענטפערט.

קאָרנײַ איז אַרויף אויפ'ן בריקעל. מארפא, דערהערענדיג רעדען, איז אַרויס אין פּאָרהויז, און דערזעהענדיג דעם מאַן האָט זי זיך ווי אָנ-געצינדען, און אײַלענדיג און בעזאָנדערס ליעב האָט זי איהם בעגריסט.

— און איך מיט דער מאַמען האָבען שוין אפילו וואַרטען אויפגע-הערט, האָט זי געזאָגט און איז נאָך קאַרנײַען אַרײַן אין קאַמער.

— נו, ווי לעבט איהר דאָ אָהן מיר?

— מיר לעבען זיך ווי געווען, — האָט זי געענטפערט און אונ-טערבאַפּענדיג אײפּ'ן האַנד די צוויי-יאָהריגע טאָכטער, וועלכע האָט איהר פאַר'ן קלייד געצייגען און מילך געבעטען, איז זי מיט גרויסע זיכערע טריט אַרויסגעגאַנגען אין פּאָרהויז.

קאָרנײַ'ס מאַמע, אויך מיט אַ זעלבע שוואַרצע אויגען ווי קאָרנײַ, איז, די פיס שלעפּענדיג, און וואָליקעס, אַריינגעקומען אין קאַמער.

— א דאַנק וואָס דו ביזט געקומען געוואָהר-ווערען, — האָט זי געזאָגט שאָקלענדיג מיט איהר קאָפּ, וועלכער האָט געציטערט.

קאָרנײַ האָט דער מאַמען דערצעהלט, צוליב וואָס פאַר אַנ'עסק ער איז געקומען, און דערמאָנענדיג זיך אָן קוזמאַ'ן האָט ער איהם געלד אַרויסגעטראָגען. ווי נאָר ער האָט געעפענט די טיר אין פּאָרהויז אַריין, האָט ער בעמערקט גלייך אַנטקעגען זיך, נעבען טיר אויפ'ן הויף, מארפא'ן און יעווסטיגנייען, זיי זענען געשטאַנען נאָהנט איינער צום אַנדערען און זי האָט עפּיס צו איהם גערעדט. דערזעהענדיג קאָרנײַ'ען האָט יעווסטיגנײַ זיך אָבגעטראָגען אין הויף אַריין און מארפא איז צוגעגאַנגען צום סאַמאָ-וואַר און פעררי‌כט די רעהר אויף איהם.

קאָרנײַ איז שווייגענדיג פאַרבייגעגאַנגען נעבען איהר אויסגעבויגע-נער פּלייצע און, נעהמענדיג דאָס פּעקיל, האָט ער אַרופגעטאָן קוזמאַ'ן טיי טרינקען אין דער גרייסער שטוב אַריין. בײַ'ם טיי האָט קאָרנײַ צו-טיילט די שטוב-לייט מתנות, וואָס ער האָט געבראַכט פון מאָסקווע: דער מאַמען אַ וואָלענע פאַטשיילע, פעדקען אַ ביכעל מיט „קאַרטינקעס", דעם שטומען פּלימעניק אַ קאַמעזעלקע און פאַר'ן ווייב ציץ אויף אַ קלייד.

ביי׳ם טיי איז קאַרניי געזעסען ברוגז׳דיג און האָט געשוויגען; נאָר ציימענוויז האָט ער אָהן השק געשמייכעלט, קוקענדיג אויף דעם שטוי-מען, וועלכער האָט אַלעמען געוויילט מיט זיין שמחה. ער האָט זיך ניט געקענט געגוג אָנפרעהעען מיט זיין זשילעט. ער האָט איהם צונויפגעלעגט און פונאַנדערגענומען, אָנגעמאָסטען און אויסגעטאָן און האָט זיך די הענר געקושט, קוקענדיג צו קאָרניי׳ען און געשמייכעלט.

נאָכ׳ן טיי און נאָך דעם אָבענדברויט איז קאָרניי גלייך אַוועק אין קאַמער אַריין, וואו ער שלאָפט מיט מארפאַ׳ן און מיט דער קליינינקער טאָכטער. מארפא איז פערבליבען אינ׳ם גרויסען שטוב און אויפגעראַמט דאָס געפעס. קאָרניי איז איינער אַליין געזעסען ביי׳ם טיש אָנגעשפאַרט אויפ׳ן האַנד און האָט געוואַרט. דער כעס אויפ׳ן ווייב האָט זיך וואָס ווייטער אַלע מעהר און מעהר אויפגעהייבען אין איהם, ער האָט פון וואַנד אַראָבגענומען דעם סטשאָט, בעקימען פון קעשענע זיין נאָטיץ-ביכעל און כדי צוטרייבען זיינע געראַנקען, האָט ער אָנגעהייבען זיך רעכענען. ער האָט גע׳חשבונ׳ט אַלע מאָל צום טיר קוקענדיג, און צו-געהערט זיך צו די שטימען אין דעם גרויסען שטוב.

עטליכע מאָל האָט ער געהערט, ווי ס׳האָט זיך געעפענט די שטוב-טיר און עמיצער איז אַרויס אין פאָרהייז, נאָר דאָס איז אַלץ ניט געווען זי. ענדליך האָבען זיך דערהערט איהרע טריט, די טיר האָט זיך אַ ריס-געגעבען, אויפגעעפענט, און זי איז אַ פערראויטעלטע, אַ שענע אין אַ רויט טיכעל אויפ׳ן קאָפּ, אַריינגעקימען מיט׳ן מיידעלע אויפ׳ן האַנד.

— ביזט געווים פון וועג פערמאַטערט? — האָט זי געזאָגט שמייכ-לענדיג, ווי זי וואָלט גאָר ניט מערקען זיין ברוגז׳ן אויסזעהן.

קאָרניי האָט אויף איהר אַ קוק געגעבען, גאָר ניט ענטפערענדיג, און זיך ווידער פערנומען מיט חשבון, האָטש צי חשבונ׳ען האָט ער שוין ניט געהאַט וואָס.

— ס׳איז שוין ניט פריה — האָט זי געזאָגט און, אַראָבלאָזענדיג דאָס מיידעלע פון האַנד, איז זי אַריין הינטער דעם אָבגעצוימט ווענטיל.

ער האָט געהערט ווי זי האָט אויסגעבעט דאָס בעט און האָט די טאָכטער שלאָפען געלעגט.

— „לייט מאַכען חוזק — האָט ער זיך דערמאָנט קוזמא׳ס

ווערטער. — דו ווארט נאָר אַביסעל!״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן און שווער דעם אָטעם אָבגעכאַפּט און לאַנגזאַם בעווענענדיג זיך האָט ער זיך אויפגעהייבען, דאָס אויסגעשריבען שטיקעל בליישטיפט האָט ער אין ושילעט־קעשענע אַריינגעלעגט, האָט אויפ׳ן טשוואָק דעם סטשאָט אויפ־געהאַנגען און איז ציגענאַנגען צום טירעל פון פשעפערעניע. זי איז גע־שטאַנען מיט׳ן געזיכט צום הייליגען בילד און האָט געבעטען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט און געוואַרט. זי האָט זיך לאַנג געקרייצט, געבוקט זיך און שעפּטשענדיג געזאָגט איהר תפילה. איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי האָט שוין לאַנג איהרע אַלע תפילות אָבגעזאָגט, נאָר אומישנע חזר׳ט זי זיי איבער צו עטליכע מאָל. ענדליך האָט זי זיך צום לעצטען מאָל געבייגען מיט׳ן פּנים ביז צו דער ערד, האָט זיך אויסגעגלייכט און שעפּטשענדיג אין זיך נאָך איניגע ווערטער פון דער תפילה האָט זי זיך אומגעקעהרט מיט׳ן געזיכט צו איהם.

— און אַגאַשקע שלאָפט שוין, האָט זי געזאָגט אָנווייזענדיג אויפ׳ן מיידעלע, און שמייכלענדיג האָט זי זיך געזעצט אויפ׳ן בעט, וועלכעס האָט געסקריפּעט אונטער איהר.

— יעווסטיגניי איז שוין לאַנג דאָ? האָט ער געפרעגט אין טיר אַריינגעהענדיג.

זי האָט מיט אַ גאַניץ רוהיגער בעוועגונג אַריבערגעוואָרפען אַ דיקען צאָפּ האָר איבער׳ן אַקסעל אויפ׳ן ברוסט און מיט פלינקע פינגער האָט זי איהם אָנגעהייבען פונאַדערפלעכטען. זי האָט גלייך אויף איהם געקוקט און די אויגען איהרע האָבען געלאַכט.

— יעווסטיגניי זאָגסטו? ווער ווייס איהם דאָרטען, — אַ וואָכען צוויי אָדער דריי.

— דו לעבסט מיט איהם? האָט קאָרניי אַ זאָג געטאָן.

זי האָט אַרייסגעלאָזט פון האַנד איהר צאָפּ, נאָר באַלד האָט זי צוריק אַ כאַפּגעטאָן איהרע געדיכטע האַרטע האָר און האָט ווידער גע־נומען פלעכטען.

— וואָס נאָך וועט מען אויסטראַכטען? איך לעב גאָר מיט יעוו־סטיגניי׳ען! האָט זי געזאָגט, בעזונדערס שאַרף אַרויסרעדענדיג דאָס וואָרט יעווסטיגניי. — זיי קענען אויסטראַכטען! ווער האָט עס דיר געזאָגט?

— זאָג: צי איז עס אמת אָדער ניין, האָט קאָרניי געזאָגט, צו־זאַמענדריקענדיג אין פויסטען זיינע געזונדע הענד, וועלכע ער האָט גע־האַלטען אין די קעשענעס פערשטעקט.

— גענוג דיר נאַרישקייטען רעדען! זאָל איך דיר די שטיוועל אראָבציהען?

— איך פרעג דאָך ביי דיר, האָט ער איבערגע'חזר'ט.

— האָסטו געזעהן די גרויסע מתנה, יעווסטיגניי איז מיר געשמאַק געוואָרען! — האָט זי געזאָגט — יוער האָט עס דיר אַזאַ ליגען אָנ־געזאָגט?

— וואָס האָסטו מיט איהם אין פאָרהויז גערעדט?

— ווייס איך וואָס גערעדט! איך האָב איהם געזאָגט, אייפ'ן פאַס בעדאַרף מען אַ רייף אָנשלאָגען, אָבער וואָס ביזטו צו מיר ציגעשטאַנען!

— איך הייס, זאָג דעם אמת! כ'וועל דער'הרג'ענען, די ארורה מיאוס'ע.

ער האָט איהר אָנגעכאַפּט פאַר'ן צאָפּ.

זי האָט אַרויסגעריסען פון זיין האַנד איהר צאָפּ און איהר געזיכט האָט זיך פערקרימט פאַר וועהטאָג.

— נאָר אויף דעם האָב איך דיך גענומען, זאָלסט זיך שלאָגען. וואָס פאַר אַ נחת האָב איך ביי דיר אָנגעזעהן? ביי אַזאַ לעבען קען מען כ'וויס ניט וואָס אָבטאָן.

— וואָס וועסטו אָבטאָן? — האָט ער אייסגערעדט לאָזענדיג זיך צו איהר.

— פאַר וואָס האָסטו מיר אַ האַלבען צאָפּ אייסגעריסען! זעה! גאַנצע זשמוטען קריכען אייס. וואָס ביזטו ציגעשטאַנען! און ס'איז אמת, אז...

זי האָט ניט אויסגערעדט דאָס איבעריגע. ער האָט זי אַ כאַפּ־געטאָן פאַר'ן האַנד, אַראָבגעשלעפּט פון בעט און האָט זי אָנגעהייבען שלאָגען איבער'ן קאָפּ, איבער די זייטען און אין ברוסט. וואָס מעהר ער האָט זי געשלאָגען, אַלץ מעהר האָט זיך אין איהם צופלאַקערט זיין צאָרען. זי האָט געשריען, זיך פערטיידיגט, האָט געוואָלט אַוועקגעהן, נאָר ער

האָט זי ניט אָבגעלאָזט. דאָס מיידעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט און זיך געוואָרפען צו דער מוטער.

— מאַמעלע! — האָט עס געשריען.

קאָרניי האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס מיידעלע פאַר'ן הענטיל, אָבגעריסען עס פון דער מוטער און ווי אַקעציל האָט ער עס אַ שליידער געטאָן אין ווינקעל אַריין. דאָס מיידעלע האָט אַ קוויטש געטאָן און דערנאָך האָט מען עס עטליכע סעקונדען גאָר ניט געהערט.

— רוצח! ער האָט דאָס קינד גע'הרג'ט! — האָט מאַרפא געשריען און האָט זיך געוואָלט אויפהייבען צו דער טאָכטער.

נאָר ער האָט זי ווידער אַזאַ קלאַפּ געגעבען אין ברוסט, דאָס זי איז געפאַלען אויפ'ן פּלייצע און האָט אויך אויפגעהערט שרייען. נאָר דאָס מיידעלע האָט מיט אַלע כחות געשריען אין איין אָטעם.

די אַלטע, אָהן אַ טיבעל מיט צעוואָרפענע גרויע האָר אויף איהר קאָפּ, וועלכער האָט געציטערט, איז וואַקלענדיג אַריינגעקומען אין קאַמער און ניט קיין קיק געבענדיג, ניט אויף קאָרנייען און ניט אויף מארפאַ'ן, איז זי צוגעגאַנגען צום אייניקעל, וועלכעס האָט געקלאָגט מיט ביטערע טרערען, און האָט עס אויפגעהויבען.

קאָרניי איז געשטאַנען, שווער געאָטעמט, און האָט זיך אַרומגעקוקט ווי פון שלאָף, ניט פערשטעהענדיג, וואו ער איז און ווער איז דאָ נעבען איהם.

מארפא האָט אויפגעהייבען דעם קאָפּ און קרעכצענדיג האָט זי מיט דער העמד געווישט דאָס צובלוטיגט געזיכט.

— דו מיאוסער רוצח — האָט זי געדעדט — איך לעב טאַקי מיט יעווסטיגנייען און האָב מיט איהם געלעבט! נאַ, דער'הרג'ע מיך צום טויט! און אַגאַשקע איז ניטט דיין טאָכטער; דאָס האָב איך פון איהם געבאָרען. — האָט זי שנעל אַרויסגערעדט און מיט'ן האַנד דאָס געזיכט פערשטעלט וואַרטענדיג אויף אַ קלאַפּ.

נאָר קאָרניי, ווי ער וואָלט גאָר ניט פערשטאַנען; ער האָט געסאָפּעט און אומגעקוקט זיך.

— קוק נאָר, וואָס דו האָסט מיט'ן מיידיל געמאַכט: אַ האַנד אויסגעדרעהט, — האָט די אַלטע געזאָגט, בעוויזענדיג אויף דאָס

אויסגעקרימט הענטיל, וואָס איז געהאַנגען ביים מיידעלע, וועלכעס האָט זיך פון געווייזן פערגאַנגען.

קאַרניי האָט זיך אויסגעדרעהט און שווייגענדיג איז ער אַרויס־געגאַנגען אין פאָרערהויז אויפ׳ן בריקעל.

אויף דער גאַס איז נאָך אלץ געווען אַ פרעסטיל און כמאַרנע, שנייעלעך זענען איהם געפאַלען אויף זיינע ברענענדיגע באַקען און שטערן. ער האָט זיך געזעצט אויפ׳ן טרעפּיל און האָט געגעסען מיט׳ן הויפען דעם שניי, וועלכען ער האָט צונויפגעשאַרט אויפ׳ן פאַרענטש. אויף יענער זייט טיר האָט זיך געהערט מאַרפאַ׳ס קרעכצען און דאָס בימערע געוויין פונ׳ם מיידעלע; דערנאָך האָט זיך געעפענט די טיר אין פאָרהויז אַריין און ער האָט געהערט, ווי די מאַמע מיט׳ן מיידעלע זענען אַרויס פון קאַמער און דורכגעהענדיג דעם פאָרהויז איז זי אַריין אין דער גרויסער שטוב, ער האָט זיך אויפגעהייבען און איז אַוועק אין קאַמער אַריין. אויפ׳ן טיש האָט מיט אַ קליינעם פייער געברענט דער אַראָב־געדרעהטער לאָמפּ. אויף יענער זייט וועגטיל האָבען זיך געהערט מאַרפאַ׳ס קרעכצען, וועלכע זענען שטאַרקער געוואָרען ווי נאָר ער איז אין קאַמער אַריין. ער האָט זיך שווייגענדיג אָנגעטאָן, בעקומען פון אונטער דער באַנק זיין טשעמאָדאַן, אַהין זיינע זאַכען אַריינגעלעגט און האָט איהם אַרומגעוּונדען מיט אַ שטריק.

— פאַר וואָס האָסטו מיך דער׳הרג׳עט! פאַר וואָס? וואָס האָב איך דיר געטאָן אַזוינס? האָט מארפא מיט אַ רחמנות־קול אָנגעהייבען צו רעדען.

קאַרניי האָט ניט געענטפערט, ער האָט אויפגעהייבען דעם טשע־מאָדאַן און אַוועק צום טיר.

— קאַטאָרזשניק, רוצח! וואַרט נאָר, וואַרט, מיינסט אויף דיר איז עס גאָר קיין משפט ניטאָ? — האָט זי שוין גאָר מיט אַנ׳אַנדער קול, בייז אַרויסגערעדט.

קאַרניי האָט גאָר ניט געענטפערט, האָט מיט׳ן פוס אַ שטויסגע־טאָן די טיר און האָט זי מיט אַזאַ קלאַפּ פערמאַכט, אַז די ווענד האָבען אַ ציטער געטאָן.

אַריינגעהענדיג אין דער גרויסער שטוב, האָט ער אויפגעוועקט דעם שטומען און האָט איהם געהייסען שפּאַנען אַ פערד. דער שטומער,

וועלכער האָט זיך ניט גלייך אויפגעוואַכט, האָט מיט אַ פראַגע פער־וואונדערט געקוקט אויף דעם פעטער און מיט ביידע הענד זיך געקראַצט אין קאָפּ. בענעהמענדיג דערנאָך, וואָס מען פערלאַנגט פון איהם, איז ער פון געלעגער אויפגעשפרונגען, האָט אָנגעטאָן וואָליקעס מיט אַ צעריסען פעלצעל, גענומען אַ לאַנטערנע און איז אַרויס אויפ'ן הויף.

ס'איז שוין געווען גאַנץ ליכטיג, ווען קאָרניי איז אַרויסגעפאָהרען מיט'ן שטומען אין אַ קליינעם פויער־שליטעל, אויף יענער זייט טויער, און ער איז אַוועקגעפאָהרען מיט דעם אייגענעם וועג, מיט וועלכען ער איז פאַרנאַכט געקומען צופאָהרען מיט קוזמא'ן.

ער איז געקומען צו דער סטאַנציע מיט פינף מינוט פריהער, איידער דער צוג איז אָבגעגאַנגען. דער שטומער האָט געזעהן, ווי ער האָט געקויפט אַ בילעט, ווי ער האָט גענומען דעם טשעמאָדאַן און ווי ער האָט זיך געזעצט אין וואַגאָן, צו איהם מיט'ן קאָפּ אַ נויג־טאָנדיג, און ווי דער וואַגאָן איז פון אייג פערשוואונדען געוואָרען.

---

ביי מאַרפא'ן, אייסער איהר צושלאָגען געזיכט, איז ביי איהר נאָך געווען צובראָכען צוויי ריפּ־ביינער אין זייט און דער קאָפּ צושלאָגען. נאָר זי שטאַרקע, געזונדע און יונגע פרוי איז אין פערלויף פון אַ האַלב יאָהר געזונד געוואָרען, אַזוי, אַז פון אַלע קלעפּ איז קיין צייכען ניט געבליבען. דאָס מיידעלע אָבער איז שוין אויף שטענדיג פערבליבען אַ האַלבע קאַליקע. ביי איהר איז צובראָכען געווען צוויי ביינער פון האַנד, און די האַנד איז שוין אויף שטענדיג פערבליבען קרום.

און וועגען קאָרנייען האָט פון יענער צייט אָן, זינט ער איז אַוועק־געגאַנגען, קיינער גאָר ניט געוואוסט; מען האָט ניט געוואוסט, צו ער לעבט אָדער ער איז געשטאָרבען.

---

## II.

ס'זענען אריבער 17 יאָהר. עס איז געווען טיעף אין אָסיען. די זון איז בייַ'ם ברעג הימעל פאַרבייגעגאַנצען, און אַרום פיער פאַרנאַכט איז שוין דונקעל געוואָרען. די אַנדרעעווער סטאַדע האָט זיך שוין צוריקגעקעהרט אין דאָרף. דער פאַסטוך, וועלכער האָט אָבגעדינט זיין צייט, איז נאָך ביז צום פערפאַסטען אַהיעקגעגאַנגען, און די בהמות אין פעלד האָבען געטריבען מיט אַ סדר ווייבער און אינגלעך.

די סטאַדע איז נאָר וואָס אַראָבגעגאַנגען פון דעם אָבגעשניטענעם האָבער=פעלד אויף דעם קייטיגען צוגריבעלטען פון צוויי=קלאָהענדיגע טריט און צושניטען פון וואָגען=רעדער, שוואַרץ=גרונטיגען גרייסען וועג, און אָהן אויפהער מעע=קענדיג און בלעע=קענדיג, האָט זי זיך דערנעהנטערט צום דאָרף. מיט'ן וועג, אַ פריהער פאַר דער סטאַדע, איז געגאַנגען אין אַ שוואַרץ=געוואָרענע פון רעגען, פערלאַטעטע זשופּעצע, און אַ גרויסע היטעל און אויף דער איסגעבייגענער פּלייצע אַ לעדערנער זאַק, אַ הויכער אַלטער=מאַן מיט אַ גראָהע באָרד און געקרייזעלטע גראָהע האָר; בלויז זיינע געדיכטע ברעמען זענען שוואַרץ געזוען. ער איז געגאַנגען, שווער שלעפּענדיג איבער דער בלאָטע זיינע נאַסע, צוזעצטע באַבאָלישע שטיוועל און אַ טריט איבער אַ טריט, גלייכמעסיג זיך אָנגעשפּאַרט אויף אַ דעמ=בענעם קרומען שטעקען. ווען די סטאַדע האָט איהם אָנגעיאָגט, האָט ער זיך, אויף דעם שטעקען אָנשפּאַרענדיג, אָבגעשטעלט. אַ יונג ווייביל, וואָס האָט געטריבען די סטאַדע, צוגערעקט איבער'ן קאָפּ מיט אַ דערע אין מיט איין אונטערגעשטעקט קליידעל, און מענער=שטיוועל, איז מיט פלינקע טריט איבערגעלאָפען אַ מאָל אויף איין זייט און אַ מאָל אויף דער אַנדער זייט וועג און צוגעטריבען די צוגעשטאַנענע שעפּסען און חזירים. ווען זי האָט זיך איסגעגלייכט מיט'ן אַלטען, האָט זי זיך אָבגעשטעלט און איהם בעקוקט.

— אַ גאָט העלף, זיידעשו? — האָט זי געזאָגט מיט אַ צאַרטע קלינגענדיגע יונגע שטימע.

— אַ גאָט העלף, חכמה מיינע, האָט אַ זאָג געטאָן דער אַלטער.

— וואָס, נעכטיגען מן הסתם?

— יאָ, ווי ס'ווייזט אויס, זיך פערמאַטערט, האָט הייזעריג דער אַלטער גערעדט.

— אין דו, ויידע, געה נישט צום „דיעסאַטסקי" — האָט ליבליך דאָס יונג ווייבעל געזאָגט. — געה גלייך צו אונז, די דויטע שטוב פון ברעג. אָרימעלייט לאָזט די שוויגער גערן אַריין.

— די דריטע שטוב, זיגאָוועוו'ס, הייסט עס? — האָט דער אַלטער געזאָגט, אַזוי ערענסט בעוועגענדיג זיינע שוואַרצע ברעמען.

— קענסטו זיי דען?

— געוועזן אַ מאָל.

— וואָס ס'דו זיך דאָרט פערגאַווערט, פיעדיושקאָ, — די הינקע־דיגע איז אינגאַנצען אָבגעשטאַנען! האָט דאָס ווייבעל אַ געשריי געטאָן בעהייזענדיג אויף אַ שעפס מיט דריי פיס, וועלכער האָט נאָכגעהונקען ווייט הינטער דער סטאַדע, פערמעסטענדיג זיך מיט אַ צווייגעל, וואָס זי האָט געהאַלטען אין דער לינקער האַנד און עפּיס מאָרנע פון אונטען פערכאַפּענדיג די דערע אויפ'ן קאָפּ מיט דער קרומער רעכטער האַנד, האָט זי זיך געלאָזט לויפען נאָך דעם איבערגעבליבענעם הינקעדיגען שוואַרצען שעפּס.

דער אַלטער מאַן איז געוועזן קאָרניי און דאָס יונג ווייבעל איז געוועזן די זעלביגע אַגאַשקע, וועלכער ער האָט אויסגעבראָכען אַ האַנד מיט 17 יאָהר צוריק. מען האָט איהר חתונה געמאַכט קיין אַנדרעעווקע אין אַ רייכער פאַמיליע אַריין, פיער ווערסט פון האיי.

---

קאָרניי וואַסיליעוו איז פון אַ רייכען שטאָלצען מענשען געוואָרען דאָס, וואָס ער איז איצטער געוועזן: אַנ'אַלטער בעטלער, וועלכער האָט גאָר ניט געהאַט אויסער זיינע אָבגעטראָגענע מלבושים אויף זיין לייב, אַ זעלנערשען בילעט און צוויי העמדער אין זיין זעקעל. אָט די גאַנצע פערענדערונג איז געקומען אַזוי ביסלעכווייז, אַז ער אַליין וואָלט ניט גע־קענט זאָגען אויף קלאָר, ווען דאָס האָט זיך אָנגעהויבען און ווען דאָס איז געוואָרען. נאָר היינט האָט ער געוואוסט און איז אין דעם געווען פעסט איבערצייגט, אַז שולדיג אין זיין אומגליק איז זיין מרשעת, דאָס

ווייב. איהם איז עפּיס מאָרגנע און שווער נעווען צו דערמאָנען זיך אין דעם, וואָס ער איז פריהער געווען. און אַז דאָס פלעגט איהם אַרויפקומען אויפ׳ן זינען, פלעגט ער מיט שנאה דערמאָנען די דאָזיגע, וועמען ער האָט געהאַלטען פאַר שולדיג אין די אַלע צרות, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען, פאַר די 17 יאָהר.

אין יענער נאַכט, וואָס ער האָט געשלאָגען זיין ווייב, איז ער אַוועקגעפאָהרען צו דעם פריין, וואו ס׳האָט זיך פערקויפט אַ וועלדיל, נאָר קויפען האָט זיך איהם ניט איינגעגעבען, דאָס האָט שוין עמיצער אַנ׳אַנדערער אָבגעקויפט, און ער האָט זיך אומגעקעהרט קיין מאָסקווע און דאָרט האָט ער אָנגעהויבען צו טרינקען. ער פלעגט פריהער אויך אויסטרינקען, נאָר איצטער האָט ער גע׳שכור׳ט צוויי וואָכען אָהן אויפהער. און אַז ער איז צו־זיך געקומען, איז ער אַוועקגעפאָהרען בהמות קויפען. די קניה איז געווען ניט קיין געלונגענע און ער האָט דערלעגט געלד. ער איז אַ צווייטען מאָל געפאָהרען, נאָר די צווייטע קניה האָט זיך איהם אויך ניט איינגעגעבען. און אין אַ יאָהר אַרום, איז ביי איהם פון דריי טויזענד רובעל, איבערגעבליבען אַ פינף־און־צוואַנציגער און ער האָט געמוזט אָנקומען צום אַנדערען אויף אַ שטעלע. ער פלעגט פריהער טרינקען נאָר איצטער האָט ער אָנגעהויבען טרינקען אַלץ אָפטער און אָפטער.

פון אָנהויב האָט ער אָבגעלעבט אַ יאָהר אַלס פריקאַזטשיק ביי אַ אָקסענהענדל׳ער, נאָר אין וועג האָט ער זיך פער׳שיכור׳ט און דער סוחר האָט איהם דורכגעטריבען. שפּעטער האָט ער דורך בעקאַנטשאַפט נעקראָגען אַ שטעלע ביי אַ וויין־סוחר, נאָר דאָ האָט ער זיך אויך ניט לאַנג איינגעהאַלטען. ער האָט אין די חשבונות אַ פּלאָנטער אָנגעמאַכט און מען האָט איהם דורכגעטריבען. פאָהרען צוריק אַ היים איז איהם געווען אַ חרפּה און דערצו האָט איהם זיין כעס געברענט. „וועלען אָהן מיר אויך אויסקומען. אפשר איז דער אינגעל אויך נישט מיינער“, האָט ער געטראַכט.

ס׳איז געוואָרען אַלץ ערגער און ערגער. אָהן בראַנפּין האָט ער ניט געקענט אויסקומען. ער איז אָנגעקומען שוין ניט פאַר קיין פריקאַזטשיק, נאָר פאַר אַ אָקסען־טרייבער האָט ער זיך פערדינגען. שפּעטער האָט מען איהם שוין אויף אַזאַ שטעלע אויך ניט געוואָלט נעהמען.

וואָס ערגער איהם איז געוואָרען, אַלץ מעהר, אַלץ שטאַרקער

האָט ער זי בעשולדיגט און אַלץ מעהר האָט זיך איהם צופלאַקערט דער כעס אויף איהר.

דאָס לעצטע מאָל האָט זיך קאָרניי פערדונגען אַלס אָקסען־טרייבער, ביי אַנ'אומבעקאַנטען בעל־הבית. די בהמות זענען קראַנק געוואָרען. קאָרניי איז ניט שולדיג געווען, נאָר דער בעל־הבית האָט זיך צובייזערט און האָט אָבגעזאָגט אי איהם אי דעם פריקאַזטשיק זיינעם. וואוהין אָנצוקומען ווייטער איז שוין ניט געווען וואו און קאָרניי האָט בעשטימט זיך לאָזען וואַנדערן. ער האָט זיך אויפגענעהט אַ פּאָר שטיוועל, אַ גוטע טאָרבע, האָט פערנומען טיי מיט צוקער, 8 רובעל געלד און איז אַוועק קיין קיעוו. קיעוו איז איהם ניט געפעלען געוואָרען און ער האָט זיך געלאָזען אויף קאַווקאַז, צום נייעם אַפאָן *). ניט דערגעהענדיג ביז אַפאָן איז ער קראַנק געוואָרען אויף פיבער. ער איז פּלוצלינג אָבגעשוואַכט געוואָרען. געלד איז איהם געבליבען 1 רובל מיט 70 ק. קיין בעקאַנטע האָט ער דאָ קיינעם ניט געהאַט און ער האָט בעשטימט געהן אַ היים צום זוהן זיינעם. „אפשר איז זי שוין איצטער געשטאָרבען, די מרשעת מיינע — האָט ער געטראַכט — און אויב זי לעבט נאָך, וועל איך איהר האָטש פאַר'ן טויט אַרויסזאָגען אַלץ. זאָל זי וויסען, די מרשעת, וואָס זי האָט געמאַכט פון מיר", — האָט ער געטראַכט און האָט זיך געלאָזען אַ היים.

דער פיבער האָט איהם געמאַטערט אַ טאָג איבער אַ טאָג. ער איז געוואָרען וואָס ווייטער אַלץ שוואַכער, אַזוי, אַז מעהר ווי 10־15 וויאָרסט אַ טאָג האָט ער ניט געקענט דורכמאַכען. ניט דערגעהענדיג צוויי הונדערט וויאָרסט ביז אַהיים, איז איהם דאָס גאַנצע געלד אויסגעגאַנגען און ער איז שוין געגאַנגען בעטלענדיג אין „גאָטס נאָמען", נעכטיגענדיג דאָרט וואו דער „דיעסיאַטסקי" האָט איהם אָנגעוויזען. „פרעה זיך — צו וואָס די אָסט מיך געבראַכט", האָט ער געטראַכט פון זיין ווייב, און נאָך, פון דער אַמאָליגער געוועהנהייט, האָבען זיך זיינע אַלטע שוואַכע הענד אין פויסטען צוזאַמענגעדריקט. נאָר שלאָגען וועמען איז ניט געווען און דערצו איז שוין קיין כח אין די קולאַקעס אויך ניט געווען.

צוויי וואָכען האָט ער זיך געשלעפּט די צוויי הונדערט וויאָרסט און

*) אַנ'אָרט אויף קאַווקאַז מיט הייליגע קלויסטערס.

נאָר אַ קראַנקער און אַ שוואַכער איז ער דערקראָכען ביז יענעם אָרט, אַ וויאָרסט פיער פון זיין היים, וואו ער האָט זיך בעגעגענט ניט דער־קענענדיג און ניט זייענדיג דערקענט, מיט דער איינענער אַגאַשקען, וועלכע האָט זיך גערעכענט, נאָר איז ניט געווען זיין טאָכטער, און וועלכער ער האָט אַ האַנד אויסגעבראָכען.

---

## III.

ער האָט געטאָן ווי אַגאַפיע האָט איהם געהייסען. דערגעהענדיג ביז זינאָוועוועס הויף, האָט ער געבעטען, מען זאָל איהם לאָזען נעכטי־גען... מען האָט איהם אַריינגעלאָזען.

אַריינגעהענדיג אין שטיבעל אַריין, האָט ער, ווי שטענדיג, זיך גע׳צלם׳ט פאַר׳ן הייליגען בילד און האָט זיך בעגריסט מיט די בעל־הבתים.

— ביזט, זיידע, פערגליווערט געוואָרען. געה, געה אויפ׳ן אויווען! האָט געזאָגט די צוקנייטשטע פרעהליכע אַלטיטשקע — בעל־הבית׳טע פון טיש רוימענדיג.

אַגאַפיע׳ס מאַן, אַ פייער, מיט אַ יונג אויסזעהן, איז געזעסען אויפ׳ן באַנק, נעבען טיש, און האָט אין אָרדנונג געבראַכט דעם לאָמפּ.

— ביזטו אָבער, זיידעשי, נאַס! — האָט ער געזאָגט. — ניטאָ וואָס צו מאַכען! טריקען זיך אויס.

קאָרניי האָט זיך אויסגעטאָן, די שטיוועל אַראָבגעצויגען, האָט אויפגעהאַנגען אַנטקעגען אויווען די אָניטשעס און אַליין איז ער אויפ׳ן אויווען אַרויפגעקראָכען,

אין שטוב איז אַגאַפיאַ אויך אַריינגעקומען מיט אַ קרוג אין האַנד. זי האָט שוין די סטאַדע געבראַכט צוטרייבען און האָט זיך שוין אַרומ־געטאָן מיט די בהמות.

— איז דאָ נישט געווען אַנ׳אַלטער אָרימאַן? — האָט זי געפרעגט — איך האָב איהם געהייסען צו אונז אַריינגעהן.

— אָט איז ער דאָרט, — האָט דער בעל־הבית געזאָגט, בעווי־ וענדיג צום אייוועז, וואו קאָרניי איז געזעסען רייבענדיג זיינע ביינערדיגע בעוואָקסענע פיס.

צום טיי טרינקען האָבען די בעלי־הבתים קאָרניי׳ען אויך גערופען. ער איז אַראָבגעקראָכען פון אויוועז און האָט זיך געזעצט אויפ׳ן ברעג באַנק. מען האָט איהם דערלאַנגט אַ טעפעלע מיט אַ שטיקעל צוקער.

מען האָט גע׳שמועות׳ט פון וועטער, ווי מען האָט די תבואה פון פעלד אַראָבגענומען. עס פאַלט ניט אַזוי גרינג דאָס ברויט אין האַנד אַריין. ביי די פריצים זענען די קאָפּנעס תבואה אין פעלד דורכגעוואַקסען געוואָרען. ווי מען הויבט נאָר אָן פיהרען — ווידער אַ רעגען. די פיערימלעך האָבען אַראָבגעפיהרט. און ביי די פריצים האַלט עס נאָך איצ־ טער אין איין פוילען. און מייז איז דאָ אין די סנאָפּעס — אַ שרעק.

קאָרניי האָט דערצעהלט, אַז ער האָט אין וועג געזעהן אַ גאַנץ פעלד פיל מיט קאָפּנעס אָבגעשניטענע תבואה.

דאָס יינג ווייבעל האָט איהם אָנגעגאָסען דאָס פינפטע טעפעלע וואַסערדיגען, קיים געלבליכען טיי און איהם דערלאַנגט.

— ס׳שאַדט נישט. טרינק, זיידעשו, צום געזונד, האָט זי גע־ זאָגט, ווען ער האָט זיך ענטזאַגט.

— וואָס איז עפּיס ביי דיר די האַנד נישט מיט אַלעמען? האָט ער ביי איהר געפרעגט, נעהמענדיג פון איהר פאָרזיכטיג אַ פול אָנגע־ גאָסען טעפעלע און בעוועגט מיט די ברעמען.

— נאָך קינדווייז האָט מען זי צובראָכען — דאָס האָט איהר מאַמע אונזער אַגאַשעס הרג׳ענען געוואָלט — האָט געזאָגט די רעדעווודיגע אַלטע שוויגער.

— וואָס איז עפּיס? האָט קאָרניי געפרעגט. און קוקענדיג אויפ׳ן גע־ זיכט פון ווייבעל, האָט ער זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן יעווסטיגנייי דעם וויסען מיט זיינע בלאָהע אויגען, און די האַנד, וואָס האָט דאָס טעפעלע געהאַלטען, האָט אַזאַ ציטער געטאָן, דאָס ער האָט אַ העלפט טיי פער־ גאָסען, ביז ער האָט עס צום טיש דערטראָגען.

— געוועזען ביי אונז איינער אין האַיי, דער טאַטע איהרער, קאָרניי וואַסיליעוו האָט מען איהם גערופען. אַ נגיד געוועזען. האָט זיך צו׳ברוגז׳ט

אויף זיין ווייב. יענע האָט ער צושלאָגען און איהר האָט ער פּאַר אַ קאַליקע געמאַכט.

קאָרניי האָט געשוויגען, אַרויסקוקענדיג פון אונטער די ברעמען, וועלכע האָבען ניט אויפגעהערט צו בעוועגען זיך, דאָס אויפ׳ן בעל־הבית און דאָ אויף אַגאַפיע׳ן.

— פאַר וואָס אָבער? האָט ער געפרעגט אָבבייסענדיג אַ שטיקעל צוקער.

— ווער ווייס זיי דאָרטען! אויף אונזערע אַ שוועסטער באָלבעט מען אַליך אָן, און דו לייד, — האָט די אַלטע גערעדט — צוליב דעם אַרבייטער איז עפּיס ביי זיי פאָרגעקומען. דער אַרבייטער איז געוועזען אַ וואוילער יונג, פון אונזער דאָרף. ער איז טאַקי ביי זיי אין שטוב געשטאָרבען.

— געשטאָרבען? האָט קאָרניי איבערגעפרעגט און האָט אָבגעהוסט.

— שוין לאַנג געשטאָרבען. ביי זיי האָבען מיר עס דאָס ווייבעל גענומען. זיי האָבען גוט געלעבט. די ערשטע אין דעם גאַנצען דאָרף געוועזען, כל זמן דער בעל הבית האָט געלעבט.

— נו, און ער? האָט קאָרניי געפרעגט.

— האָט אויך געמיזט שטאַרבען. פון יעמאָלט אָן פערפאַלען געוואָרען. אַ יאָהר פיפצעהן וועט שוין זיין אין דעם.

— אויב ניט מעהר! מיר האָט די מאַמע געזאָגט, זי האָט מיר יעמאָלט נאָר־וואָס זייגען אויפגעהערט.

— נו, און וואָס, ביזט אייך איהם ניט אין כעס, דערפאַר וואָס ער האָט דייך האַנד... — האָט קאָרניי אָנגעהויבען און פלוצלינג אָנגעהויבען כליפּען.

— ער איז דען אַ פרעמדער? ער איז דאָך אַ טאַטע. וואָס, טרינק נאָך, ביזט פון קעלט — אָנגיסען, וואָס?

קאָרניי האָט גאָר ניט געענטפערט און כליפּענדיג געוויינט.

— וואָס איז דיר?

— גאָר נישט, אַזוי. אַ דאַנק!

און קאָרנײ האָט זיך מיט ציטערענדע הענד אָנגענומען פֿאַר׳ן סלופּיק און פֿאַר פּעקעלעך און מיט זײַנע לאַנגע, דאַרע פֿיס איז ער אַרױפֿגעקראָכען אױפֿ׳ן אױװען.

— זעה נאָר! — האָט די אַלטעטשקע געזאָגט צום זוהן, װינקענדיג אױפֿ׳ן אַלטען.

---

IV.

אױפֿ׳ן אַנדערען טאָג איז קאָרנײ אױפֿגעשטאַנען פֿריהער פֿון אַלע. ער איז אַראָבגעקראָכען פֿון אױװען, האָט אױסגעריבען, װײך געמאַכט זײַנע אָניטשעס, מיט מאַטערניש אַרױפֿגעצױגען זײַנע פֿערטריקענטע שטיװעל און האָט אָנגעטאָן דעם זאַק.

— נו, װאָס, זײדעשו, װאָלסט פֿריהשטיק געגעסען, האָט די אַלטע געזאָגט.

— אַ דאַנק, כ׳װעל געהן.

— אױב אַזױ, נעהם חאָטש נעכטיגע פּלעצלעך. כ׳װעל דיר אין זאַק אַרײַנלעגען.

קאָרנײ האָט געדאַנקט און זיך געזעגענט.

— טרעט אָב צוריקגעהענדיג, אַז גאָט װעט לאָזען לעבען!...

אױף דער גאַס איז געװען אַ שװערער אָסיענדיגער נעפּעל, װאָס האָט אַלץ פֿערדעקט. נאָר קאָרנײ האָט גוט דעם װעג געװאוסט, ער האָט געװאוסט יעדען באַרג־אױף און באַרג־אַראָב, יעדעס בױמעלע, יעדע װערבע, בײם זײט װעג סײ רעכטס, סײ לינקס, חאָטש פֿאַר די 17 יאָהר האָט מען אײניגע אױסגעהאַקט און פֿון די אַלטע זענען יונגע געװאָרען, און אַנדערע זענען פֿון יונגע אַלט געװאָרען.

דער דאָרף האַי איז נאָך אַלץ געװען דער אײגענער, נאָר װאָס פֿון ברעג האָבען זיך צוגעבױט נײַע הײזער, װעלכע פֿריהער איז ניט געװען.

און פון הילצערנע הייזער זענען געמויערטע געוואָרען. זיין גע־מויערטע הויז איז נאָך אַלץ דאָס זעלבינע געווען, נאָר עס איז אַלט גע־וואָרען, דער דאַך איז שוין לאַנג ניט געווען געפאָרבען, אויפ׳ן ווינקעל זענען געווען ציגעל אַרויסגעריסען און דאָס בריקעל האָט זיך אויס־געקרימט.

אין דער צייט, ווען ער האָט זיך דערנעהנטערט צו זיין פריהערדיג הויז, איז פון דעם סקריפענדיגען טויער אַרויסגעגאַנגען אַ קליאַטשע מיט אַ קיזשיקעל, אַנ׳אַלטער פערד און איינער פון צוישפאַן. דער אַלטער פערד איז אינגאַנצען געווען געראָטען אין דער קליאַטשע, וועלכע קאָרניי האָט מיט אַ יאָהר פאר זיין אוועקגעהן פון דאַנען געבראַכט צו פיהרען פון אַ יריד.

„ווייזט אויס, דאָס איז נאָך דער אייגענער, וואָס איז יעמאָלט ביי איהר אין בויך געווען. דער זעלבינער אַראָבגעלאָזענער הינטערשטער טייל, און די זעלבינע ברייטע ברוסט אין בעוואַקסענע פיס״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן.

די פערד האָט געטריבען פאָיען אַ אינגעל מיט שוואַרצע אויגען אין נייע ליאַפּטעלעך. „ס׳מוז זיין, אַנ׳איניקעל, פיערקא׳ס אַ זיהן, און איהם געראָטען מיט די שוואַרצע אויגען״, האָט קאָרניי געטראַכט.

דאָס אינגעל האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם אונבעקאַנטען אַלטען און האָט זיך געלאָזט לויפען נאָך דעם קיזשיק מיט דער אונטערגע־שאָרענער גריווע, וואָס איז געשפּרונגען איבער׳ן בלאָטע.

נאָכ׳ן אינגעל איז נאָכגעלאָפען אַ הונד, פונקט אַזאַ שוואַרצער ווי דער פריהערדיגער וואָלטשאָק.

„זאָל עס טאַקע וואָלטשאָק זיין?״, האָט ער אַ טראַכט געטאָן. און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז יענער וואָלט שוין איצטער אַלט געווען 20 יאָהר.

ער איז צוגעגאַנגען צום בריקעל און מיט מאַטערניש איז ער אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּלעך, אויף וועלכע ער איז יעמאָלט געזעסען שלינגענדיג דעם שניי פון פאַרענטש, אין ער האָט געעפענט די טיר אין פאָרהויז אריין.

— וואָס קריכסטו, נישט פרעגענדיג? — האָט אויף איהם אָנ־

געשריען אַ ווייבערש קיל פון שטיב אַרויס. ער האָט דערקענט איהר שטימע. אין באַלד האָט זי זיך אַליין, אַ דאַרע צוקנייטשטע אַלטע, בעוויזען פון טיר. קאָרניי האָט ערוואַרטעט יענער יונגער, שענער מאַרפּאַ, וועלכע האָט איהם בעליידיגט. ער האָט זי פיינט געהאַט און האָט איהר איצטער געהאַלט פאַרוואורף מאַכען, נאָר פלוצלינג, אָנשטאָט איהר, איז נאָר איצטער פאַר זיינע אויגען געשטאַנען עפּיס אַנ׳אַלטע. — נדבות בעט מען הינטער׳ן פענסטער, — האָט זי איהם מיט אַ הייזעריגע שאַרפע שטימע אַ זאָג געטאָן.

— נישט נאָך קיין נדבה, — האָט קאָרניי געזאָגט.

— וואָס־זשע דען קריכסטו! וואָס נאָך?

זי איז מיט אַ מאָל שטיל געבליבען. און ער האָט נאָכ׳ן געזיכט בעמערקט, אַז זי האָט איהם דערקענט.

— ווייניג שלעפּען זיך דאָ אַרום. געה דיר, געה געזונדערהייד!

קאָרניי איז צוגעפאַלען מיט׳ן פּלייצע צום וואַנד, זיך אָנגע־שפּאַרט אויפ׳ן שטעקען, האָט זי שאַרף אָנגעקוקט און מיט פערוואונ־דערינג האָט ער געשפּירט, אַז ביי איהם אין האַרצען איז ניטאָ דער צאָרען, וואָס ער האָט אַזוי פיל יאָהרען געטראָגען אין זיך; עפּיס אַ גוטמוטיגע שוואַכקייט האָט מיט איהם פּלוצלינג פערגעוועלטיגט.

— מאַרפאַ, מיר וועלען דאָך אַלע שטאַרבען.

— געה דיר, געה געזונדערהייד, — האָט זי שנעל און בייז גערעדט.

— מעהר וועסטו מיר גאָר נישט זאָגען?

— כ׳האָב דיר נישט וואָס צו זאָגען, — האָט זי געענטפערט, — געה געזונד, געה דיר, געה! געגוג טייוואָלים, אומזיסטיגע פרעסער, שלעפען זיך דאָ אום!

זי האָט זיך מיט פלינקע טריט אומגעקעהרט אין שטוב אַריין און האָט צוגעקלאַפּט די טיר.

— צי וואָס איז דאָס זידלען זיך? — האָט זיך דערהערט אַ מענער־שטימע, און פון טיר איז אַרייסגעגאַנגען, מיט אַ האַק אונטער׳ן פּאַסיק פערשטעקט, אַ שוואַרצליכער פויער, אָט, אַזעלכער, ווי קאָרניי איז

געווען מיט 40 יאָהר צוריק, נאָר נידעריגער און מאָגערער אַביסעל, און מיט אַזעלכע בלישטשענדיגע שוואַרצע אויגען.

דאָס איז געווען דער זעלבער פערקע, וועלכען ער האָט מיט 17 יאָהר צוריק געשענקט אַ ביכעל מיט בילדעלעך. דאָס האָט ער פאָרוואורף געמאַכט דער מוטער, פאַר וואָס זי האָט קיין רחמנות ניט געהאַט אויף אַנ'אָרימאַן. נאָך איהם איז אַרויסגעגאַנגען, אויך מיט אַ האַק אונטערען פאַסיק פערשטעקט, דער שטומער פליעמיעניק. איצטער איז ער שוין געווען אַ דערוואַקסענער, מיט אַ שיטער בערדיל, און קנייטשען אויפ'ן געזיכט, אַ שטאַרקער מיט אַ לאַנגער האַלז, מיט אַ פעסטען און ערענסטען שאַרפען בליק. דיביידע פויערען האָבען נאָר־וואָס פריהשטיק געגעסען און זענען אין וואַלד אַריין געגאַנגען.

— באַלד, זיידעשו, האָט פיאָדאָר געזאָגט אין האָט דעם שטומען אָנגעוויזען פריהער אויף דעם אַלטען און דערנאָך צום קאַמער, בעווייזענדיג מיט דער האַנד, ווי מען שניידט ברויט.

פיאָדאָר איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס אין דער שטומער האָט זיך אומגעקעהרט אין שטוב אַריין. קאָרניי איז נאָך אַלץ געשטאַנען דער קאָפּ אַראָבגעלאָזען, אָנגעשפּאַרט מיט'ן פּלייצע אָן וואַנד און אויפ'ן שטעקען אָנגעשפּאַרט: ער האָט זיך געשפּירט זעהר שוואַך און מיט אַלע כחות זיך אָבגעהאַלטען ניט צו וויינען. דער שטומער האָט אַרויסגעטראָגען פון שטוב אַ גרויסע, שמעקעדיגע לוסטע פרישען שוואַרץ־ברויט און דערלאַנגט קאָרניי'ען. ווען קאָרניי האָט, איבער'צלם'ענדיג זיך, דאָס ברויט צוגענומען, האָט זיך דער שטומער אָבגעקעהרט צום טיר אין שטוב אַריין, האָט די הענד איבער געזיכט דורכגעפיהרט, און האָט געמאַכט אַ מינע ווי ער שפּייט. מיט דעם האָט ער אויסגעדריקט זיין אונצופרידענהייט דער מוהמען. פּליצלינג איז ער ווי פערגליווערט געוואָרען, און עפענענדיג דאָס מויל, האָט ער זיך אָבגעשטעלט קוקען אויף קאָרניי'ען, ווי ער וואָלט איהם דערקענען. קאָרניי האָט שוין מעהר די טרערען ניט געקענט אָבהאַלטען אין, ווישענדיג די אויגען, די נאָז און זיין גראָהע באָרד מיט אַ פּאָלע פון זיין קאַפּטען, האָט ער זיך אָבגעדרעהט פון דעם שטומען און איז אַריים אויפ'ן בריקעל. ער האָט איבערגעלעבט עפּיס אַ בעזונדערס גוט־מוטהיג־צופרידענעם געפיהל פון הכנעה, אונטערטעניגקייט פאַר מענשען, פאַר איהר, פאַר'ן זוהן, פאַר אַלעמען, און דער דאָזיגער געפיהל האָט איהם געפּרעסט און שמערצליך זיין נשמה געריסען.

מארפא האָט געקיקט אין פענסטער, און האָט רוהיג אָבגעזיפצט נאָר דאַן יוען זי האָט געזעהן, אַז דער אַלטער איז פערשוואונדרען געהאָרען הינטער דעם ווינקעל פון הויז.

ווען מארפא האָט זיך איבערצייגט, אַז דער אַלטער איז שוין אַוועק, האָט זי זיך געזעצט ביי'ם וועב-שטול און האָט אָנגעהויבען צו וועבען. זי האָט א מאָל צעהן מיט'ן וועב-קאַם אַ קלאַפּ געגעבען, נאָר די הענד האָבען זיך איהר עפּיס ניט געקלעפּט. זי האָט זיך אָבגעהאַלטען אין אָנגעהייבען טראַכטען און דערמאָנען זיך, אין וואָס פאַר אַנ'אויסזעהן זי האָט איצטער קאָרנייען געזעהן; זי האָט געוואוסט, אַז דאָס איז ער געווען, — דער זעלביגער, וואָס האָט איהר געשלאָגען און אַ מאָל געליבט, און איהר האָט אַ פּחד אָנגעבאַפּט פאַר דעם, וואָס זי האָט איצטער אָבגעטאָן. ניט דאָס האָט זי געטאָן, וואָס זי האָט בעדאַרפט. אין ווי רען אַנדערש האָט מען זיך בעדאַרפט בעגעהן מיט איהם? ער האָט דאָך ניט געזאָגט, אַז ער איז קאָרניי און אַז ער איז געקומען אַ היים.

אין זי האָט זיך ווידער פאַר'ן שיפּעל גענומען און האָט געוועבט ביז רעכט נאַכט.

———

V.

קאָרניי האָט זיך מיט מאַטערניש דערקליבען ביז נאַכט קיין אַנדרעעווקע און האָט ווידער געבעטען ביי די זינאָוועעווס, מען זאָל איהם לאָזען איבערנעכטיגען. מען האָט איהם צוגענומען.

— פאַר וואָס, זיידעשי, ביזטו ווייטער ניט געגאַנגען?

— נישט געגאַנגען, שוואַך געוואָרען, ס'ווייזט אויס, איך וועל געהן צוריק, איהר וועט אַריינלאָזען איבערנעכטיגען?

— וועסט דעם אָרט נישט אָבליגען, געה טריקען זיך.

אַ גאַנצע נאַכט האָט קאָרנייען געמאַטערט דער פיבער. אַזוי, אַרים בעגינען, איז ער אַנדרעמעלט געוואָרען. ווען ער האָט זיך אויפ-

געהאַבט, זענען שוין אַלע שטוב־לייט געווען לאַנג אַוועקגעגאַנגען, יעדערער צו זיין אַרבייט, און אין שטוב איז געבליבען בלויז אַגאַפיע.

ער איז געלעגען אויפ'ן אויווען אויף אַ טרוקענעם קאַפטען, וואָס די אַלטע האָט איהם אונטערגעבעט.

אַגאַפיע האָט אַרויסגענומען ברויט פון אויווען.

— קינד מיינס,— האָט ער זי מיט אַ שוואַכער שטימע גערופען — קום צו מיר.

— באַלד, זיידע — האָט זי געענטפערט — די לאַבענס ברויט אַרויסנעהמענדיג — טרינקען, מן הסתם? אַ ביסעל קוואַס?

ער האָט ניט געענטפערט.

אַרויסנעהמענדיג דעם לעצטען לאַבען ברויט, איז זי צו איהם צוגעגאַנגען מיט אַ קריגעלע קוואַס. ער האָט זיך ניט אומגעקעהרט צו איהר און האָט ניט געטרונקען, און ווי ער איז געלעגען מיט'ן פנים אַרויף, אַזוי האָט ער אָנגעהויבען רעדען ניט איבערקעהרענדיג זיך.

— גאַשע, — האָט ער מיט אַ שוואַכער שטימע געזאָגט, — מיין צייט איז געקומען. איך וויל שטאַרבען. דעריבער זיי מיר מוחל ביי גאָט.

— גאָט וועט מוחל זיין. וואָרום וואָס, דו האָסט מיר קיין שלעכטס נישט געטאָן.

ער האָט געשוויגען.

— און אָט וואָס נאָך: וועסט צוגעהן, קינד מיינס, צו דער מאַמען, זאָג איהר... דער בעטלער, הייסט עס, וועסטו זאָגען... דער נעכטיגער בעטלער, זאָג איהר...

ער האָט אָנגעהויבען צו כליפען.

— דו ביזט דען געווען ביי אונזערע?

— געווען. זאָג, דער נעכטיגער בעטלער... דער בעטלער, זאָג... ער האָט זיך ווידער פערהאַקט וויינענדיג. און, ענדליך מיט אַלע כחות האָט ער אויסגערעדט:—איבערבעטען זיך מיט איהר איז ער געקומען, — האָט ער געזאָגט, און האָט אָנגעהויבען זוכען עפּיס אַרום האַרצען.

— איך וועל, ווידעשי, זאָגען, כ'וועל זאָגען! וואָס זוכסטו דאָרט? האָט אַנאַפּיע געזאָגט.

דער אַלטער האָט ניט ענטפערענדיג זיך אַזש אויפגעקנייטשט פאַר אָנ־שטרענגונג, ער האָט בעקומען מיט זיין דאַרער האָריגער האַנד עפּיס אַ פּאַפּיר פון בוזים און האָט איהר דערלאַנגט.

— און אָט דאָס וועסטו אָבגעבען, וועמען ס'וועט דיר פרעגען. אַ זעלנערשער בילעט. געלייבט איז גאָט, לייז געוואָרען פון אַלע זינד! —

אין זיין געזיכט האָט בעקומען אַן'ערהאַבענעם אויסדריק. זיינע ברעמען האָבען זיך אויפגעהייבען, די אויגען האָבען זיך צ'ים סטעליע געווענדעט און ער איז אַנטשוויגען געוואָרען.

— אַ ליכט, — האָט ער אַרויסגערעדט ניט בעוועגענדיג מיט די ליפּען.

אַנאַפּיע האָט פערשטאַנען. זי האָט פון דער איקאָנע בעקומען אַן'אָבגעברענט שטיקעל וועקסענע ליכט, האָט עס אָנגעצונדען און איהם דערלאַנגט. ער האָט עס צוגעדריקט מיט דעם גראָבען פינגער.

אַנאַפּיע האָט אָבגעטרעטען, אַוועקצולעגען אין קופערט זיין בילעט, און ווען זי איז צו איהם צוגעגאַנגען, האָט שוין דאָס שטיקעל ליכט גענומען אַרייספאַלען פון זיין האַנד, די שטאַרע אויגען האָבען שוין ניט געזעהן און די ברוסט האָט שוין ניט געאָטעמט. אַנאַפּיע האָט זיך איבערגעצלם'ט, האָט פערלאָשען דאָס ליכט, זי האָט אויסגעזוכט אַ ריינעם האַנטטוך און האָט צוגעדעקט זיין געזיכט...

---

אָט די גאַנצע נאַכט האָט מאַרפאַ ניט געקענט איינשלאָפען און דאָט אַלין געטראַכט פון קאָרנייע'ן. אין דערפריה האָט זי אָנגעטאָן איהר זשיפּעצע, זיך צוגעדעקט מיט אַ טוך און איז געגאַנגען געוואָהר־ווערען, ייאי איז דער געבעטיגער אַלטער מאַן. זי האָט זיך באַלד דערוואוסט, אַז דער אַלטער איז אין אַנדרעעווקע. מאַרפאַ האָט פון פּלייט גענומען אַ שטעקען און איז אַוועקגעגאַנגען קיין אַנדרעעווקע. וואָס ווייטער זי איז געגאַנגען, איז אַלין מעהר אויף איהר אַ פּחד אָנגעפאַלען. „כ'וועל מיר איבערבעטען מיט איהם, מיר וועלען איהם נעהמען אַהיים, לייז ווערען פון אַ זינד, זאָל ער האָטיש שטאַרבען אין דער היים געבען זוהן" — האָט זי געטראַכט.

ווען מארפא האָט זיך דערנעהנטערט צו איהר טאָכטערס הויף, האָט זי דערזעהן אַ גרויסען עילם מענשען פאַר׳ן שטיבעל. איניגע זענען געשטאַנען אין פאָרהויז, אַנדערע אינטער די פענסטער. אַלע האָבען שוין געוואוסט, אַז אָט דער אייגענער בעריהמטער עושר, קאָרניי וואַסיליעוו, מיט וועלכען ס׳האָט מיט 40 יאָהר צוריק דער גאַנצער געגענד געקלונגען, איז געשטאָרבען אַלס אָרימער בעטלער ביי זיי טאָכטער אין שטוב. דאָס שטיבעל איז אויך פיל געווען מיט מענשען. די ווייבער האָבען געשעפּטשעט איינס צום אַנדערען, זיפצענדיג און קרעכצענדיג.

ווען מאַרפא איז אַריין אין שטוב אין דער עילם האָט אַ וועג געמאַכט, איהר דורכלאָזענדיג, האָט זי דערזעהן אינטער די היליגע בילדער, דעם אַרומגעוואַשענעם, אויסגעקליידטען און מיט אַ לייוענד צוגעדעקטען טויטען קערפּער, נעבען וועלכען דער „גראַמאָטנער“ פיליפּ קאָנאָנוטש, נאָכמאַכענדיג די „דיאַקלער“, האָט געלייענט מיט אַ ניגון די סלאַוויאַנישע ווערטער פון תהילים.

ניט איהם מוחל זיין, ניט בעטען ביי איהם מחילה האָט מען שוין איצט ניט געקענט. און פון קאָרניי׳ס שטרענגען, פרעכטיגען, אַלטען געזיכט, האָט מען ניט געקענט פערשטעהן: איז ער מוחל, אָדער ער איז נאָך צאָרענדיג.

# שוועסטער.

(נאָך גי־דע־מאָפּאסאַן).

# שוועסטער.

(נאָך גי־דע־מאָפּאַסאַן).

## I.

דעם 3־טען מאי אין יאָהר 1882 איז פון האַווּר אָבגעשוואומען אין דעם בינעווישען ים, אַ שיף מיט דריי זעגעלבוימער מיט'ן נאָמען „די מוטער פון די ווינטען". נאָך דעם ווי ער האָט אין בינע זיך אויסגע־לאָדען, האָט ער דאָרט פרישע משאָ אָנגענומען, אָבגעפיהרט עס קיין בוענאָס־איירעס און פון דאָרט האָט ער די סחורות געפיהרט קיין בראַזיליען.

די רייזע, סבות מיט'ן שיף און דאָס פאררייכטען איהם, שטילשטאַנד אויפ'ן ים צו עטליכע חדשים דורכאַנאַנד, אָדער ווינטען, וואָס האָבען דעם שיף גאָר אָן אַ זייט פערטראָגען, סבות, אונגליקען, וואָס האָבען מיט איהם פּאַסירט, האָבען איהם שטאַרק אין וועג פערהאַלטען, און גאַנצע פיער יאָהר האָט ער איבער פרעמדע ימים אומגעשוואומען, און קוים דעם 8־טען מאַי 1886 איז ער ערשט אָנגעקומען קיין מאַרסעל אַן'אָנגעלאָדענער מיט בלעכענע קעסטלעך, געפּאַקטע מיט אַמעריקאַנער קאָנסערוועו.

ווען דער שיף איז אַרויס פון האַווּר, זענען אויף איהם געווען: דער קאַפּיטאַן, זיין געהילף און פערצעהן מאַטראָזען. אויף דער רייזע איז איין מאַטראָז געשטאָרבען, דריי זענען אומגעקומען ביי פערשיידענע צו־פאַלען, און בלויז צעהן האָבען זיך צוריקגעקעהרט קיין פראַנקרייך. אויף דעם אָרט פון די אָבגעקומענע מאַטראָזען, האָט מען גערונגען צוויי

אַמעריקאַנער, אַ נעגער און אַ שוועד, וועלכען מען האָט געפונען ערגעץ אין אַ שענקעל אין סינגאַפּור.

אויפ'ן שיף האָט מען צוזאַמענגעקליבען די זעגלען און די שטריק, צוגעבונדען עס צו די זעגעלבוימער. ס'איז צוגעגאַנגען אַ בוקסיר־שיף *) און האָט איהם קרעכצענדיג און סאָפּענדיג אַוועקגעשלעפּט אַהין צו דער ליניע פון די שיפען. דער ים איז געווען גאַנץ רוהיג. בײם ברעג האָט זיך קוים־קוים דאָס וואַסער געפּליעסקעט.

דער שיף איז אַרײן אין דער שורה שיפען. וואו אין דער גאַנצער לענג פון שטראַנד זענען געשטאַנען אַ זײט אָן אַ זײט שיפען פון אַלע עקען וועלט, קלײנע און גרויסע, פון פערשײדענע מאָסען, פאַסאָנען און זעגעל־געשיר. די „מוטער פון די ווינטען" האָט זיך אָבגעשטעלט צווישען צווײ שיפען: אַ איטאַליענישען און אַ ענגלישען שיף, וועלכע האָבען זיך אַרוקגעטאָן און האָבען פּלאַץ געמאַכט פאַר דעם נײעם חבר... ווי דער קאַפּיטאַן האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט די בעאַמטע פון פּאָרט און פון צאָל־הויז, האָט ער אַ העלפט פון די מאַטראָזען אָבגעלאָזען אויף אַ גאַנצע נאַכט אויפ'ן ברעג אַרויס.

ס'איז געווען אַ וואַרימע זומערנאַכט. די שטאָדט מאַרסעל איז געווען איינגאַנצען בעלויכטען; אויף די גאַסען האָט זיך געטראָגען אַ ריח פון געקאָכטע עסענס פון די קיכען אַרויס. פון איטערום האָט זיך געהערט הויך רעדען, אַ גערויש פון רעדער און פרעהליכע אויסגעשרײען. די מאַטראָסען פון דעם שיף „די מוטער פון די ווינטען" זענען שוין אַ חדשים פיער ניט געווען אויף דער יבשה, און איצטער, אַראָבגעהענדיג אויפ'ן ברעג, זענען זײ עפּיס ווי מיט מורא געגאַנגען איבער'ן שטאָדט, ווי פרעמדע און אָבגעוואוהנטע פון שטאָדט און מענשען. זײ האָבען אַרומגעקוקט, אַרומגעשמעקט די גאַסען, וואָס ליגען נאָהנטער צום ברעג, ווי זײ וואָלטען דאָרט עפּיס געזוכט. שוין פיער חדשים אַז זײ האָבען קײן פרויען ניט געזעהן... פּאָראיס איז געגאַנגען סעלעסטין דיוקלאָ, אַ געזונדער און פלינקער יונג. ער האָט שטענדיג געפיהרט די איבעריגע, ווען מען האָט וואו אויף אַ ברעג אַראָבגעשטײגט. ער האָט שטענדיג געוואוסט צו געפינען אַלע גוטע ערטער. ער האָט זיך גע־קענט אויסדרעהען ווען מען האָט בעדאַרפט, און ניט אַרײנגעפּלאָנטערט

---

*) בוקסיר איז א שיף, וואָס שלעפּט די אַנדערע.

זיך אין אַ געשלעג, ווי עס טרעפט גאַנץ אָפט מיט מאַטראָזען, ווען זיי געהען אייפ'ן ברעג אַראָב. נאָר ווען ס'האָט שוין אַמאָל אויסגעבראָכען אַ געשלעג, איז ער קיין מאָל ניט אָבגעשטאַנען פון זיינע חברים און האָט געקענט פאַר זיך בעשטעהן.

לאַנג האָבען די מאַטראָזען געבלאָנדזעט איבער די פינסטערע גאַסען, וועלכע האָבען זיך אַלע ווי רינשטאָקען אין ים אַריינגעגאָסען, און פון וועלכע ס'האָט געטראָגען אַ שווערער גערוך פון די קעלערוואוינונגען און שפּיזאַרניעס. אַם ענדע האָט סעלעסטין אויסגעקליבען אַ שמאָל פינסטער געסיל, וואו ביי איינעם פון די הייזער האָבען געברענט צוויי קיילעכדיגע לאַמטערנעס, און אין דעם געסיל איז ער אַריין. די מאַטראָזען זענען איהם נאָכגעגאַנגען טרייבענדיג לצנות און אונטערזינגענדיג. אויף די מאַטע אויסגעפאַרבטע לאַמטערנעס זענען גרויסע ציפערען געווען אָנגעשריבען. אין די נידריגע טירען זענען געזעסען אויף שטרויענע שטולען פרויען אין פאַרטיכער. דערזעהענדיג די מאַטראָזען פלעגען זיי אַרויסשפּרינגען אויפ'ן מיטען גאַס אַרויס, פערצאַמען זיי די וועג און געוואָלט זיי אַריינגאַרען יעדע־רע צו זיך אין הייזעל. צייטענווייז האָט זיך אין דער טיעף פון דעם פאָרהויז געעפענט וועלכע עס איז טיר, און פון דאָרט האָט זיך געוויזען אַ האַלב־אויסגעטאָנענע פרוי, מיט גראָבע ווייבערישע הויזען, און אַ קורץ קליידעל און מיט אַ סאַמעטענע הערציל אויסגענייט מיט גאָלד. „פיינע בחורים, אַהער, קומט אַריין!" האָט זי גערופען פון וויטען שטעהענדיג, אָדער אַ מאָל טאַקי אַרויסגעלאָפען, אָנגעטשעפּעט זיך אין וועלכען ס'איז מאַטראָז און געשלעפּט איהם צו זיך, צו איהר טיר. זי האָט זיך אין איהם איינגעגעסען ווי דער שפּין, ווען ער שלעפּט אַ פליג וואָס איז שטאַרקער פון איהם אַליין. דער יונג האָט זיך שוואַך געוועהרט, און די איבעריגע האָבען זיך אָבגעשטעלט און געקוקט, וואָס דאָ וועט זיין. נאָר סעלעסטין־דיוקלאָ האָט געשריען: „ניט אַהער, דאָ געה ניט, ווייטער!" דער יונג האָט איהם געפאָלגט און מיט געוואַלד זיך אַרויסגעריסען פון דער פרויענצימער. און די מאַטראָזען האָבען זיך געלאָזען ווייטער געהן בעגלייט מיט זידלערייען פון דער צורייצטער פרוי. אויף דעם געשריי, זענען אויף דער גאַנצער לענג פון דעם הינטער־געסיל אַרויסגעשפּרונגען אַנדערע פרויען, אָנגעוואָרפען זיך אויף די מאַטראָזען און מיט הייזעריגע שטימען געלויבט זייער סחורה. אַזוי זענען זיי געגאַנגען אַלץ ווייטער און ווייטער.

װען ניט װען האָבען זיך בעגעגענט זעלנער, קלינגענדיג מיט זײערע שפּאָרען, אָדער גלאַט אַ בעל־הבית, אָדער אַ פּריקאַזטשיק, װעלכע זענען געגאַנגען דירכשפּאַרענדיג אַ יעדער װאו ער האָט געדאַרפט. אין אַנדערע געסלעך האָבען אויך געלייבט אַזוינע לאַמטערנעס. נאָר די מאַטראָזען זענען געגאַנגען אַלץ װייטער און װייטער טרעטענדיג אין די שטינקענדע פּאָמאָיעס, װאָס האָט אַרויסגערונען פון אונטער די הייזער. נאָר דאָ האָט זיך דיקלא אָבגעשטעלט פאַר איין הויז, װאָס האָט אויס־געזעהן אַ ביסעל רײנליכער פין די איבעריגע און האָט אַהין אַרײנגעפיהרט זײנע גוטע ברידער.

---

## II.

די מאַטראָזען זענען געװעסען אין דעם גרויסען זאַל פון טראַקטיר. יעדער איינציגער האָט פאַר זיך אויסגעקליבען אַ מיידעל, מיט װעלכער ער האָט זיך שוין דעם גאַנצען אָבענד ניט צושיידט. אַזאַ מנהג איז שוין געװען אין טראַקטיר. מען האָט צוגערוקט דריי טישען איינער צום אַנדערען און די מאַטראָזען האָבען פריהער פאַר אַלץ אויסגעטרונקען אינאיינעם מיט די פרויען אין דערנאָך זענען זיי אַרויפגעגאַנגען מיט זיי אויבען. לאַנג אין שטאַרק האָבען איבער די הילצערנע טרעפּלעך געקלאַפּט די גראָבע שיך פין צװאַנציג פיס. אַם ענדע האָבען זיי זיך דורך אַ שמאָלער טיר דורכגעשטיפּט און האָבען זיך צוטיילט אין בעזונדערע קאַמערן. פין דאָרט זענען זיי שפּעטער געגאַנגען װידער אַראָב, װידער געטרונקען און נאַכהער װידער אַרויף אויבען.

מען האָט געהוליעט אײַף װאָס די װעלט שטעהט. װאָס מ'האָט פערדינט אין אַ האַלב יאָהר איז דאָ אַװעק אין איינע פיער שעה. אַרום עלף אַ זייגער זענען זיי אַלע געװען שכור און די אויגען מיט בלוט פער־גאָסען. געפילדערט און געשריען אַליין ניט װיסענדיג װאָס. דער האָט געזונגען, דער האָט געליאַרעמט, איינער האָט מיט די פויסטען איבער'ן טיש געקלאַפּט, און װער ס'האָט געגאָסען פשוט פון פלעשיל אין גאָרגעל אַרײן.

סעלעסטין־דיקלאָ איז געזעסען צװישען זיינע חברים. מיט איהם

איז געזעסען אַ געזונדע, גראָבע פּרויענצימער מיט רויטע באַקען. ער האָט געטרונקען ניט ווייניגער פון אַלע, נאָר דאָך איז ער נאָך ניט געווען אינגאַנצען שכור, ביי איהם אין קאָפּ האָבען נאָך אומגעבלאָנדזשעט וועלכע ס'איז געדאַנקען. ער האָט זיך צופּיעסטעט און געזוכט פון וואָס צו רעדען מיט זיין מיידעל. נאָר די געדאַנקען זענען אָנגעקומען און באַלד ווידער אַוועקגעגאַנגען, און ער האָט זיי אויף קיין אופן ניט געקענט אָנכאַפּען, דערמאָנען זיך און אַרויסזאָגען זיי.

— אַזוי, אַזוי, הייסט עס... ביזטו שוין לאַנג דאָ?

— זעקס חדשים, האָט דאָס מיידיל געענטפערט. ער האָט צו איהר אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: ביזט אַ וואויל מיידעל.

— נו, וואָס, איז דיר גוט?

זי האָט זיך פערקלערט.

— געוועהנט געוואָרען — האָט זי געזאָגט — מען מוז דאָך ווי ס'איז — אַלץ בעסער ווי צו דינען, אָדער זיין אַ וועשערין.

ער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, גלייך ווי דאָס איז איהם אויך געפעלען.

— דו ביזט ניט קיין היגע?

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ, אַז זי איז ניט קיין היגע.

— פון וויים?

זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

— פון וואַנען?

זי האָט אַ טראַכט געטאָן, ווי זי וואָלט זיך וועלען דערמאָנען.

— פון פּערפּיניאַן בין איך, האָט זי אַרויסגערעדט.

— אַזוי, אַזוי — האָט ער אַ זאָג געטאָן און איז אַנשוויגען געבליבען.

— און ווער ביזטו? אַ מאַטראָז? האָט זי איצט אַ פרעג געטאָן.

— יאָ, מיר זענען מאַטראָזען.

— זענט איהר עפּים וויים אויסגעווען?

— יאָ, נישט נאָהענט. מיר האָבען זיך גענוג אָנגעזעהן.

— איהר האָט מסתמא געדייזט אַרום דער גאַנצער וועלט?

— ניט נאָר איין מאָל, מיר האָבען איהר כמעט צוויי מאָל אַרומגעדייזט.

זי האָט זיך פערטראַכט, ווי וועלענדיג זיך אָן עפּים דערמאָנען.

— כ'מיין, איהר האָט געוויס געמוזט אַ סך שיפען בעגעגענען? האָט זי געזאָגט.

— ס'הייסט, ווי דען?

— האָט זיך אַייך ניט אָנגעטראָפען „די מוטער פון די ווינטען"? אַזאַ שיף איז דאָ.

ס'האָט איהם געוואונדערט, וואָס זי רופט איהם אָן דעם נאָמען פון זיין שיף און איהם איז אַיינגעפאַלען אַ שפּאַס צו מאַבען.

— געוויס, יענע וואָך האָבען מיר איהם בעגעגענט.

— טאַקע, אויף אַנ'אמת? — האָט זי געפרעגט אין איז בלאַס געוואָרען.

— ס'אַנ'אמת.

—לייגסט ניט?

— אויף נאמנות — האָט ער געשוואָרען.

— ני, האָסטו דאָרט ניט געזעהן סעלעסטין דיוקלאָ? — האָט זי געפרעגט.

— סעלעסטין דיוקלאָ? האָט ער איבערגעפרעגט. ער האָט זיך פערוואונדערט, אפילו דערשראָקען, פון וואַנען קען זי וויסען זיין נאָמען?

— די קענסט איהם דען? — האָט ער געפרעגט.

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט זיך אויך ווי פאַר עפּיס דערשראָקען.

— ניין, ניט איך. דאָ אַ פרוי איינע, זי קען איהם.

— וואָס פאַר אַ פרוי? אָט פון דאַנען?

— ניין, אָט דאָ דערביי.

— וואו דערביי?

— אָט דאָ ניט וויים.

— ווער־זשע איז זי אַזוינע?

— אָט גלאַט אַ פרוי — אַזאַ ווי איך.

— צו וואָס בעדאַרף זי איהם האָבען?

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? אפשר איז זי מיט איהם פון איין שטאָדט.

זיי האָבען זיך שאַרף איינער דעם אַנדערען אין די אויגען אָנגעקוקט.

— איך וואָלט חשק האָבען זיך זעהן מיט דער דאָזיגער פריי — האָט ער געזאָגט.

— נאָך וואָס? — ווילסט איהר וואָס זאָגען?

— יאָ, זאָגען...

— וואָס זאָגען?

— זאָגען, אַז איך האָב געזעהן סעלעסטין דיוקלאָ.

— און די האָסט טאַקע געזעהן סעלעסטין דיוקלאָ? ער לעבט און איז געזונד?

— געזונד, וואָס איז?

זי איז אַנטשוויגען געוואָרען, זי האָט ווידער איינגעקליבען איהרע געדאַנקען און דערנאָך האָט זי שטיל געזאָגט:

— וואוהין געהט איצט „די מוטער פון די ווינדען"?

— וואוהין? קיין מאַרסעל.

— אויף אַנ'אמת'ן? האָט זי איינגעשריען.

— אויף אַנ'אמת'ן.

— און דו קענסט דיוקלאָ'ען?

— יאָ, כ'האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז כ'קען איהם.

זי האָט זיך פערטראַכט — יאָ, יאָ, דאָס איז גוט — האָט זי שטיל, ווי פאַר זיך, געזאָגט.

— צו וואָס בעדאַרפסטו איהם?

— אַז די וועסט איהם זעהן, זאָג איהם, אַז... נאָר ניין, מען בעדאַרף נישט.

— וואָס זאָגען?

— ניין, נאָר נישט.

ער האָט אויף איהר געקוקט און וואָס ווייטער אַלץ אומרוהיגער געוואָרען.

— און די אַליין קענסט איהם? האָט ער געפרעגט.

— ניין, איך קען איהם נישט.

— טאָ, נאָך וואָס בעדאַרפסטו איהם?

זי האָט ניט געענטפערט. פּלוצלינג איז זי פון אָרט אויפגעשפּרונגען, געלאָפען צום קאָנטאָר־טיש, וואו די בעל־הבית'טע איז געזעסען, האָט גענומען אַ ציטרין, איהם צושניטען, דעם זאַפט אויסגעדריקט אין אַ גלאָז וואַסער, דערנאָך האָט זי דערין וואַסער אָנגעגאָסען און האָט דערלאַנגט סעלעסטינען.

— ווי־זשע אָבער האָסטו מיך ניט דערקענט — האָט ער איך שעפּ־טשענדיג אַרויסגעזאָגט.

— איך וויים ניט, איך בין ניט שילדיג, האָט זי ווידער גע־זאָגט און נאָך שטאַרקער צוויינט זיך.

— צו דען האָב איך דיך געקענט דערקענען? צי דען ביזטו אַזוינע געוועזן, ווען איך בין אַוועקגעפאָהרען? — אָבער, ווי האָסטו מיך ניט דערקענט?

זי האָט אין פערצווייפלונג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנד.

— אָ, איך זעה זיי דאָך אַזוי פיעל די דאָזיגע מענער, אַז אַלע האָבען ביי מיר איין פּנים.

ס'האַרץ האָט זיך איהם אַזוי שטאַרק פערקלעמט, ס'האָט איהם אַזוי שטאַרק וועה־געטאָן, אַז איהם האָט זיך געוואָלט שרייען, ראָוועז ווי אַ קליין אינגעל, ווען מען שלאָגט איהם.

ער האָט זיך איפּגעהויבען, אָבגעשטופּט איהר פּון זיך און מיט זיינע גרויסע גראָבע מאַטראָזען־הענד האָט ער איהר קאָפּ אַרויפגעהאָבען, שאַרף גענומען אַיינקוקען זיך איהר אין פּנים אַריין.

ביסלעכווייז האָט ער אין איהר אָנגעהויבען צודערקענען דאָס קליינינקע שלאַנקע און פרעהליכע מיידעל, וועלכע ער האָט אין דער היים געלאָזט מיט די, וועמען זי האָט די אייגענע צוגעמאַכט.

— יאָ, דאָס ביסטו, פראַנסיאָזאַ, שוועסטער, האָט ער אויסגערעדט.

און פּליצלינג האָט אַ קלאָג, אַ שווערער מאַנסבילישער קלאָג, עהנליך צו דעם שליקערצען פון אַ שיכור, אָנגעהויבען זיך רייסען פון זיין האַלז. ער האָט אַרויסגעלאָזען איהר קאָפּ, האָט מיט'ן פויסט אַזאַ קלאַפּ געגעבען אין טיש, אַז אַלע גלעזער זענען אומגעפאַלען און איוף ברעקלעך זיך צושאָטען, און דאָס ווילד געשריען. זיינע חברים האָבען זיך פערוואונדערט און אַ לאָז געטאָן זיך צו איהם.

— זעה נור, ווי ער האָט זיך אָנגעזויפען! האָט איינער געזאָגט. — גענוג דיר צו גוואַלדעווען, האָט זיך אָבגערופען דער צווייטער.

— ניין, דיוקלאָ! וואָס גוואַלדעוועסטו, לאָמיר ווידער געהן אַרויף, — האָט דער דריטער געזאָגט, שלעפענדיג מיט איין האַנד סעלעסטינען פאַר'ן אַרבעל, און מיט דער אַנדער האַנד האַלטענדיג אַרומגענומען זיין צעהיצטע, כאַבאַטשענדיגע מיידיל, מיט שוואַרץ־בלישטשענדיגע אויגען אין אַ ראָז זיידען אָבגעשפּילעטען יאַקער.

דיוקלאָ איז פּליצלינג שטיל געבליבען און, איינהאַלטענדיג דעם אָטעם, האָט ער די אויגען אויף די חברים אויסגעשטעלט. דערנאָך, מיט דעם מאָדנעם פעסטען אויסדרוק אויפ'ן געזיכט, מיט וועלכען ער פלעגט זיך וואַרפען אין אַ געשלעג, איז ער וואַקלענדיג צוגעגאַנגען צום מאַטראַז, וואָס האָט געהאַלטען אַ מייד געאָרעמט, ער האָט מיט'ן האַנד אַ קלאַפּ געגעבען צווישען איהם און איהר און האָט זיי פונאַנדער־געשיידט,

— אַוועק! זעהסט דען ניט? דיינע אַ שוועסטער! אַלע זענען זיי דאָך שוועסטערס עמיצענס! אָט, די שוועסטער, פראַנסואַזאַ. כאַ־כאַ־כאַ־כאַ... האָט ער אייסגעבראָכען מיט אַ מורא'דיגען קלאָג, וואָס איז עהנליך געווען צו אַ געלעכטער און, פערלירענדיג די גלייכגעוויכט, האָט ער איינגעהויבען די הענד און אַ פאַל געטאָן, ווי אַ פלאַכע מיט'ן פּנים אָן דער ערד. און ער האָט זיך גענומען קייקלען איבער'ן פּאַדלאָגע, שלאָגענדיג זיך אָן איהר מיט די הענד און מיט די פיס און ברייפענדיג, ווי אַ גוסס'ער.

— מ'דאַרף איהם אַיינלייגען שלאָפען, — האָט איינער פון די חברים געזאָגט — אז ניט קען מען נאָך איהם אויפ'ן גאַס פערזעצען. און זיי האָבען אייפגעהייבען סעלעסטינען און אַרויפגעשלעפּט איהם אַרויפצו אין פראַנסואַזעס צימער און האָבען איהם אַריינגעלייגט ביי איהר אין בעט.

---

# דריי טויטען.

(ערצעהלונג).

## I.

ס'איז געווען הערבסט. מיט'ן ברייטען וועג זענען שנעל געפאָהרען צווייַ עקיפּאַזען. אין דער פאָדערסטער קאַרעטע זענען געזעסען צוויי פרויען. איינע איז געווען אַ מאַדאַם, אַ מאָגערע און אַ בלאַסע. די צווייטע — אַ הויז-מיידיל, אַ פולע מיט אַ גלאַנציג-רויט געזיכט. קורצע, טריקענע האָר האָבען זיך יעדעס מאָל דורכגעשלאָגען פון אונטער איהר אָבגעקראָכענעם הוט אין אַ רויטע האַנד איהרע האָט זיי גיך פאַרריכט. איהר הויכע ברוסט, וועלכע איז געווען צוגעדעקט מיט אַ וואַרימע, געקווייטעלטע טיך, האָט געזונד געאָטעמט, איהרע פלינקע שוואַרצע אויגען האָבען געקוקט דאָ דורכ'ן פענסטער צו די פעלדער, וועלכע פערשווינדען שנעל, און דאָ האָבען זיי פחד'דיג אַ בליק געוואָרפען צו דער מאַדאַם, אָדער אונרוהיג אַרומגעקוקט די ווינקלען אין קאַרעטע. גלייך אַנטקעגען איהר נאָז האָט זיך געוויגט, אַ צוגעשפּילעטע צום וואַנד, איהר מאַדאַם'ס הוט, אויף איהרע קניע איז געלעגען אַ יונג הינטעל און איהרע פיס האָבען זיך אויפגעהויבען צוליב די שאַכטלען, וואָס זענען געשטאַנען אויפ'ן פאָל אין גאַנץ שטיל צוגעפּויקט אויף זיי נאָך דעם קלאַנג פון רעס-סאָרען און דאָס ציטערען פון די שויבען.

די הענד פערלעגט אויף די קניע, מיט פערמאַכטע אויגען האָט זיך די מאַדאַם לייכט געוויגט אויף די קישענס, וואָס זענען געווען אונטערגעלעגט הינטער איהר פלייצע און קרימענדיג זיך לייכט, האָט זי אין זיך געהוסט. אויפ'ן קאָפּ איהרען האָט זי געטראָגען אַ ווייסען נאַכט-

טשיפיק און אַ העל בלאָהע קאסינקע, וועלכע איז געווען פערבונדען אויף איהר צאַרטען, בלאַסען האַלז. אַ גלייבער שרונט איז אַוועקגעגאַנגען אונטער איהר טשיפיק, צוטיילענדיג איהרע פלאַך־פערקאַמטע און אָנגע־שמירטע בלאָנדע האָר, — עפּיס טרוקענעס, טויטעס האָט זיך דורכגעלויכ־טען דורך דעם ווייסען ברייטען שרונט. איהר פערוועלקטע, עטוואָס געלבליכע הויט, האָט ניט פעסט אַרומגענומען איהרע דינע שענע גערזיכטס־ציגען און האָט זיך גערוויטעלט אויף איהרע באַקען און באַקען־ביינער. איהרע ליפּען זענען געווען פערטריקענט און אונרוהיג, איהרע שיטערע ברעמען האָבען זיך ניט געקרייזעלט און אויף איהר איינגעפאַ־לענער ברוסט האָט זיך פון איהר טיכענעס וועג־קאַפּאָט אַ לאַנגער פאַלד אויסגעלעגט. און כאָטש איהרע אויגען זענען געווען געשלאָסען, דאָך האָט איהר גזיכט אויסגעדריקט מיעדקייט, צוריצטקייט און אַלטע צוגע־וועהנטע יסורים.

דער לאָקיי האָט זיך אונטערגעשפּאַרט און גערדרעמעלט אויף די קאָזלעס זיצענדיג. דער אָנטרייבער האָט לעבעדיג געשריען און געטרי־בען די פערשוויצטע פיער פערד אַלע ווילע זיך אומקוקענדיג צום צווייטען אָנטרייבער, וועלכער איז הינטען נאָכגעפאָהרען, שרייענדיג צו די פערד. צוויי ברייטע פאַראַללעלע צייכענס האָבען די שינעס, גלייך און פלינק, געלאָזען הינטער זיך אויף דעם קויטיגען קאַלכיגען וועג. דער הימעל איז געווען גראָה און קאַלט, אַ פייכטער נעפּעל האָט זיך ווי אַ שטויב געשאָטען אויף די פעלדער און אייפּ'ן וועג. אין קאַרעטע איז די לופט פערשטיקט געווען און ס'האָט זיך געהערט מיט אָדעקאָלאָן און שטויב. די קראַנקע האָט עטוואָס אויף הינטען דעם קאָפּ אָבגעצויי־גען און האָט געעפענט די אייגען. די גרויסע אייגען האָבען געבליש־טשעט און האָבען געהאַט אַ פּרעכטיגען דונקעלען פאַרב.

— שוין ווידער, האָט זי געזאָגט, אָברוקענדיג נערוועז מיט איהר שענער מאָגערער האַנד דעם בּרעג מאַנטיל פון איהר הויז־מיידיל, וועלכע האָט זיך עטוואָס אָנגערירט אין איהר פוס, — און איהר מויל האָט זיך קרענקליך אויסגעקרימט. מאַטראָשע האָט מיט ביידע הענד צוזאַמענגענע־נומען איהר מאַנטיל, האָט זיך אונטערגעהייבען אויף איהרע געזונדע פיס און האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט. איהר פריש גזיכט איז שטאַרק רויט געוואָרען. דער קראַנקערס פּרעכטיגע טונקעלע אייגען האָבען דורשטיג נאָכגעקוקט יעדע בעוועגונג פונ'ם הויז־מיידיל. די מאַדאַם האָט זיך אָנ־

געשפּאַרט מיט ביידע הענד אין געזעס און האָט זיך אויך געוואָלט אַזוי אויפהייבען, כּדי העכער אַ ביסעל זיך זעצען; נאָר די כּחות האָבען איהר ענטזאַגט. איהר מויל האָט זיך אויסגעקרימט און איהר גאַנץ געזיכט האָט זיך אויפגעקנייטשט אויסדריקענדיג אַ מאַכטלאָזע בייזע איראָניע. „וואָלסט מיר כאָטש צוגעהאָלפען!...“ „אַך! מען בעדאַרף ניט! איך קען אַליין, טהו מיר די טובה און לעג ניט אָן הינטער מיר אָט די זעק דיינע“!... „אָט בעסער ריר מיך גאָר ניט ווען דו קענסט ניט“!... די מאַדאַם האָט פערמאַכט די אויגען, נאָר באַלד האָט זי ווידער די ברע־מען אויפגעהויבען און אַ קוק געטאָן אויפ׳ן הויז־מיידיל. מאַטראָשע האָט קוקענדיג אייף איהר געביסען די אונטערשטע ליפּ. אַ שווערער זיפץ האָט זיך אַרויסגעריסען פון דער קראַנקערס ברוסט, נאָר דער זיפץ האָט זיך ניט געענדיגט און האָט זיך אין אַ הוסטען פערביטען. זי האָט זיך אָבגעקעהרט, פערקרימט, און מיט ביידע הענד פאַר׳ן ברוסט געכאַפּט. ווען דער הוסט האָט געמיטען, האָט זי ווידער די אויגען געשלאָסען און געבליבען זיצען אונבעוועגליך. די עקיפּאַזשען זענען צוגעפאָהרען צו אַ דאָרף, מאַטראָשע האָט אַרויסגעשטעקט אַ דיקע האַנד פון אונטער דער טוך און האָט זיך איבערגע׳צלם׳ט.

— וואָס איז דאָס? האָט די מאַדאַם געפרעגט.

— אַ סטאַנציע, מאַדאַם.

— איך פרעג, וואָס דו צלם׳סט זיך?

— אַ קלויסטער, מאַדאַם.

די קראַנקע האָט זיך אומגעווענדט צום פענסטער און האָט זיך לאַנגזאַם גענומען צלם׳ען, קוקענדיג מיט איהרע גרויסע ברייט געעפענטע אויגען אויף דעם גרויסען דאָרפישען קלויסטער, נעבען וועלכען דער קראַנקערס קאַרעטע איז פאַרבייגעפאָהרען.

ביידע עקיפּאַזשען האָבען זיך מיט אַ מאָל אָבגעשטעלט נעבען דער סטאַנציע. פון דעם הינטערשטען קאָטש זענען אַרויסגעגאַנגען דער קראַנקערס מאַן און אַ דאָקטאָר און זענען צוגעגאַנגען צו דער קאַרעטע.

— ווי פיהלט איהר זיך? האָט דער דאָקטער געפרעגט טאַ־פּענדיג איהר פּולס.

— נו, וואָס מאַכסטו, מיין טייערע, האָסטו זיך אַיינגעמידט?

האָט דער מאַן געפרעגט אויף פראַנצויזיש, ווערסטו אפשר אַרויס־געהן?

מאַטראָשע האָט צוזאַמענגענומען איהרע פעקלעך און האָט זיך פערשפּאַרט אין אַ ווינקעל, כדי ניט שטערען זיי צו רעדען.

— גאָר ניט. אַלץ דאָס זעלביגע — האָט די קראַנקע געענטפערט — איך וועל ניט אַרויסגעהן. דער מאַן אונטערשטעהענדיג אַ ביסעל, איז אַריינגעגאַנגען אין דער שטיב פון דער סטאַנציע. מאַטראָשע איז אַרויס־געשפּרונגען פון קאַרעטע און איז אויף די שפּיץ־פינגער איבער דער בלאָטע אַוועקגעלאָפען צום טויער.

— אויב מיר איז שלעכט, איז דאָך קיין פּלאַן ניט, אַז צוליב דעם זאָלט איהר קיין פריהשטיק ניט עסען, האָט זי מיט אַ לייכטען שמייכעל געזאָגט צום דאָקטאָר, וועלכער איז געשטאַנען נעבען פענ־סטער.

„זיי אַרט קיינעם ניט פאַר מיר“, האָט זי בײ זיך אין האַרצען צוגעגעבען, ווען דער דאָקטאָר, אָבגעהענדיג פון איהר מיט שטילע טריט, איז שנעל אויף די טרעפּלעך פון סטאַנציע אַרויפגעלאָפען.

— „זיי איז דאָך גוט, וואָס מאַכט עס איהם, אָ! גאָט מיינער! גאָט מיינער!“

— נו וואָס, עדואַרד איוואַנאָוויטש, האָט געזאָגט דער מאַן דער־זעהענדיג דעם דאָקטאָר און מיט אַ פרעהליכען שמייכעל די הענד גע־ריבען, — איך האָב געהייסען דאָס שפּייזקעסטיל אַריינברענגען, ווי זענט איהר מכח דעם?

— זעהר וואויל, האָט דער דאָקטאָר געענטפערט.

— וואָס הערט זיך מיט איהר? האָט דער מאַן זיפצענדיג גע־פרעגט עטוואָס שטילער און דערבײ די ברעמען איפּגעהויבען.

— איך האָב דאָך געזאָגט, אַז זי וועט ניט דערפאָהרען, ניט נאָר קיין איטאַליע, הלואי דערציהט זי ביז מאָסקווע. און בפרט נאָך אין אַזאַ וועטער.

— וואָס־זשע זאָל מען מאָהן? אַך, גאָט מיינער! גאָט מיינער! און דער מאַן האָט מיט די הענד דאָס געזיכט פערדעקט. — דערלאַנג אַהער, האָט ער צוגעגעבען, ווענדענדיג זיך צום מענשען, וואָס האָט דאָס קעסטיל אַריינגעבראַכט.

— מען האָט זיך בעראַרפט אָבשטעלען, האָט דער דאָקטאָר גע־ענטפערט, מיט די אַקסלען אַ דריק געבענדיג.

— אדרבה זאָגט, וואָס האָב איך געקענט טאָהן? האָט דער מאַן געענטפערט; — איך האָב דאָך אַלע מעגליכקייטען אָנגעווענדעט, איהר אָבציהאַלטען. איך האָב מיט איהר גערעדט פון די געלד־מיטלען, איבער די קינדער, וועלכע מיר מוזען איצטער איבערלאָזען, איבער די געשעפטען, — און זי וויל פון קיין שום זאַך ניט הערען. זי מאַכט זיך פלענער, ווי זי וועט לעבען אין אויסלאַנד, פונקט ווי גאָר אַ געזונדע. אין דערצעהלען איהר דעם אמת, אין וואָס פאַר אַ לאַגע זי געפינט זיך, הייסט עס נעהמען זי און טויטען.

— יאָ, זי איז שוין געטויט, זאָלט איהר זשע עס וויסען, וואסילי דימיטריטש. אַ מענש קען ניט לעבען, ווען ער האָט קיין לונגען ניט, און קיין נייע לונגען קענען ניט אויסוואַקסען. ס'איז זעהר שווער און טרויעריג, נאָר אָבער וואָס קען מען מאַכען? אונזער ביידענס חוב איז איצטער, מיר זאָלען זיך בעמיהען, איהר סוף זאָל קומען ווי ווייט מעגליך רוהיגער. דערצו בעדאַרף מען אַ גייסטליכען האָבען.

— אַך, גאָט מיינער, פערשטעהט דאָך מיין לאַגע. דערמאָנט איהר ווענען איהר לעצטען רצון. זאָל שוין זיין וואָס עס וויל, איך קען איהר ווענען דעם ניט זאָגען. איהר ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ גוט האַרץ זי האָט...

— פונדעסטוועגען פּרובט איהר איינרעדען, זי זאָל בלייבען ביז ס'וועט זיך שטעלען אַ שליטס־וועג, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, שאָק־לענדיג ערענסט מיט'ן קאָפּ, — מיט אַזאַ וועג פאָהרען קען זיך זעהר שלעכט ענדיגען...

— אַקסיושא, האַ, אַקסיושא! האָט דעם אויפזועהערס טאָכטער געשריען, אָנטאָהנדיג אויפ'ן קאָפּ אַ לייביל אויף דעם בלאָטיגען הינטער־שטען בריקעל שטעהענדיג, — קום. מיר וועלען אַ קוק טאָהן אויף דער שירקינסקער פּריצטע, מען פיהרט זי, זאָגט מען, קיין אויסלאַנד, האָט אַ האַרץ־קרענק, איך האָב נאָך קיין מאָל נישט געזעהן ווי עס זעהען אויס די וואָס האָבען „טשאַכאָטקע״.

אַקסיושע האָט זיך בעוויזען אייפ'ן שוועל און ביידע כאַפּענדיג זיך פאַר די הענד, זענען זיי אַרויסגעלאָפען אויף יענער זייט טויער. מיט

לאנגזאַמערע טריט זענען זיי פאַרבײַגעגאַנגען נעבען דער קאַרעטע אין פערקוקט אין דעם אַראָבגעלאָזענעם פענצטער. די קראַנקע האָט צו זיי דעם קאָפּ אויסגעדרעהט, נאָר בעמערקענדיג זייער נייגעריגקייט האָט זי צוריק דעם קאָפּ אָבגעקעהרט.

— מאַ־אַ־מענקע, האָט דעם איפּוזיהערס טאָכטער געזאָגט, אָבגעהענדיג שנעל אין אַ זייט — אַזאַ וואונדערליכע שענקייט דאָס איז געווען, און איצטער, וואָס פון איהר איז געוואָרען? ס'כאַפּט אַזש אַ שרעק אָן. האָסט געזעהן, האָסט געזעהן, אַקסיושע?

— יאָ, ווי דאַר זי איז! האָט אַקסיושע צוגעגעבען. קום, לאָמיר נאָך אַ מאָל אַ קוק טאָן. מיר וועלען זיך מאַכען, ווי מיר געהען צום ברונען. זעהסט, זי האָט זיך אָבגעקעהרט, איך האָב זי ווידער געזעהן ס'אַראַ שאָד, מאַשע.

— וואָס פאַר אַ בלאָטע! האָט מאַשע געענטפערט. און ביידע האָבען זיך געלאָזט לויפען צוריק צום טויער.

— „איך מוז שרעקליך אויסזעהן, האָט די קראַנקע געטראַכט, וואָלט איך שוין וואָס גיכער קיין אייסלאַנד קומען, דאָרט וועט מיר גיך בעסער ווערען".

— נו, ווי פיהלסטו זיך מיין, טייערע? האָט דער מאַן געזאָגט, צוגעהענדיג צום קאַרעטע און קייענדיג אַ ביסען.

„אַלץ איינע און די זעלבינע פראַגע, האָט די קראַנקע אַ טראַכט געטאָן, און אַליין עסט ער!"

— אַלץ איינס, האָט זי געזאָגט, דירך די ציינער דורכזייענדיג.

— ווייסט, מיין טייערע, איך האָב מורא דיר זאָל ניט ווערען ערגער פון וועג אין אַזאַ שלעכטען וועטער. עדואַרד איוואַנאָוויטש זאָגט אויך דאָס איינענע — אפשר זאָלען מיר זיך אומקעהרען?

זי האָט געשוויגען מיט כעס.

— דער וועטער וועט בעסער ווערען, אפשר וועט זיך שטעלען אַ וועג און דיר וואָלט אַביסעל גרינגער ווערען, וואָלטען מיר דאַן אַלע צוזאַמען פאָהרען.

— ענטשולדיג מיר. ווען איך וואָלט דיר פון לאַנג ניט געוועזט פאָלגען, וואָלט איך שוין איצטער געווען אין בערלין און איך וואָלט שוין געווען אינגאַנצען געזונד.

— וואָס קען מען מאַכען, נשמה מיינע, דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז ס'איז אונמעגליך געווען. ווען דו וואָלסט זיך ווע‏לען אָבשטעלען אויף אַ חודש, דו וואָלט זיך גלענצענד ערהוילט, איך וואָלט מיט מיינע געשעפטען פאַרענדיגט און מיר וואָלטען די קינדער אויך גענומען...

— די קינדער זענען געזונד און איך ניט.

— דו בעראַפסט דאָך אָבער, מיין טייערע, פערשטעהן, אויב דיר זאָל, חלילה, ערגער ווערען אין וועג... איז דאָך דאַן, אַמוועניגסטען, אין דער היים.

— נו, וואָס אַז אין דער היים?... שטאַרבען אין דער היים? האָט שאַרף די קראַנקע געענטפערט. נאָר דאָס וואָרט שטאַרבען, וויזט אויס, האָט איהר איבערגעשראָקען, זי האָט צום מאַן אַ קוק געגעבען אין די אויגען איהרע האָבען ווי עפּיס געפרעגט, ווי רחמים געבעטען. ער האָט אַראָבגעלאָזט די אויגען און געשוויגען. דער קראַנקערס מויל האָט זיך פּלוצלינג קינדעריש אויסגעבויגען און טרערען האָבען זיך גע-נומען פון איהרע אויגען גיסען. דער מאַן האָט דאָס געזיכט מיט'ן טיכעל צוגעדעקט און האָט שווייגענדיג פון קאַרעטע אָבגעטרעטען.

— ניין, איך וועל פאָהרען, האָט די קראַנקע געזאָגט. אויפ-הויבענדיג די אויגען צום הימעל און צונויפלעגענדיג די הענד, האָט זי אָנגעהויבען צו שעפּטשען ניט קיין בינדיגע ווערטער. — פאַר וואָס קומט עס מיר, גאָט מיינער? האָט זי געזאָגט און איהרע טרערען האָבען זיך נאָך שטאַרקער געגאָסען. זי האָט היים און לאַנג געבעטען, נאָר ביי איהר אין ברוסט איז אַלץ אַזוי ענג און יסורים'דיג געווען, אויפ'ן הימעל, אויף די פעלדער און אויפ'ן וועג איז געווען אַלץ די זעלביגע גראָהקייט און די זעלביגע פינסטערקייט, און אַלץ דער אייגענער אָסיענדריגער נעפּעל, וועלכער, ניט שנעלער און ניט לאַנגזאַמער, איז געפאַלען און געפאַלען, אויף דעם בלאָטיגען וועג, אויף די דעכער, אויף דער קאַרעטע און אויף די טולופּען פון די אַנטרייבער, וועלכע רעדענדיג הויך מיט אַ פרעהליכען קלינגענדיגען קול, האָבען זיי געשמירט און איינגעשפּאַנט די קאַרעטע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## II.

די קאַרעטע איז שוין געווען אײנגעשפּאַנט; נאָר דער אָנטרייבער האָט זיך פערשפּעטיגט. ער איז אַריין אין שטוב, וואו עס האַלטען זיך אויף די אָנטרייבער. אין שטוב איז געווען היס, די לופט פערשטיקט, פינסטער און שווער, ס'האָט זיך געהערט אַ ריח פון מענשען, פון פריש־געבאַקענעם ברויט, פון קרויט און פון שעפּסענע פעל. אין שטוב זענען געווען עטליכע אָנטרייבער, נעבען אויווען האָט זיך דאָרט געפּאָרעט די קעכין, אויפ'ן אויווען אין אַ שעפּסענעם פעל איז געלעגען אַ קראַנקער.

— בוועדער! אַ, פעטער בוועדער! האָט געזאָגט אַ יונגער בחור, אַ אָנטרייבער אין אַ טוליפּ מיט אַ בייטש אין גאַרטיל פערשטעקט, אַריינקומענדיג אין שטוב אין ווענדענדיג זיך צים קראַנקען.

— נאָך וואָס, די פלוידערזאַק, בעראַרפסטו פיעדקען? האָט זיך אָבגערופען איינער פון די אָנטרייבער: גיה, מען וואַרט שוין דאָרט אויף דיר אין דער קאַרעטע.

— איך וויל בײַ איהם די שטיוועל בעטען. כ'האָב מיינע אינגאַנצען צוועצט, האָט דער יונג געענטפערט טרייסלענדיג מיט זיינע האָר און פערשטעקענדיג די הענטשקעס אין גאַרטיל — ער שלאָפט, צי וואָס? האַ, פעטער? האָט ער איבערגע'חזר'ט צום אויווען צוגעהענדיג.

— וואָס? האָט זיך אַ שוואַכע שטימע דערהערט אין אַ געל מאָגער געזיכט האָט זיך פון אויווען אַראָבגעבויגען. אַ ברייטע, אויסגעטריקענטע און בלאַסע בעוואַקסענע האַנד האָט אַרויפגעשלעפּט די סוויטענע אויף דעם שאַרפען אַקסיל אין אַ שמוציגער העמד. — גיב, ברידערקע, וואָס אַ טרונק צו טאָהן — וואָס ווילסטו?

דער יונג האָט איהם דערלאַנגט אַ קריגעלע וואַסער.

— נו וואָס, פיעדיע, האָט ער געזאָגט שוין אומבייטענדיג דעם טאָן, דו בעדאַרפסט דאָך איצטער נישט קיין נייע שטיוועל! גיב זיי מיר אָב, כ'מיין, דו וועסט דאָך שוין ניט אַרומגעהן.

דער קראַנקער איז צוגעפאַלען מיט זיין שוואַכען קאָפּ צום גלאַנצענדיגען קריגעל און נעצענדיג זיינע שיטערע אַראָבגעהאַנגענע וואָנסען אין דעם טונקעלעם וואַסער, האָט ער שוואַך און דורשטיג געטרונקען. זיין צופּלאָנטערטע באָרד איז געווען אומריין, זיינע אײַנגעפאַלענע אויס־

געלאָשענע אויגען האָבען זיך מיט מאַטערניש אויפגעהויבען אַ קוק צו־געבען אייף'ן יונג. נאָכ'ן טרינקען האָט ער געוואָלט אויפהויבען די האַנד און אָבווישען זיינע נאַסע ליפען, נאָר ער האָט ניט געקענט און האָט זיך אָבגעווישט אָן דעם אַרביל פון זיין אַרמיאַק. שווייגענדיג און שווער צי־הענדיג דעם אָטעם דורך דער נאָז, האָט ער געקוקט גלייך דעם יונג אין די אויגען, אָנווענדענדיג זיינע כחות.

— אפשר האָסטו זיי שוין אימעצען צוגעזאָגט? האָט דער יונג געזאָגט — אַזוי אימזיסט. דער עקר וואָס איך ווער גאַס איז נאַס און איך בעדאַרף פאָהרען מיט משא, און איך האָב מיר בעטראַכט, אָט לאָמיך נאָר אַ בעט טאָהן ביי פיעדקע'ן, ער, מיין איך, בעדאַרף דאָך זיי נישט האָבען. אפשר בעדאַרפסטו זיי אליין האָבען? דו זאָג...

ביי דעם קראַנקען אין ברוסט האָט זיך עפּיס אָנגעהויבען איבער־גיסען אין ביטשען און אין האַלז האָט איהם אָנגעהויבען ווערגען אַ פערשטיקטער הוסט.

— צו וואָס בעדאַרף ער זיי שוין — האָט אונגעריכט די קעכין ביזו אייפ'ן גאַנצען שטוב אויסגעשאָסען; — שוין דעם אַנדערען חודש אַז ער קריכט פון אויווען נישט אַראָב. אָט, ווי דו זעהסט, אַזוי רייסט ער זיך איין, אַפילו אין די גערערעם אינווענינג טהוט איהם וועה, אָט ווי דו הערסט. וואו בעדאַרף ער שוין דאָרט שטיוועל האָבען? אין קיין נייע שטיוועל וועט מען דאָך איהם נישט בעגראָבען. און ס'איז שוין לאַנג צייט געווען, זאָל מיר גאָט נישט שטראָפען! אָט זעה ווי ער רייסט זיך די געדערעם אויס. מען האָט איהם בעדאַרפט אין אַנ'אַנדער שטוב איבערטראָגען, אָדער ווייס איך וואו? אין שטאָדט, הערסטו דאָך, זענען אויינע האָספיטאָלען פאַרהאַנען; איז דען אַ יושר, ער האָט דאָ אַ גאַנצען ווינקעל פערנומען און גאָרנישט. נישטאָ זיך וואו אַ קעהר צו כאָן. און דאָ פאָדערט מען נאָך ריינקייט זאָל זיי זיין.

— איי, סעריאָגאַ! געה זעץ זיך אויף פאָהרען. די הערען וואַרטען, — האָט אין מיר אַריינגעשריען דער פּאָטשטאָווער סטאַראָסטע.

סעריאָגאַ האָט שוין געוואָלט אַוועקגעהן ניט דערוואַרטענדיג זיך קיין תשובה, נאָר דער קראַנקער האָט איהם הוסטענדיג אַ ווינק געגעבען מיט די אויגען, אַז ער וויל איהם עפּיס זאָגען.

— די נעהם די שטיוועל, סעריאָגאַ, האָט ער געזאָגט, דערשטי־קענדיג אין זיך דעם הוסט און אַביסעל דעם אָטעם אָבכאַפּענדיג. —

נאָר הער, זאָלסט אַ שטיין קויפען, אַז איך וועל שטאַרבען, האָט ער כריפּענדיג צוגעגעבען.

— אַ דאַנק דיר, פּעטער, וועל איך זיי טאַקי נעהמען און אַ שטיין, אַי־אַי, וועל איך קויפען.

— האָט איהר, ברידער, געהערט, האָט נאָך דער קראַנקער קוים אַרויסגערעדט און באַלד האָט ער זיך ווידער אַראָבגעבייגען און זיך אָנגעהייבען שטיקען מיט'ן הוסט.

— נו רעכט, מיר האָבען געהערט, האָט געזאָגט איינער פון די אָנטרייבער — געה, סעריאָגאַ, זעץ זיך שוין אויף, וואָרים דער סטאַראָסטע לויפט שוין ווידער. די שירקינסקער פּריצטע איז דאָרט קראַנק.

סעריאָגאַ האָט שנעל אַראָבגעוואָרפען די צוריסענע, ניט נאָך זיין מאָס נאָך גרויסע שטיוועל און האָט זיי אַרונטער־געשליידערט אונטער'ן באַנק. דעם פּעטער פיאָדער'ס נייע שטיוועל זענען געווען פּונקט פּאַר זיין פוס און סעריאָגאַ האָט, בליקענדיג אויף זיי, זיך געלאָזט געהן צום קאַרעטע.

— אָ, וואָס פאַר אַ וואַזשנע שטיוועל! ווייז, איך וועל דיר זיי אויסשמירען, האָט זיך אָבגערופען דער יונג מיט די שמירעכטס אין האַנד, בעת סעריאָגאַ איז געקראָכען אויף די קאָזלעס זיך זעצען, נעהמענדיג די לייטשעס — אומזיסט געקראָגען?

— ביזט מקנא, האָט סעריאָגאַ געענטפערט; ער האָט זיך אונטערגעהייבען און די פּאָלעס פון זיין אַרמיאַק איינגעוויקעלט נעבען די פיס. — נערירט זיך; עך, איהר מיינע ליבע! האָט ער צו די פערד אַ געשריי געטאָהן, ער האָט אַ מאַך געטאָהן מיט דער בייטש און די קאַרעטע מיט'ן קאָטש מיט זייערע פּאַסאַזשירען, טשעמאָדאַנען און אָנטרייבער, זענען שנעל אַוועקגעפאָהרען מיט'ן נאַסען וועג, פערשווינדענדיג אין דעם גראָהען אָסיענדיגען נעפּיל.

דער קראַנקער אָנטרייבער איז געבליבען ליגען אין דער פערשטיקטער אָנגערויכערטער שטוב אויפ'ן אייווען, און נישט אויסהוסטענדיג זיך האָט ער מיט די לעצטע כחות זיך איבערגעקעהרט אויפ'ן צווייטען זייט און איז שטיל געבליבען.

אין שטיבעל אַריין איז מען ביז פאַרנאַכט געקומען און אַוועקגעגאַנגען, מען האָט מיטאָג געגעסען -- נאָר דער קראַנקער האָט זיך ניט געלאָזט הערען. שוין בייַנאַכט איז די קעכען אַרויפגעקראָכען אויפ'ן אייווען און דאָרט פון איבער זיינע פיס בעקימען אַ טוליפ.

— דו זיי נישט אין כעס אויף מיר, נאַסטאַסיע, האָט דער חולה

געזאָגט, — אין ניכען וועל איך דיר שוין אָבלעדיגען דעם ווינקעל דיינעם.

— ני רעבט, רעבט, מיילא וואָס מאַכט עס אוים - - וואָס, טהוט עס דיר וועה, פעטער? זאָג דו.

— ס'האָט זיך מיר אינוועניג אינגאַנצען אלץ אָבגעריסען. גאָט חייסט וואָס דאָרט איז.

— ס'טהיט דיר שוין, מסתמא, דער האַלז וועה פון אַזוי פיל הוסטען?

— ס'טהוט אומעדום וועה. געקומען שוין דער טויט. אָט וואָס. אָך, אָך, אָך! האָט דער חולה געקרעכצט.

— דו רעק נאָר די פים גוט אַיין, אָט אַזוי, האָט נאַסטאַסיע געזאָגט, און אַרויפציהענדיג אויף איהם אויפ'ן וועג דעם אַרמיאַק, איז זי פון אויווען אַראָבגעקראָכען.

ביי נאַכט האָט אין שטיבעל שוואַך דאָס נאַכט-לעמפּיל געברענט. נאַסטאַסיע און אַ מאַן צעהן אָנטרייבער האָבען הויך כראָפּענדיג אויף דער ערד און אונטער די בענק געשלאָפען, בלויז דער חולה אַליין האָט שוואַך געקרעכצט, געהוסט און האָט זיך געדרעהט אויפ'ן אויווען. אַרום בעגינען איז ער אינגאַנצען אַנטשוויגען געוואָרען.

— גאָר אַ וואונדערליכען חלום האָב איך היינט ביינאַכט געזעהן, האָט די קעכין ציהענדיג זיך דערצעהלט אין דעם האַלב דונקעלעם צימער, אויף דעם אַנדערען פריהמאָרגען. — ס'דוכט זיך מיר, ווי דער פעטער כוועדער איז פון אויווען אַראָבגעקראָכען און איז אַוועקגעגאַנגען האָלץ האַקען. וויז, זאָגט ער, נאַסטיע, איך וועל דיר העלפען; און איך זאָג צו איהם: — וואו קענסטו שוין דאָרט האָלץ האַקען? כאַפּט ער דעם האַק אין הויבט אָן גיך, גיך צו האַקען אַז נאָר שפּענער זענען געפלויגען. ווי קומט עס, זאָג איך צו איהם, דו ביזט דאָך קראַנק געווען? ניין, זאָגט ער, איך בין געזונד — און אַז פערמעסט זיך עס מיט'ן האַק, איף מיר איז אַזש אַ שרעק אָנגעפאַלען. אַז איך גיב עס א געשריי, און כ'האָב זיך אויפגעכאַפּט. — צי איז ער דאָרט אָפּטמאָל נישט געשטאָרבען? פעטער כוועדער! האַ פעטער!

פיאָדער האָט זיך ניט אָיינגערופען.

צו איז ער טאַקי אפשר ניט געשטאָרבען, האָט זיך אָבגערופען אַ אָנ-טרייבער, וועלכער האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט.

די מאָגערע האַנד, וועלכע איז פון אויווען אַראָבגעהאַנגען, בע-וואַקסען מיט געלבליכע האָר, איז געווען קאַלט און בלאַס.

— מען בעדאַרף געהן דעם אויפזעהער זאָגען, דוכט זיך, ער איז געשטאָרבען, האָט דער אָנטרייבער געזאָגט.

קיין קרובים האָט פיאָדער ניט געהאַט — ער איז געווען פון ווייט. אויף מאָרגען האָט מען איהם מקבר געווען אויפ'ן נייעם בית־עולם, הינטער'ן וועלדיל, און נאַסטאַסיע האָט עטליכע טעג דורכאַנאַנד דער־צעהלט דעם חלום, וואָס זי האָט געזעהן, און וועגען דעם, אַז זי האָט זיך די ערשטע געכאַפּט, אַז דער פעטער כוועדער איז געשטאָרבען.

---

## III.

דער פריהלינג איז געקומען. אויף די נאַסע שטאָדטישע גאַסען, צווישען די מיסטיגע שטיקעלך אייז האָבען געברומט אין געהיילט פרעה־ליכע טייכלעך; דער פאַרב פון די קליידער און דער קלאַנג פון דעם שמועס פון דעם דורכגעהענדיגען עולם, איז געווען שרייענדיג. אין די גערטענדלעך אויף דער אַנדערער זייט ציים האָבען אָנגעקוואָלען די קנאָספּען פון די ביימער, און זייערע צווייגען האָבען זיך קיים־קיים בעוועגט פון דעם קילען ווינטעל. איבעראַל האָט זיך גענאָסען אין געטריפט דורכ־זיכטיגע טראָפּענס... די שפּערלינגען האָבען געטשווירשערט און איבער־געשפּרינגען אין אונטערגעפליגען אויף זייערע קליינינקע פליגעלעך. אויף דער זוניגער זייט, אויף די ציימען, אויף די הייזער און ביימער האָט זיך אַלץ בעוועגט אין געבלישטשעט. פרעהליך, יונג האָט אַלץ אויס־געזעהן סיי אויפ'ן הימעל, סיי אויף דער ערד און אויך אין דעם האַרצען ביי דעם מענשען.

אויף איינער פון די הויפּט־גאַסען, פאַר אַ גרויסען פּריצישען הויז, איז געווען אָנגעשפּרייט פרישע שטרוי; און שטיב איז געלעגען די זעלבע קראַנקע, וועלכע האָט זיך געאײלט קיין אויסלאַנד.

ביי דער פערמאַכטער טיר פון'ם צימער זענען געשטאַנען דער קראַנקערס מאַן, און אַ בעיאָהרענטע פרוי, אויפ'ן דיוואַן איז געזעסען אַ גייסטליכער, די אויגען אַראָבגעלאָזען און האָט געהאַלטען עפּעס אַ פערוויקעלטע זאַך אין דעם עפּיטראַביל*). אין אַ ווינקעל אויף

*) אַ לאַנגער שאַל, וואָס די גייסטליכע טראָגען בעת זייער גאָטעסדינסט.

אַ וואָלטערישען פּאָטעל איז געלעגען אַנ׳אַלטיטשקע, דער קראַנקערס מוטער, אין האָט ביטער געוויינט. נעבען איהר איז געשטאַנען דאָס הויז־מיידיל און געהאַלטען אויפ׳ן האַנד אַ נאָז־טיכעל, וואַרטענדיג די אַלטע זאָל איהם ביי איהר נעהמען; די צווייטע האָט מיט עפּים גע־ריבען די שלייפען ביי דער אַלטער און האָט איהר געבלאָזען אונטער׳ן טשיפּיק, אויף איהר גרויהען קאָפּ.

— גאָט איז מיט אייך, האָט גערעדט דער מאַן צו דער בע־יאָהרענטער פרוי, וועלכע איז מיט איהם געשטאַנען ביי דער טיר, — זי האָט דאָך אַזאַ צוטרוי צו אייך, איהר קענט אַזוי רעדען מיט איהר, כ׳בעט אייך, רעדט זי איין; געהט, מיין טייערע, כ׳בעט אייך. ער האָט איהר שוין געוואָלט עפענען די טיר, נאָר די קוזינע האָט איהם אָבּ־געהאַלטען, זי האָט עטליכע מאָל דאָס טיכעל צו די אויגען צוגעלעגט אין האָט אַ טרייסעל געטאָהן מיט׳ן קאָפּ.

— אָט איצטער, דוכט זיך מיר, בין איך נ׳ט פערוויינט, האָט זי נעזאָגט אין, אויפעפענדיג אַליין די טיר, איז זי אין צימער אַריין.

דער מאַן איז געווען זעהר אויפגערעגט אין ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז ער האָט זיך איינגאַנצען פערלאָרען, ער האָט שוין געהאַט געוואָלט צוגעהן צו דער אַלטער; נאָר, ניט דערגרעהענדיג עטליכע טריט, האָט ער זיך אימגעקעהרט און איז צוגעגאַנגען צום גייסטליכען. דער גייסטליכער האָט אייף איהם אַ קוק געגעבען, אויפגעהויבען די ברעמען צום הימעל אין האָט אַ זיפץ געטאָהן, זיין געדיכט גראָהליך בערדיל האָט זיך אויך אויפגעהויבען און האָט זיך צוריק אַראָבגעלאָזען.

— גאָט מיינער! גאָט מיינער! האָט דער מאַן געזאָגט.

— וואָס קען מען טאָהן? האָט, זיפצענדיג, דער גייסטליכער גע־זאָגט אין זיינע ברעמען און דאָס בערדיל זיינס האָבען זיך ווידער אויפ־געהויבען און אַראָבגעלאָזען.

— אין די מוטער איז אויך דאָ! האָט דער מאַן מיט שמערצען געזאָגט, — זי וועט עס ניט איבערטראָגען. ווי זי ליבט זי, ווי זי ליבט זי! ווי זי... איך וויים ניט. ווען איהר, פאָטער, וואָלט כאָטש פּרובען זי צו בערוהיגען, איינרעדען. זי זאָל אַוועקגעהן פון דאַנען.

דער גייסטליכער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט אין איז צו־געגאַנגען צו דער אַלטער.

-- קיינער קען נישט אָבוועגען און אָבשאַצען דער מאַמעס האַרץ, האָט ער געזאָגט -- נאָר גאָט איז דאָך אַ בעל רחמים.

דער אַלטערס געזיכט האָט פּלוצלינג אָנגעהויבען צו ציטערען און זי האָט אויסגעבראָכען מיט אַ היסטערישען שלוקערץ.

— גאָט איז אַ בעל רחמים, האָט דער גייסטליכער ווייטער גערעדט, נאָך דעם ווי זי האָט זיך שוין אַביסעל בערוהיגט. -- איך בעדאַרף אייך דערצעהלען, אַז בייא אונז איז געווען אַ חולה, נאָך פיל שווערער פון מאַריע דימיטראָוונע, און וואָס מיינט איהר, אַ איינפאַכער מענש האָט איהם מיט אַזעלכע גראָזען אויסגעהיילט אין גאָר אַ קורצער צייט. דער דאָזיגער מענש וואוינט טאַקי איצטער אין מאָסקווע. איך האָב וואַסילי דימיטריטש'ן געזאָגט — מען האָט עס געקענט אויספּרובען. דאָס וואָלט, אויף'ן קלענסטען פאַל, בערוהיגט אַביסעל דער קראַנקער. בייא גאָט איז אַלץ מעגליך.

— ניין, זי קען שוין נישט לעבען בלייבען, האָט די אַלטע אַרויסגעזאָגט, — איי גאָט! בעסער וואָס איהר, זאָל מיר געשעהן. און דעם האָט זיך דער היסטערישער שלוקערץ פערשטאַרקט, און זי איז אין אונמאַכט געבליבען.

דער קראַנקערס מאַן האָט דאָס געזיכט מיט די הענד פערדעקט און איז אַרויסגעלאָפען פון דעם צימער.

אין קאָרידאָר האָט איהם דער ערשטער בעגעגענט אַ זעקס־יאָהריגער אינגעל, וועלכער האָט אין איין געליף נאָכגעיאָגט נאָך אַ יונגער מיידעלע.

-- ווענט איהר אפשר הייסען די קינדער צו דער מוטער אַריינפיהרען? האָט די ניאַניע געפרעגט.

— ניין, זי וויל זיי ניט זעהן. דאָס וועט זי איפרעגען.

-- דאָס אינגעל האָט זיך אַ ווייליע אָבגעשטעלט, האָט שאַרף דעם פאָטער אין געזיכט אַקוק געגעבען, מיט אַ מאָל האָט ער מיט די פיסלעך אַ דריק געטאָן און מיט אַ פרעהליכען אויסגעשריי האָט ער זיך געלאָזט ווייטער לויפען.

— זי איז, פּאַפּאַ, דאָס שוואַרצע פערד! האָט ער אויסגעשריען בעווייזענדיג אויף דער שוועסטער.

און אין דער זעלבער צייט איז די קוזינע געזעסען נעבען דער קראַנקער און פיהרענדיג קונציג דעם שמועות האָט זי איהר צוגענייט צום גרַאנק ווענען טויט. דער דאָקטאָר האָט נעבען צווייטען פענסטער געמישט עפּיס אַ געטראַנק.

די קראַנקע, אין אַ ווייסען קאַפּאָט און אַרומגעלעגט מיט קישענס, איז געזעסען אויפ'ן געלעגער און האָט שווייגענדיג געקוקט אויף דער קוזינע.

— איך, מיין פריינד, האָט זי געזאָגט, איבערשלאָגענדיג איהר אונטערוואָרטעט, גרייט מיך ניט צו. האַלט זיך ניט פאַר קיין קינד. איך בין אַ קריסטין, איך ווייס אַלסדינג. איך ווייס, אַז מיר איז גאָר ווענינ איבערגעבליבען צום לעבען. איך ווייס, אַז ווען מיין מאַן וואָלט מיר געהערט פאָלגען, וואָלט איך שוין איצטער געווען אין איטאַליע, און, עס קען געמאָלט זיין, אַז איך וואָלט שוין איצטער אויף געווים געזונד געווען. אַלע האָבען דאָס איהם געזאָגט. נאָר וואָס קען מען מאַכען? מסתמא האָט עס גאָט אַזוי געוואָלט. אויף אַלע אונזערע ליגט פיל זינד, איך ווייס עס; נאָר איך האָף אויף גאָט'ס חסד, ער וועט אַלעמען מוחל זיין, מסתמא וועט ער דאָך אַלעמען מוחל זיין. איך וועל מיך בעמיהען זיך אַליין צו פערשטעהן. איך אַליין בין אויך גענוג זינדיג געווען, מיין פריינד, נאָר דערפאַר, וויפיל יסורים האָב איך עס אויסגעליטען... איך האָב מיר בעמיהט איבערצוטראָגען מיט געדולד אַלע מיינע יסורים...

— זאָל איך דעם גייסטליכען אַריינרופען, מיין פריינד? אייך וועט נאָך גרינגער ווערען אויפ'ן הארצען, ווען איהר וועט זיך מתודה זיין, האָט די קוזינע געזאָגט.

די קראַנקע האָט מיט'ן קאָפּ אַ שאָקעל געגעבען, אַ צייכען, אַז זי איז מסכים.

— גאָט! זיי מוחל, מיר דער זינדיגער, האָט זי געשעפּטשעט.

די קוזינע איז אַרויסגעגאַנגען און האָט צום גייסטליכען אַ ווינק געגעבען.

— דאָס איז אַ מלאַך, האָט זי צום מאַן געזאָגט מיט טרערען אין די אויגען. דער מאַן האָט וויינען אָנגעהויבען, דער גייסטליכער איז צו איהר אין צימער אַריין און די אַלטע איז נאָך אַלץ צו זיך ניט געקומען

און אין דעם ערשטען צימער איז גאַנץ שטיל געוואָרען. אין פינף מינוט אַרום איז דער נייסטליכער פון צימער אַרויסגעגאַנגען און אַראָבגעהמענ־דיג דעם עפּיטראַכיל האָט ער זיינע האָר פערריכט.

— דאַנקען גאָט, איצטער האָבען זיי זיך בערוהיגט אַ ביסעל. זיי ווילען אַייך זעהן.

די קוזינע און דער מאַן זענען אַרויסגעגאַנגען. די קראַנקע האָט שטיל געוויינט קוקענדיג אויף'ן הייליגען בילד.

— איך גראַטוליר דיר, מיין טייערע, האָט דער מאַן געזאָגט.

— אַ דאַנק! ווי גוט איז מיר איצטער געוואָרען, וואָס פאַר אַיין אונבעגרייפליכען פערגניגען איך שפּיר איצטער, האָט די קראַנקע גע־רעדט; און אַ לייכטער שמייכעל האָט געשפּילט אויף איהרע דינע ליפּען. — ווי גאָט איז ערבאַרעמדיג! נישט וואָהר? ער איז ערבאַרעמדיג און אַלץ קען ער! און זי האָט ווידער מיט דורשטיגעס געבעט געקוקט מיט טרערען־פולע אויגען אויף דעם הייליגען בילד.

דערנאָך האָט זי זיך פּלוצלינג ווי אָן עפּיס דערמאָנט, און האָט אַ צייכען געגעבען דעם מאַן, ער זאָל צוגעהן.

— דו ווילסט קיין מאָל ניט טאָן דאָס וואָס איך בעט, האָט זי געזאָגט מיט אַ שוואַכע און אונצופרידענע שטימע...

דער מאַן האָט, די האַלז אויסציהענדיג, אונטערטעניג זי צוגעהערט.

— וואָס, מיין טייערע?

— וויפיל מאָל האָב איך געזאָגט, אַז די אַלע דאָקטוירים פאַר־שטעהען גאָר ניט, ס'זענען פּאַרהאַנען איינפאַכע רופאים און זיי היילען אויס... אָט, נאָר וואָס האָט דער גייסטליכער געזאָגט... דאָ אַ מענש איז פאַרהאַן... שיק נאָך איהם.

— נאָך וועמען, מיין טייערע?

— גאָט מיינער, ווי ער וויל גאָר ניט פערשטעהן!... און די קראַנקע האָט פאַר פערדרוס דאָס פּנים פערקרימט און האָט צוגעמאַכט די אויגען.

דער דאָקטאָר איז צו איהר צוגעגאַנגען און האָט איהר האַנד גע־נומען. דער פּולס האָט בערייטענד אַלץ שוואַכער און שוואַכער געשלאָ־

גען. ער האָט צום מאַן אַ ווינק געטאָן. די קראַנקע האָט דעם צייכען בעמערקט און האָט צושראָקען זיך אַרומגעקוקט. די קוזינע האָט זיך אָבגעקעהרט און האָט אָנגעהויבען וויינען.

— ניט וויין. ניט מאַטער זיך און מיך, האָט די קראַנקע געזאָגט. — דאָס נעהמט פון מיר דאָס לעצטע ביסעל רוהיגקייט צו.

— ביזט אַ מלאַך! האָט די קוזינע געזאָגט קושענדיג איהר האַנד.

— ניין, אָט דאָ קוש מיך, בלויז טויטע קושט מען די האַנד. גאָט מיינער! גאָט מיינער!

אין דעם זעלבינען אָבענד איז ביי די קראַנקע שוין געווען אַ קאַלטער קערפּער, און דער קערפּער אין אַ אָרון איז געשטאַנען אין דעם גרויסען זאַל פון דעם גרויסען הויז.

אין דעם גרויסען צימער מיט פערמאכטע טירען איז געזעסען בלויז דער „דיאַטשעק״ און האָט אונטער דער נאָז, מיט אַ מעסיגע שטימע, געלעזען פּסוקים פון תהילים. דאָס העלע וואַקסענע ליכט פון די הויכע זילבערנע לייכטער איז געפאַלען אויף דעם בלאַסען שטערען פון דער געשטאָרבענער, אויף די שווערע וואַקסענע הענד און אויף די פערשטיי־נערטע קנייטשען פון דעם צודעק, וועלכער האָט זיך שטאַרק אויפגע־הויבען אויף די קניע און אויף די פינגער פון די פיס. דער „דיאַטשעק״, ניט פערשטעהענדיג זיינע אייגענע ווערטער, האָט מעסיג געלעזען, און אין דעם שטילען צימער האָבען עפּיס מאָדנע געקלונגען און אָבגעשטאָר־בען די ווערטער. פון צייט צו צייט האָט זיך פון אַ ווייטען צימער דער־טראָגען די קינדערשע קולות און דאָס קלאַפּען פון זייערע טריט.

„תסתר פניך יבהלון, האָט ער אין תהילים געלעזען, תוסף רוחם יגועון ואל עפרם ישובון, תשלח רוחך יבראון ותחדש פני אדמה. יהי כבוד ה׳ לעולם״.

דאָס געזיכט פון דער געשטאָרבענער איז געווען שטרענג און ערהאַבען. ניט אין דעם זויבערען שטערען, ניט אין די צוזאַמענגעדריק־טע ליפּען האָט זיך גאָר ניט בעוועגט. זי איז געווען די אויפמערקזאַמקייט אַליין. נאָר צו האָט זי כאָטש פערשטאַנען איצטער אָט די דאָזיגע גרויסע ווערטער?

---

## IV.

אין אַ חודש אַרום האָט זיך איבער דעם קבר פון דער געשטאָר־בענער ערהויבען אַ קלויסטעריל. אויף דעם קבר פון דעם אָנטרייבער איז נאָך אַלץ קיין שטיין ניט געשטאַנען, בלויז די העל גרינע גראָזען, וואָס האָבען זיך אַרויסגעשלאָגען איבער דעם בערגיל, זענען דער איינ־ציגער צייכען געווען, אַז ס'האָט אַ מאָל אַ מענש געלעבט.

— די פערדרינסט אַנ'עברה, סעריאָגא, האָט א מאָל די קעכין אויף דער סטאַנציע געזאָגט — אייב דו קויפסט נישט פאַר כוועדערען אַ שטיין אויף זיין קבר. דאָ האָסטו געזאָגט, אַז ס'איז ווינטער — און איצטער ווערסטו אויך קיין וואָרט נישט האַלטען? — דאָס איז דאָך פאַר מיינע אויגען געווען. ער איז שוין איין מאָל געקומען צו דיר בעטען, וועסט נישט קויפען, וועט ער נאָך אַ מאָל קומען און ער וועט אָנהייבען צו־שטיקען.

— וואָס, איך זאָג זיך דען אָב, האָט סעריאָגאַ געענטפערט, איך וועל קויפען אַ שטיין, כ'וועל קויפען, ווי איך האָב געזאָגט, פאַר גאַנציע אָנדערטהאַלבען קאַרבען וועל איך קויפען. איך האָב נישט פער־געסען, און מען בעדאַרף דאָך איהם ברענגען צופיהרען. ס'וועט זיך מיר מאַכען אין שטאָדט, וועל איך קויפען.

— וואָלסט כאָטש אַ צלם אַ וועקשטעלען, האָט זיך אָבגערופען אַנ'אַלטער אָנטרייבער, ווען ניט, איז עס זעהר מיאוס. די שטיוועל זיינע טראָגסטו.

— וואו זאָל איך דען נעהמען דעם צלם? וועסט דאָך איהם פון קיין שטיקעל האָלץ נישט אויסטעשען.

— וואָס רעדסטי דען? וועסט פון האָלץ נישט אויסטעשען, נעהם אַ האַק און געה אַביסעל פריהער אַוועק אין וועלדיל אַריין און אָט וועסטו דאָרט אויסטעשען. וועסט שוין דאָרט אַ יאַסענעם בוימיל אויסהאַקען, אָט וועסטו אַ צלם האָבען. וועסט דאָרט נאָך דעם אויפהיטער צו טרינ־קען געבען. פאַר יעדער נאַרישקייט איהם טרינקען געבען — וועסטו גאָר אַזוי פיל נישט קענען אָנגרייטען. כ'האָב דאָ לעננער אַ דראָנג צו־

בראָכען, האָב איך אַ נייעם גאָר אַ וואזשנעם אויסגעהאַקט, קיינער האָט קיין חאָרט ניט גערירט.

גאַנץ בעגינען, קוים ווי ס'האָט זיך אויף טאָג פערנומען, האָט סעריאָנגאַ אַ האַק גענומען און איז אין ווערדיל אַוועק.

אויף אַלץ איז גערעגען אַ קאַלטער, מאַטער צודעק, פון דעם טוי, וועלכער איז נאָך געפאַלען און איז נאָך ניט געווען פון דער זון בעצ־ לויכטען. אונבעמערקט איז דער מזרח אַלץ העלער געוואָרען, אָבּ־ שפּיגלענדיג זיין שוואַכען ליכט אויף די דינע פערצווייגענע וואָלקענדלעך אויף דעם הימעל — קיין איין גרעזעלע אונטען, ניט קיין איין בלעטיל אויף די אויבערשטע צווייגלעך פון די בוימער האָבען זיך ניט גערירט. בלויז דער גערויש פון פליגעל צווישען די צווייגען פון די בוימער, אָדער אויף דער ערד אָבקלאַפּענדיג, האָט געשטערט די רוהיגקייט אין וואַלד. פּלוצלינג האָט זיך עפּיס אַ מאָדנער קלאַנג, אַ פרעמדער פאַר דער נאַטור, צוטראָגען און איז פערלוירען געגאַנגען ביים ברעג וואַלד, נאָר דער קלאַנג האָט זיך ווידער געלאָזט הערען און האָט זיך ווידערהאָלט אין איין מאָס אונטען ביים שטאַם פון איין אונבעוועגליכען בוים. איינער פון די בוימער־שפּיצען האָט עפּיס אונגעוועהנליך אַ ציטער געטאָהן, זיינע זאַנפטינע בלעטלעך האָבען זיך עפּיס צווישען זיך גענומען סוד'ען. און אַ מאַלינאָווקע, וואָס איז געזעסען אויף איינעם פון זיינע צווייגעלעך, איז מיט אַ געטשווויטשעריי אַ פּאָר מאָל איבערגעפלויגען הין און צוריק און האָט זיך געזעצט אויף אַ צווייטען בוים.

דער קלאַנג פון דעם האַק האָט זיך אַלץ שטומפּער געלאָזט הערען, זאַפטיגע ווייסע שפּענער זענען געפלויגען אויף דעם טוי־בע־ דעקטען גראָז און אַ לייכטעם קנאַקען האָט זיך אָנגעהויבען צו הערען נאָך יעדען קלאַפּ מיט דער האַק. דער בוים האָט מיט זיין גאַנצען קערפּער אַ ציטער געגעבען, האָט זיך אַ בויג געטאָן און גלייך זיך אויסגעגלייכט, נעווינט זיך צושראָקען אויף זיין וואָרצעל. אויף איין אויגענבליק איז אַלץ שטיל געוואָרען, נאָר באַלד האָט זיך דער בוים ווידער אויסגעבויגען, אין זיין שטאַם האָט זיך אַ בראָך דערהערט, און ברעכענדיג די צווייגען האָט עס אַ פאַל געטאָן מיט זיין קרוין אויף דער נאַסער ערד. די קלאַנ־ גען פונ'ם האַק און דער גערויש פון טריט איז שטיל געוואָרען.

די מאַלינאָווקע האָט אַ פּייף געטאָן און איז אַרויפגעפלויגען העכער. דאָס צווייגעלע, וועלכעס זי האָט מיט איהרע פליגעלעך פערטשעפּעט, האָט זיך אַ צייט געווינט, האָט זיך בערוהיגט גלייך מיט די איבעריגע,

מיט אַלע זייערע בלעטלעך. די בוימער האָבען נאָך פרעהליכער גע־שיינט אויף זייער נייעם פרייען אָרט מיט זייערע אונבעוועגליכע צווייגען.

די ערשטע שטראַלען פון דער זון, דורכשלאָגענדיג זיך דורך דעם צעריסענעם וואָלקען, האָבען אין הימעל אַ בליץ געטאָן און דורכגעלאָפען איבער ערד און הימעל. דער נעפעל האָט זיך גענומען איבערגיסען און וועלען אין די נידעריגע ערטער. דער טוי האָט בלישטשענדיג גענומען שפילען אויף אַלע גרינסען, דורכזיכטיגע וויים־געוואָרענע וואָלקענדלעך האָבען זיך אײַלענדיג צולאָפען איבער דעם בלאָהען הימעל. די פויגעלעך האָבען זיך אויפגערודערט אין די קוסטעס, און ווי צימישטע האָבען זיי אָנגעהייבען עפּיס גליקליכעס צו פיפסען; די זאַפטיגע בלעטער האָבען פרעהליך און רוהיג געשעפטשעט אויף די שפיצען בוימער און די צווייגען פון די לעבעדיגע בוימער, האָבען זיך לאַנגזאַם, ערהאַבען גע־נומען וויגען איבער דעם טויטען געפאַלענעם בוים.

---

# די מוטער.

(ערצעהלונג).

בּיי אַ יונגער מוטער האָט געהאַלטען בּיים שטאַרבּען אַ דריי־יאָהריגער אינגעל. ער איז בּיי איהר געווען אַנ׳איינאונאיינציגער. בּיים אינגעל איז געווען אַ וואַסער אין קאָפּ — דאָס איז אַזאַ חולאַת, פון וועלכער צוריק געזונד ווערען איז שוין כּמעט אונמעגליך. דער דאָקטאָר איז געקומען, האָט גאָר ניט געזאָגט, ער האָט אַראָבּגעלאָזען דעם קאָפּ. און די מוטער האָט איהם אָהן ווערטער פערשטאַנען. מען האָט גלייך געקענט דערקענען פון דעם, ווי ער שווייגט און דער מאַן שווייגט, אַז מיט׳ן קינד איז שוין גאָר קיין האָפנונג ניטאָ. די מוטער האָט אַ קוק געטאָן אויף איהר מאַן מיט איהרע גרויסע, מיעדע אויגען און איז אַוועק אין קינדערצימער.

דאָס אינגעל איז געלעגען בּיי דער ניאַניע אויפ׳ן האַנד מיט אַ וויים קישעלע אונטער׳ן קאָפּ אונטערגעלעגט. די אויגען זענען בּיי איהם געווען אָפען, נאָר ער האָט מיט זיי ניט געקוקט. פון דעם צונויפגעדרעהטע מיילכעלע האָט זיך געבּלעזעלט אַ שוים. די ניאַניע האָט מיט אַיין ערענסט, ערהאַבּענעס געזיכט געקוקט אין ערגעץ פאַרבּיי דאָס קינדס געזיכט און האָט זיך קיין ריהר ניט געגעבּען, ווען די מוטער איז אַריינגעקומען. ווען די מוטער איז האַרט צו איהר צוגעגאַנגען און האָט די האַנד אונטער׳ן קישעלע אַרונטערגעזעצט, דאָס קינד בּיי דער ניאַניע איבּערנעהמען, האָט די ניאַניע שטיל געזאָגט: „ער געהט אוים!“ און זי האָט זיך אָבּגעקעהרט פון דער מוטער. נאָר די מוטער האָט איהר ניט געפאָלגט און מיט איין פלינקער צוגעוועהנטער בּעוועגונג האָט זי

דאָס איננעל צו זיך אויפ'ן האַנד גענומען. דעם איננעלס לאַגע, גע־קרייזעלטע האָר האָבען זיך פערפלאָנטערט. זי האָט זיי פעררינכט און האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין געזיכט.

— ניין, איך קען ניט. — האָט זי געשעפּטשעט און מיט אַ שנע־לער, נאָר פאָרזיכטיגער בעוועגונג האָט זי איהם אָבגעגעבען דער ניאַניאַ און איז פון צימער אַרויסגעגאַנגען.

דאָס קינד איז שוין די צווייטע וואָך קראַנק.

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס ער איז קראַנק געווען, איז די מוטער עטליכע מאָל אין טאָג, דאָ זיך מיאוש געווען און דאָ ווידער אָנגעהויבען צו האָפען. פאַר דער דאָזיגער צייט איז זי געשלאָפען אפשר צו אָנ־דערהאַלבען שעה אין מעת־לעת. די גאַנצע צייט האָט זי ניט אויפגע־הערט, צו עטליכע מאָל אין טאָג איז זי געגאַנגען צו זיך אין שלאָפ־צימער, האָט זיך געשטעלט פאַר דעם גרויסען, הייליגען בילד אין דער גאָלדערנער ריזע און האָט גאָט געבעטען, ער זאָל איהר ראַטעווען איהר קינד. דאָס הייליגע געזיכט אינ'ם דונקעלעם פאַרב האָט אין זיין קליינער שוואַרצער האַנד אַ גאָלדען בוך געהאַלטען, אויף וועלכען מיט שוואַרצע אותיות איז געווען אָנגעשריבען: „קומט צו מיר איהר אַלע פערמאַטערטע, וואָס זענען מיט לאַסטען בעלעסטיגט און איך וועל אייך בערוהיגען". שטעהענדיג פאַר דעם בילד האָט זי געבעטען, אויסגיסענדיג איהר גאַנצע נשמה אין דער תּפילה.

איצטער, ווען זי האָט פערשטאַנען, אַז דאָס קינד איז געשטאָרבען, האָט זי דערשפירט, אַז ביי איהר אין קאָפּ איז עפּיס געשעהן, ווי עפּיס האָט זיך דאָרט אָבגעריסען און גענומען זיך דרעהען און, אַריינקומענדיג אין איהר שלאָפצימער אַריין, האָט זי פערוואונדערט געקוקט אויף אַלע איהרע זאַכען, ווי זי וואָלט דעם אָרט ניט דערקענען. דערנאָך האָט זי זיך געלעגט אויפ'ן בעט און איז מיט'ן קאָפּ געפאַלען, ניט אויף דער קישען, נאָר אויף דעם צוזאַמענגעלעגטען מאַנ'ס כאַלאַט און האָט איהר פערשטאַנד פערלאָרען.

און אין חלום דאַכט זיך איהר אויס, אַז איהר קאָסטיע איז געזונד, פרעהליך, זיצט זיך מיט זיינע געקרייזעלטע האָר אין דינער, ווייסער העלזעלע אויף זיין שטולעכיל, שאָקעלט מיט זיינע פולע פיסעלעך און אויסשטעלענדיג די ליפּעלעך, מאַטערט ער זיך אַרויסצוקוועטשען זיין

פופע אויף א פאַפּירענעם פערדיל אָהן אַ פוס און מיט אַ דורכגעלעכערטען רוקען.

„ווי גוט וואָס ער לעבט — טראַכט זי — און ווי אונערבאַרעמדיג איז דאָס, וואָס ער איז געשטאָרבען. פאַר וואָס איז עס געשעהן? צו האָט ער דען וועמען עס איז געשטערט? צו ווייסט דען ניט גאָט, אַז ער איז מיין גאַנצער לעבען געוועזען, אַז אָהן איהם קען איך ניט לעבען? צונעהמען פלוצלינג און פערמאַטערען אָט דאָס אומגליקליכעס, ליבעס, אונשולדיגעס בעשעפעניש און צושלאָגען מיין לעבען און אויף אַלע מיינע תפילות ענטפערן מיר מיט דעם, אַז ביי איהם זאָלען זיך די אייגען אָבשטעלען, ער זאָל זיך אויסציהען, קאַלט און פערגליווערט ווערען". און ווידער שטעלט איהר זיך פאָר, אָט געהט ער, אַזאַ קליינינקער אין געהט אין אַזוינע הויכע טירען אַריין, געהט ער און מאַכט מיט די הענטעלעך ווי גרויסע געהען און ער קוקט און שמייכעלט... „קינד מיינס!"

„און פלוצלינג, מאַטראָשע, דאָס געהילף־מיידעלע ביי דער ניאַניע, הייבט אָן צורעדען עפּיס גאָר זאָנדערבאַרעס. די מוטער ווייסט, אז דאָס איז מאַטראָשע, און דאָך, אין דער זעלבער צייט, איז זי מאַטראָשע און אַ מלאַך. „נאָר אייב זי איז אַ מלאַך,—טראַכט די מוטער — טאָ פאַר וואָס האָט זי ניט קיין פליגעל אויפ'ן פּליִיצע?" און זי דערמאָנט זיך, אַז עמיצער, זי געדענקט ניט ווער, נאָר איינער, וואָס מען מעג איהם גלויבען,— האָט איהר געזאָגט, אַז איצטער טרעפען זיך מלאכים אָהן פליגעל. און דער מלאך מאַטראָשע רעדט:

— איבזויסט בעליידיגט איהר זיך, מאַדאַם, אויף גאָט. ער קען בשום אופן ניט פאָלגען יעדער איינציגען. זיי פערלאַנגען זעהר אָפט אַזוינס, ווען דו וועסט עס טאָן איינעם, וועסטו דאַמיט דעם אַנדערען בע־ליידיגען. ווי זאָל ער דען אַנדעריש טאָן, מאַדאַם? — זאָגט מאַטראָשע.

— יאָ, דאָס איז אַזוי. אַלע ווייסען עס און אַלע זאָגען אַזוי. איך רעד גאָר פון עפּיס אַנדעריש. פאַר וואָס האָט ער ניט געקענט ערפילען מיין געבעט, ווען איך האָב ביי איהם קיין שום בייזעס ניט פערלאַנגט, איך האָב נאָר פון איהם געבעטען, ער זאָל מיר ניט פערמאַטערען מיין ליב קינד, איך קען דאָך אָהן איהם ניט לעבען, — האָט די מוטער גע־רעדט, און זי פיהלט ווי ער נעהמט איהר אַרום, אַרום האַלז מיט זיינע פולע ווייכע הענטעלעך און זי שפירט מיט איהר קערפער זיין וואַרים קערפעריל. „ניט וואָס דאָס איז ניט געשעהן", טראַכט זי.

— אָבער ניט בלויז דאָס אַליין, מאַדאַם — שטעהט צו איהר מאַטראָשע צו, אומגעלומפּערט ווי שטענדיג — ניט נאָר דאָס אַליין. עס טרעפט, אַז בלויז איינער בעט וואָס עס איז און ער קען איהם ניט טאָן דאָס וואָס ער פערלאַנגט. מיר ווייסען עס גאַנץ גוט.

„אָבער זעהט נאָר, ווי גוט זי רעדט, די מאַטראָשע"—טראַכט די מאַדאַם.

— און ער קען עס פאַר קיין פאַל ניט, ווייל יערערער בעדאַרף אַליין פאַר זיך זאָרגען. נאָר ווען מען זאָרגט פאַר זיך קומט אַ נוצען אַרויס. איהר אַליין, מאַדאַם, האָט דאָך מיר געגעבען לעזען די מעשה וועגען דאָס ווייסע הינדעל. דאָרט דערצעהלט זיך, ווי אַזוי די ווייסע הון האָט דעם אינגעל געגעבען, דערפאַר וואָס ער האָט זי פון טויט גע־ראַטעוועט, אַ כשוף ליין־קערענדיל, אַזוינס וואָס ווי לאַנג דאָס קערענדיל איז ביי איהם אין הויזען־קעשענע געלעגען, האָט ער ניט לערנענדיג — זיינע אויפגאַבען געוואוסט, אין ווי ער האָט מאַקי צוליב דעם איינענעם קערענדיל לערנען איפגעהערט אין האָט זיין זכרון פערלאָרען. נאָט דער פאָטער טאָר ניט צונעהמען ביי מענשען דאָס שלעכטע. און זיי בעדאַרפען איהם נאָר ניט בעטען וועגען דעם, זיי אַליין בעדאַרפען עס אַרויסנעהמען, אויסרייסען אין אייסוואָרצלען פון זיך.

„פון וואַנען ווייסט זי עס אַזעלכע ווערטער". טראַכט די מאַדאַם און רעדט.

— דו, מאַטראָשע, ענטפערסט מיר פינדעסטוועגען ניט אויף מיין פראַגע.

— האָט צייט, איך וועל אַלץ זאָגען — רעדט ווייטער מאַטראָשע — עס טרעפט אַ מאָל גאָר אַזוי: איך גיב איהם איבער, אַז ניט צוליעב איהר שילד איז אַ משפּחה פּעראָרימט געוואָרען, אַלע קלאָגען, אָנשטאָט שענע צימערען וואוינט מען ערגעץ אין אַ ווינקעל, אפילו קיין קאַפּ טיי איז אין שטוב ניטאָ, זיי בעטען מען זאָל זיי האָבען ווי ס'איז העלפען. און דאָס קען ער אייך ניט טאָן אַלץ ווי זיי ווילען אין פערלאַנגען, ווייל ער ווייסט, אַז אַזוי איז פאַר זיי בעסער. זיי זעהען ניט, אָבער ער, גאָט דער פאָטער, אַז ווען ער זאָל זיי לאָזען לעבען אין עשירות, וועלען זיי גאָר צולאָזען ווערען.

— נאָר ניט דאָס פרעג איך — הור'ט איבער די מוטער — איך פרעג, פאַר וואָס האָט דיין גאָט געוואָלט אַוועקנעהמען ביי מיר מיין קינד? — און די מוטער זעהט פאַר זיך איהר קאָסטיע'ן אַ לעבעדיגען

און זי הערט זיין קלינגענדיגען קינדערשען, זיין בעזאָנדערס ליבען קינ־דערשען געלעכטער. — פאַר וואָס האָבען זיי איהם צוגענומען פון מיר?

און וואָס בעדייט עס: מאַטראָשע איז שוין גאָר ניט מאַטראָשע, נאָר עפּיס גאָר אַנ׳אנדער, גאָר אַ נייעס, זאָנדערבאַרעס און אונקלאָרעס בעשעפעניש. דאָס בעשעפעניש רעדט ניט מיט׳ן מויל און אויפ׳ן הויכען קול, נאָר עפּיס מיט גאָר אַ בעזונדערען מיטעל רעדט זי גלייך דער מוטער אין האַרצען אַריין.

— דו אָרימעס, בלינדעס און עזות׳דיגעס בעשעפעניש, האָט גע־געזאָגט יענץ צו איהר — דו זעהסט דיין קאָסטיע׳ן אַזוינעם, ווי ער האָט אייסגעזעהן מיט אַ וואָך צייט צוריק, מיט זיינע שטאַרקע, שטייפע גלידער־לעך, מיט זיינע לאַנגע געקרייזעלטע האָר און מיט זיינע ליבע־קינדערשע און קלינגע רייד. נאָר צו איז ער דען שטענדיג אַזוי געווען?—ס׳איז דאָך געווען אַ צייט, ווען דו ביזט צופרידען געווען, ווען ער האָט נאָך קוים געקענט אויסרעדען די ווערטער „מאַמע״ און „באָבע״ און ער האָט פערשטאַנען הער און ועמען; און נאָך פריהער ביזטו ענטציקט געשטאַנען און געקוקט ווי ער, קוים אויף די פיסעלעך אָנהאַלטענדיג זיך, לויפט דורך קאַטשענדיג זיך ביז צום שטול, און נאָך פריהער האָט איהר זיך געפרעהט, ווי אַזוי ער קריכט ווי אַ חיה׳לע אום איבער׳ן זאַל, און נאָך פריהער האָט איהר זיך געפרעהט, וואָס ער דערקענט און וואָס ער קען אַיינהאַלטען זיין הויל קעפעלע. און נאָך פריהער האָט איהר זיך אַלע געפרעהט, וואָס ער, נאָך גאָר אַ רויטינקער, וויינט, שרייט ביטער בענייענדיג זיינע לונגעלעך. און נאָך פריהער, מיט אַ יאָהר פריהער, וואו איז ער געווען, דאַן ווען ער איז נאָך גאָר אויף דער וועלט ניט געווען? איהר אַלע מיינט, אַז איהר שטעהט אויף איין אָרט און אַז איהר און די אַלע, וועמען איהר ליבט, בעדאַרפען שטענדיג פערבלייבען אַזוינע ווי זיי זענען איצטער. נאָר איהר שטעהט דאָך ניט קיין איין מינוט, איהר אַלע לויפט דאָך ווי אַ טייך, ווי אַ שטיין פאַלט איהר אַראָב, צום טוידט, וועלכער פריהער אָדער שפּעטער ערוואַרטעט אייך אַלעמען. ווי פערשטעהסטו עס ניט, אַז אייב ער איז פון גאָרנישט געוואָרען דאָס וואָס ער איז געווען, וואָלט ער דאָך אויף איין מינוט ניט פערבליבען אַ זעלכער, ווי ער איז געווען ווען ער איז געשטאָרבען, און אַזוי ווי פון גאָרנישט ווערט אַ זוינגלינג, פון אַ זוינגלינג ווערט אַ קינד, אַזוי ווערט פון אַ קינד אַ שול־איינגעל, אַ יונגער־מאַן אַ דערוואַקסענער, אַ עלטערער און גאָר אַנ׳אַלטער. דו ווייסט דאָך

ניט, וואָס פון איהם וואָלט געוואָרען, ווען ער וואָלט לעבען בלייבען, און איך ווייס .

און די מוטער זעהט, אַז אין אַ בעזונדערען העל-עלעקטריש בעלויכטענעם קאַבינעט אין אַ רעסטאָראַן (איין מאָל האָט זי דער מאַן געפיהרט אין אַזאַ רעסטאָראַן) ביי אַ טיש, אויף וועלכען עס ליגען געבליבענע טיילען פון אָבענדברויט, זעהט זי אַנ'אָנגעבלאָזענעם, אָבגעלעבטען און מיט פערדרעהטע אויף אויבען וואָנסען, אָבשייליכען אַלטען, וועלכער מאַכט זיך אַ יונג אויסזעהן . . .

— ס'איז נישט וואָהר, דאָס איז ניט ער, דאָס איז ניט מיין קאָסטיע! שרייט די מוטער מיט שרעק אויס, קוקענדיג אויף דעם אָבשויליכען אַלטען, וועלכער איז מיט דעם שרעקליך, וואָס אין זיין בליק, אין זיינע ליפען איז פאַרהאַנען עפּיס אַזוינס, וואָס דערמאָנט איהר בעזאָנדערס קאָסטיע'ס.

„גוט וואָס דאָס איז בלויז אַ חלום — טראַכט זי — דער אמת'ער קאָסטיע אָט איז ער". און זי זעהט אַ ווייסענקען נאַקעטען מיט פיבערינע ברוסטעלעך קאָסטיע'ן, ווי ער זיצט אין וואַנע און לאַבענדיג פּליושקעט ער מיט זיינע פיסעלעך — ניט נאָר זי זעהט איהם, נאָר זי פיהלט ווי ער כאַפּט פלוצלינג אַרום איהר נאַקעטע ביז'ן עלענבויינגען האַנד און קושט זי, קישט זי און צום סוף בייסט ער זי, אַליין ניט וויסענדיג וואָס צו-טאָן מיט דער ליבער איהם האַנד.

„אָט דאָס איז קאָסטיע, אָבער ניט דער שרעקליכער אַלטער" — רעדט זי אַליין צו זיך. און ביי דיזע ווערטער וואַכט זי זיך אויף און מיט שרעק דערקענט זי די ווירקליכקייט, פון וועלכער מען קען זיך שוין ניט ערוואַכען.

זי געהט אין קינדער-צימער. די ניאַניע האָט שוין קאָסטיע'ן אַרומגעוואַשען און אָנגעטאָן. מיט אַ וואַקסענעם אין פערשפּיצט נעזעלע, מיט גריבעלעך ביי די נאָזלעכער און פערקאַמטע פון שטערען די הערעלעך, ליגט ער עפּיס אויף אין העכערען אָרט. אַרום ברענען ליכט און שטעהען ליליענפאַרביגע און ראָזע גיאַצינטען. די ניאַניע הויבט זיך אונטער פון שטול אין, אויפהייבענדיג די ברעמען און אויסציהענדיג די ליפען, קוקט זי צום אויפגעהויבענעם פערשטיינערט-אונבעווענליכען פנים'ל. פון דער צווייטער טיר, דער מוטער אַנטקעגען, געהט אַריין מאַטראָשע מיט איהר פראָסטען, גוטמוטיגען געזיכט און פערוויינטע אויגען.

„ווי האָט זי עס מיר געזאָגט, אַז מען טאָר ניט דאגה'ן און אַליין האָט זי געזייגט", האָט די מוטער אַ טראַכט געטאָן. און זי ווענדט אָן איהר בליק אויף דעם נעשטאָרבענעם. אין דער ערשטער מינוט איבער־ראַשט איהר און שטויסט זי אָב די שרעקליכע עהנליכקייט פון דעם טויטען נעזיכט צו דעם געזיכט וואָס זי האָט אין חלום געזעהן, נאָר זי פערטרייבט דעם ראָזיגען געדאַנק אין, איבער'צלם'ענדיג זיך, רירט זי זיך צו מיט איהרע וואַרימע ליפען צום קאַלטען, וואַקסענעם שטע־רענדיל, דערנאָך קישט זי די פערלעגטע פערגליווערטע קליינענקע הענטעלעך. און פלוצלינג דער ריח פון דעם גיאַצינט, ווי ער וואָלט צו איהר עפּיס נאָר נייעס רעדען, פון דעם, אַז ער איז שוין ניטאָ און ער וועט שוין מעהר ניט זיין, און עס ווערגען איהר אַזוי די טרערען און זי קישט נאָך אַמאָל זיין שטערען און צום ערשטען מאָל וויינט זי. זי וויינט, נאָר זי וויינט ניט מיט האָפנונגסלאָזע, נאָר מיט אונטערטעניגע ליבליכע טרערען. איהר טהוט עס וועה, נאָר זי ערגערט זיך ניט, זי האָט קיין טענית ניט; זי ווייסט, אַז דאָס וואָס ס'איז געשעהן, האָט עס געמוזט אַזוי זיין און דעריבער איז עס גוט אַזוי געווען.

— מען טאָר, מאַמעלע, נישט וויינען, — זאָגט די ניאַניע און ציגעהענדיג צום קליינענקען בר־מנן, ווישט זי מיט אַצונויפגעלעגט טיכעל אָב דער מוטערס טרערען, וועלכע זענען פערבליבען אויף קאָסטיע'ס וואַקסענעם שטערען — פון די טרערען וועט זיין נשמה'לע שווער זיין. איהם איז שוין איצטער גוט. אַנ'אונשולדיגער מלאך'ל. און ווען ער וואָלט לעבען בלייבען, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געוועזן.

— אַזוי, אַזוי, נאָר פינדעסטוועגען טהוט וועה, שטאַרק וועה! — זאָגט די מוטער.

---

# אלבערט.

(ערצעהלונג).

## I.

פינף רייבע יונגע לייט זענען געקימען צופאָהרען פיער אַ זייגער ביינאַכט זיך ליסטיג מאַכען אין פעטערבורגער באַליק.

שאַמפּאַניער האָט מען אויסגעטרינקען געניג, די גרעסערע טייל פין די לייט איז בעשטאַנען פין נאָך גאָר יונגע מענשען, די מיידלעך זענען שענע געווען, דער פאָרטאָפּיאַן און אַ פידעל האָבען ניט אויפגעהערט צושפּילען איין פּאָלקע נאָך דער אַנדערער; דאָך איז עפּיס אומעדיגליך געווען, ניט גרינג אויפ׳ן האַרצען. יעדען בעזונדער האָט זיך אויסגעדיכט (ווי עס טרעפט גאַנץ אָפט), אַז דאָס אַליין איז עפּיס ניט דאָס וואָס עס בעדאַרף צו זיין.

עטליכע מאָל האָבען זיי איבערגעוואַלד געוואָלט מאַכען פרעהליך, נאָר די געמאַכטע פרעהליכקייט איז נאָך פיל שווערער געווען ווי דער אומעט.

איינער פין די יינגע לייט, וועלבער איז מעהר פון אַלע עפּיס ניט צופרידען געווען, ניט מיט זיך, ניט מיט׳ן צווייטען, ניט מיט׳ן גאַנצען אָבענד — האָט זיך מיט אַ געפיהל פין עקעל אויפגעהייבען, אָנגעטאָן זיין היט און איז אַרויסגעגאַנגען מיט׳ן געדאַנק, שטילערהייד זיך אַוועקפאָהרען.

אין פאָדערצימער איז קיינער ניט געווען, נאָר אין דעם שכנישען צימער פין אינטער׳ן טיר האָבען זיך דערהערט צוויי שטימען, ווי אַ

מחלוקת וואָלט דאָרט פאָרקומען. דער יינגערמאַן האָט זיך אָבגעשטעלט און צוגעהערט.

– – ס׳איז ניט ערלייבט, דאָרט זענען געסט, האָט אַ פרייען־שטימע גערעדט.

— לאָזט מיר, איך בעט אײַך, איך וועל דאָרט גאָר ניט טאָהן! האָט זיך געבעטען אַ שוואַכע מענער־שטימע.

– אָהן דער ערלייבעניש פון די מאַדאַמען וועל איך ניט לאָזען, האָט גערעדט דאָס פרייענצימער: –– וואיהין ווילט איהר? מיט אַזאַ אויסזעהן!...

די טיר האָט זיך איפגעפראַלט און איפ׳ן שוועל האָט זיך בעוויזען אַ זאָנדערבאַרע מענער־פיגור.

דערזעהענדיג דעם גאַסט האָט דאָס דינסטמיידיל איהם שוין מעהר ניט פערהאַלטען, און די זאָנדערבאַרע פיגיר, אַ נייג געבענדיג ווי צו־שראָקען און שאָקלענדיג זיך איף די אייסגעבויגענע פיס, איז אין צימער אַריין. דאָס איז געווען אַ מאַנספאַרשיין מיטעלער וואוקס מיט אַ שמאָלע איינגעביינגענע פלייצע אין לאַנגע שוואַרצע צופלאָנטערטע האָר, איף איהם איז געווען אַ קירצער פלאַשטש אין שמאָלע צעריסענע הייזעי איבער די אייסגעריבענע, ניט קיין גערייניגטע שיך. אַ גאַלסטוק, צוזאַמענגעדרעהט ווי אַ שטריקעל, איז געווען אַריטגעבינדען אַרום זיין לאַנגער ווייסער האַלז. פין די אַרבעל איז אַרייסגעקראָכען דאָס שמוציגע העמד איבער זיינע אייסגעמאָגערטע הענד. נאָר ניט קיקענדיג איף דעם, וואָס זיין קערפער איז אַזוי אייסגעדאַרט געווען, דאָך איז זיין געזיכט געזונט צאַרט, ווייס, אין זאָגאַר אַ פרישע ראָזקייט האָט געשפילט איף זיינע באַקען, וואָס איבער זיין שוואַרצע שיטערע באָרד אין באַקען־באָרד. זיינע ניט צוקאָמטע האָר זענען געווען פערשאַרט איף אַרויף אין עס האָט זיך אַרייסגעזעהן ניט קיין גאַנץ הייכער אין זעהר אַ זייבער־ריינער שטערען, זיינע מידע, דונקעלע איינען האָבען פאָרווערטס גע־קיקט אַזוי ווייך, אין האָבען ווי געזיכט עפּיס. דער אייסדריק פון די אויגען האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט דעם אייסדריק פין די אייסגע־קרימטע אין די ווינקלען ליפען, וועלכע ס׳האָבען זיך אַרייסגעזעהן פון אונטער זיינע שיטערע וואָנסען.

אָבגעהענדיג עטליכע טריט האָט ער זיך אָבגעשטעלט, האָט זיך

אומגעקעהרט צום יונגען מאַן און אַ שמייכעל געטאָן, ער האָט אַ שמייכעל געטאָן ווי עפּיס מיט מאַטערניש; נאָר ווען דער שמייכעל האָט ס׳געזיכט וויִנס בעלייכטען, האָט דער יינגער מאַן, אַליין ניט וויסענדיג פאַר וואָס, אויך אַ שמייכעל געטאָן.

— ווער איז ער אַזעלכער? האָט ער שטיל געפרעגט ביים דינסט־מיידיל, נאָך דעם ווי די פיגור איז אַריין אין דעם צימער, פון וואַנען ס׳האָט זיך געהערט טאַנצענדיג.

— אַ צודרעהטער קלעזמער פון טעאַטער, האָט דאָס מיידיל גע־ענטפערט — ער קומט אַמאָל צוגעהן צו דער בעל־הבית׳טע.

— וואיהין ביזטו אַוועקגעגאַנגען, דרעלעסאָוו? האָט מען אין דער זעלבער צייט געשריען פון זאַל.

דער יונגער מענש, וועלכען מען האָט גערופען דרעלעסאָוו, האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אין זאַל אַריין.

דער קלעזמער איז געשטאַנען נעבען טיר און געקוקט אויף די טענצער, שמייכלענדיג און צוטופּענדיג מיט׳ן פוס, האָט ער איסגעדריקט דעם פאַרגניגען, וואָס די סצענע פערשאַפט איהם.

— נו, קומט אויך טאַנצען, האָט צו איהם געזאָגט איינער פון די געסט.

דער קלעזמער האָט זיך אַ נויג געטאָן און געקוקט מיט אַ פראַגעס־אויסדרוק צו דער בעל־הבית׳טע.

— געהט, געהט, אויב די הערן לאַדען אייך איין, האָט זיך די הירטין אַריינגעמישט.

די מאָגערע, שוואַכע גלידער פון דעם קלעזמער האָבען זיך אָנ־געהייבען שטאַרק צובעוועגען, ווינקענדיג און שמייכלענדיג און ווי אונ־טערטאַנצענדיג האָט ער שווער און אומגעלומפּערט זיך געלאָזט שפּרינגען איבערן זאַל. אין מיטען קאַדריל האָט איין אָפיצער, טאַנצענדיג בעגייסטערט, גראַציעז און שען, נאָר אומגערען אַ שטויס געטאָן מיט׳ן אַקסעל דעם קלעזמער. די שוואַכע, מידע פיס האָבען דעם גלייכגעוויכט ניט גע־קענט איינהאַלטען, און דער קלעזמער, מאַבענדיג עטליכע אונטערגע־בראָכענע טריט אין אַ זייט, איז פלוצלינג ווי גרויס ער איז אימגעפאַלען, גיט קוקענדיג אויף דעם שאַרפען און טרוקענעם קלאַפּ, וואָס זיין פאַלע

האָט אַרױסגערופען, דאָך האָבען זיך כּמעט אַלע אין דעם ערשטען אױגענבליק צולאַכט.

נאָר דער קלעזמער האָט זיך ניט אױפגעהױבען. די געסט זענען שטיל געבליבען. אפילו דער פאָרטאָפּיאַן האָט אױך אױפגעהערט צו־שפּילען, און דעלעסאָװ מיט דער װירטין זענען די ערשטע צוגעלאָפען צום געפאַלענעם. ער איז געלעגען אָנגעשפּאַרט אױפ׳ן עלענבױגען און האָט טעמפּ געקוקט צו דער ערד. װען מען האָט איהם אױפגעהױבען און אױף אַ שטול אַװעקגעזעצט, האָט ער פלינק מיט זײן בײנערדיגער האַנד אַרױפגעמאַכט די האָר פון זײן שטערען און האָט געשמײכעלט, גאָר ניט ענטפערענדיג אױף אַלין, װאָס מען האָט איהם געפרעגט.

— הערר אַלבערט! הערר אַלבערט! האָט די בעל־הבית׳טע צו איהם גערעדט: — װאָס, איהר האָט זיך צושלאָגען? אין װעלכען אָרט? איך האָב געזאָגט, אַז איהר האָט ניט בעדאַרפט טאַנצען. ער איז אַזױ שװאַך! דאָט זי זיך געװענדעט צו די געסט — קױם װאָס ער געהט אַרום, װי קומט ער דערצו!

— װער איז ער אַזעלכער? האָט מען געפרעגט בײ דער װירטין.

— אַ עלענדער מענש, אַן׳ארטיסט, זעהר אַ װאױלער יונג, נאָר אָט אַזױ עלענד, װי איהר זעהט.

זי האָט עס גערעדט, ניט שטערענדיג זיך, װאָס דער קלעזמער איז דערבײ. דער קלעזמער איז געקומען צו זיך. װי דערשרעקענדיג זיך פאַר עפּיס, האָט ער זיך אײנגעקנױעט און האָט פון זיך אָבגעשטױסען אַלע, װאָס האָבען זיך אַרום איהם אַרומגעשטעלט.

— דאָס איז נאָך אַלין גאָרנישט — האָט ער פּלוצלינג געזאָגט, און געמאַטערט זיך אױפצושטעהן פון שטול.

און אום צו בעװײזען, אַז איהם טהוט נאָר ניט װעה, איז ער אַרױס־געגאַנגען אױפ׳ן מיטען צימער און האָט װידער געװאָלט אַ שפּרונג טאָן, נאָר ער האָט זיך אַ װאַקעל געטאָן און װאָלט געװיס װידער אומגעפאַלען, װען די אַרומיגע װאָלטען איהר ניט אונטערכאַפּען. אַלעמען איז עפּיס געװאָרען אַזױ אומבעקװעם; קוקענדיג אױף איהם האָבען אַלע גע־שװיגען.

דעם קלעזמערס בליק האָט זיך װידער אױסגעלאָשען; און װי עס

שינט, האָט ער זיך פארגעסען אָן די אלע אָרימינע און האָט זיך געקראצט אין קָפּ — פּליצלינג האָט ער איפּגעהייבען זיין קאָפּ, אַ שטעל געגעבען אויף פאָרענט אַ פיס, וועלכע האָט געציטערט, און ווי פריהער מיט אַ נעמינע בעוועגונג האָט ער זיינע האָר אַריפּגעמאַכט. צוגעהענדיג צים פידלער, האָט ער ביי איהם זיין פידעל גענימען.

— ס'איז אַלץ נאָר נים! האָט ער נאָך אַ מאָל איבערגע'חור'ט, אַ מאַך מאָהענדיג מיט'ן פידעל: מיינע הערשאַפט, לאָמיר אַ ביסעל מיזיצירען.

— האָס פאַר אַ זאָנדערבאַרעס געזיכט! האָבען צווישען זיך די געסט געדערט.

— מעגליך, אַז אין דעם אינגליקליכען בעשעפעניש געהט צים גרינד אַ גרייסער טאַלאַנט — האָט געזאָגט איינער פין די געסט.

— אָ, געבעך, געבעך! האָט געזאָגט דער צווייטער.

— װאָס פאַר אַ וואונדערשען געזיכט!... און איהם איז פאַרהאַן עפּיס אַזױנס אונגעװעהנליכעס — האָט געזאָגט דעלעסאָיו: אָט ווילען מיר באַלד זעהן...

---

II.

אין דער צייט האָט זיך אַלבערט אויף קיינעם ניט אומגעקוקט. צודריקענדיג די פידעל צום אַקסעל, האָט ער לאַנגזאַם געשפּאַצירט איבער פאָרטאָפּיאַנאָ און האָט זי רעגולירט. די ליפּען זיינע האָבען זיך צוזאַמענגעדריקט אין אַ קאַלטען אויסדרוק, זיינע אויגען איז ניט געוועזען צו בעמערקען; נאָר זיין שמאָלע, ביינערדיגע פּלייצע, זיין לאַנגע ווייסע האַלז, זיינע קרימע פיס און זיין שוואַרצער צוקאָלטענטער קאָפּ, האָבען פאָרגעשטעלט אַזאַ אינדערבאַרעס און אין דער זעלבער צייט ווייט ניט קיין לעכערליכעס בילד. אָנסטרויענדיג די פידעל, האָט ער פלינק גענומען אין אַקאָרד. פערוואַרפענדיג דעם קאָפּ האָט ער זיך געווענדעט צים פיאַניסט, וועלכער האָט זיך געגרייט איהם צו אַקאָמפּאַנירען.

— מעלאַנכאָליע ג־דור! האָט ער מיט אַ בעפעלענדע בעוועגונג זיך געווענדעט צום פיאַניסט. און גלייך נאָך דעם, ווי בעטענדיג ענטשולדיגונג פאַר זיין שטרענגען טאָן, האָט ער בעשיידען אַ שמייכעל געטאָן און מיט דעם זעלבען שמייכעל האָט ער אַרומגעקוקט דאָס פובליקום. אַרויפ־מאַכענדיג די האָר מיט דער האַנד, אין וועלכער ער האָט דעם בויגען געהאַלטען, האָט אַלבערט זיך געשטעלט ביים ווינקעל פאָרטאָפּיאַנע און מיט אַ לייכטער בעוועגונג האָט ער דעם בויגען אַ פיהר געגעבען איבער די סטרונעס. איבער'ן צימער האָט זיך דורכגעטראָגען אַ ריינער און גלייכער טאָן, און ס'איז געוואָרען גאַנץ שטיל.

די טענער פון דער טעמאַ האָבען זיך פריי, גלענצענד אַ גאָס נעגעבען גלייך נאָך דעם ערשטען קלאַנג און מיט אַ אונערוואַרטעטער בערוהיגונגס־ליכטיגקייט פלוצלינג בעליכטען די נשמה פון יעדען צוהערער בעזונדער. קיין איין איינציגער פאַלשער, אָדער שרייענדיגער טאָן האָט ניט אָנגערירט די אונטערטעניגקייט פון די צוהערער. אַלע טענער זענען געווען קלאָר, גראַציעז און שטאַרק. אַלע האָבען שוויגענדיג מיט אַ אינערליכער אויפרעגונג געוואַרט אויף דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון די טענער. פון דעם אומעדיגען צושטאַנד, צושטרייטקייט און גייסטיגען שלאָף, אין וועלכען עס האָבען זיך אָט די אַלע לייט געפונען, זענען זיי פלוצלינג, נאָר אונבעמערקט, געוואָרען איבערגעטראָגען אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פון פערגעסענע חלומות. דאָ האָט זיך אין האַרצען ערוועקט און אויפגעבליהט די פערגאַנגענהייט, דאָ ליידענשאַפטליכע זכרונות פון געוועזענעם גליק, דאָ אַנ'אונענדליכער ווילען צו געוועלטיגען אין דעם פרעכטיגען לעבען און דאָ אַנ'אונטערטעניגקייט, ניט קיין בעפרידיגטע ליבע און בענקעניש, — דאָ צערטליכע אימעדיגע און באַלד שרייענדיגע און האָפנונגסלאָזע קלאַנגען האָבען זיך פריי צוזאַמענגעגאָסען און אינאיינעם געמישט. די טענער האָבען זיך אַזוי פריי נעגאָסען און געגאָסען איינער נאָך דעם אַנדערען, אַזוי שען, אַזוי שטאַרק און עפּים אַזוי איננאַנצען אינפערשטענדליך, אַז ניט קיין קלאַנגען האָבען זיך געהערט, נאָר אַליין פון זיך האָט זיך געצויגען צו יעדען אין נשמה אַריין אַ שטראָם פון גאַנץ לאַנג בעקאַנטער, נאָר נאָך ניט קיין אויסגעדריקטער פּאָעזיע. — אַלבערט איז וואָס אַ מינוט אַלץ העכער און העכער אויסגעוואַקסען, ער איז ווייט ניט געווען מיאוס, אָדער זאָנדערבאַר. צודריקענדיג מיט'ן גאָמבע די פידעל, האָט ער ליידענשאַפטליך זיך צוגעהערט צו זיינע טענער און האָט פיבערהאַפט

איבערגעשטעלט זיינע פיס. דאָ האָט ער זיך אויסגעצויגען מיט זיין גאַנצען וואוקס און דאָ האָט ער זיך סטאַרענדיג אויסגעבויגען זיין פלייצע. די לינקע אָנגעשטרענגטע אויסגעבויגענע האַנד איז ווי פערגליווערט געוואָרען אויף איהר אָרט, נאָר מיט די פינגער פיבערהאַפט בעוועגענדיג; און די רעכטע האָט זיך בעוועגט לייכט, שען גאָר אונבעמערקט. דאָס פּנים האָט געלויכטען און אויסגעדריקט אַ אונענדליכע ערהאַבענע פרייד; די אויגען האָבען געברענט מיט אַ טרוקענעם ליכטיגען אָבגלאַנץ, די נעזלעכער האָבען זיך אויפגעבלאָזען, און די רויטע ליפּען האָבען זיך געעפענט פון תענוג.

ציימענווייז האָט זיך זיין קאָפּ נידריגער אַראָבגעבויגען צום פידעל, די אויגען פערמאַכט און דאָס געזיכט, האַלב מיט זיינע האָר פערדעקט, האָט בעלויכטען אַ ליבער פערגניגענס־שמייכעל. צייטענוויין האָט ער זיך שנעל אויסגעגלייכט, איין פיס אָפּגעשטעלט און זיין זויבערער שטערען, זיין גלעצענדער בליק, וועלכען ער האָט געוואָרפען איבער'ן גאַנצען צימער — האָט געלויכטען מיט ערהאַבענהייט, מיט אַנערקענונג זיין איינענער גרויסקייט. איין מאָל האָט דער פיאַניסט אַ פעהלער געמאַכט און גענומען ניט קיין ריכטיגען אַקאָרד. אַ פיזישער וועהטאָג, האָט זיך געשפירט, האָט דורכגענומען די גאַנצע פיגור און דאָס געזיכט פון דעם קלעזמער. ער האָט זיך אויף אַ סעקונדע אָבגעשטעלט און מיט אַ קינדערשע צוריינצקייט האָט ער מיט די פיס געטיפּעט און געשריען: „מאָלל, סע מאָלל“. דער פיאַניסט האָט זיך באַלד פערריכט און אַלבערט האָט פערבאַכט די אויגען, אַ שמייכעל געמאָן און ווידער פערגעסענדיג זיך, אַלע אַרומיגע, און די גאַנצע וועלט, האָט ער זיך איבערגעבען זיין פפליכט.

אַלע, וואָס האָבען זיך אין צימער געפונען בעת אַלבערט האָט געשפּילט, האָבען אונטערטעניג געשוויגען און ס'האָט אויסגעזעהן, אַז אַלע האָבען געאָטעמט און געלעבט בלויז מיט זיינע טענער.

דער פרעהליכער אָפיצער איז אונבעוועגליך געזעסען אויף אַ שטול ביי'ם פענסטער, אָנווענדענדיג זיין פערגליווערטען בליק צו דער ערד און האָט זעלטען דעם אָטעם געכאַפּט. די פריילינס, פאָלשטענדיג שוויינענדיג, זענען געזעסען ביי די וואַנד, נאָר צייטענוויין מיט אַ ווילדער צופרידענקייט איינע צו דער צווייטער זיך מיט בליקען דורכגעוואָרפען.

דאָס דיקע שמייכלענדיגע געזיכט פון דער בעל=הבית'טע האָט זיך גאָר
צעשוואומען פאַר תענוג. דער פּיאַניסט האָט זיך מיט די אויגען אײַנגע=
געסען אין אַלבערטען, מורא=האָבענדיג, ער זאָל ווידער קיין פעהלער
ניט מאַכען, און האָט זיך בעמיהט צו סליעדירען נאָך איהם. אײנער
פון די געסט, וועלכער האָט מעהר פון אַלע געטרונקען, איז געלעגען
מיט'ן פּנים ארויף אויפ'ן דיוואַן און זיך געמאַטערט, ניט קיין ריהר צו
געבען זיך, אום מען זאָל ניט מערקען זיין אויפרעגונג. דעלעסאָוו האָט
גאָר אונגעוועהנליכעס איבערגעלעבט. עפּיס אַ קאַלטער רייף האָט זיין
קאָפּ אַרומגענומען, און דער רייף האָט דאָ איהם צוזאַמענגעדריקט און
דאָ ווידער אָבגעלאָזען. ער האָט אָנגעהויבען צו פיהלען די וואָרצלען
פון זיינע האָר. אַ פראָסט איז איהם פון אינטען אַרויף דורך זיין פּלייצע
דורכגעלאָפען, ס'האָט זיך איהם עפּיס אַזוינס אויפגעהויבען, אַלץ
העכער און העכער צום האַלז צוגעטרעטען, ווי מיט דינע נאָדלען האָט
עס איהם געשטאָכען אין נאָז און אין גימען און ניט בעמערקט האָבען
טרערען זיינע באַקען גענעצט. ער האָט זיך געשטאַרקט, געוואָלט די
טרערען צוריק אין זיך אַריינציהען, אָבווישען זיי, נאָר פרישע טרערען
האָבען געראָנען און געגאָסען זיך איבער זיין געזיכט. עפּיס דורך אַ
מאָרנעם צוזאַמענבינד האָבען די ערשטע קלאַנגען אַלבערטס איבערגע=
טראָגען דעלעסאָו'ן צוריק צו זיין ערשטער יוגענד. ער — שוין ניט קיין
יונגער, מיערער פון לעבען, פערמאַטערטער, האָט זיך פּלוצלינג דער=
שפּירט אַ זיבעצעהן=יאָהריגעס, ציפּרידען=שענעס און נאַריש=גליקליכעס
בעשעפעניש. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין ערשטער ליבע מיט זיין
קוזינע אין אַ ראָז קליידעלע, און די ערשטע ליבעס=ערקלערונג אין דער
לינדען=אַלעע. ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער אונפערשטענדליכער רייץ
און פייער פון דעם ערשטען אונשולדיגען קיש. ער האָט זיך דערמאָנט
אין דער פער'כשופ'טער און יענער צייט אַרומיגער נאַטור. אין זיין פאַנ=
טאַזיע, וועלכע האָט זיך איף צוריק איבערגעטראָגען האָט זי געגלאַנצט
אין דעם נעבעל פון אונקלאָרע האָפנונגען, אונפערשטענדליכע פערלאַנגען
און שטאַרקען גלויבען אין דער מעגליכקייט פון גאַנץ אונמעגליכעס גליק.
אָט די אַלע גליקליכע מינוטען פון יענער צייט זענען פאַר איהם ער=
שינען, נאָר ניט ווי די אונבעמערקטע מאָמענטען פון זיין פאַרבייליופענ=
דער געגענוואַרט, נאָר ווי בילדער פון דער פערגאַנגענהייט, וועלכע
שטעלען זיך אָב קלאָר און לאַנג פאַר די אויגען און זאָגען מוסר. ער
האָט מיט תענוג געקוקט אויף זיי און האָט געוויינט, ניט דערפאַר וואָס

ס'איז פאָריבע געגאַנגען יענע צייט, וועלכע ער האָט געקענט נוצליכער פערברענגען, (ווען מען וואָלט איהם איצטער אומגעקעהרט יענע צייטען, וואָלט ער זיך ניט אָנגענומען זיי נוצליכער צו פערברענגען) נאָר ער האָט געווינט, וואָס יענע צייטען זענען שוין אַוועק און קיין מאָל וועלען זיי זיך שוין צוריק ניט אומקעהרען. די זכרונית זענען אַליין פון זיך אָנגעקומען, און אַלבערט'ס פידעל האָט גערעדט אַליין דאָס זעלביגע, אַלץ דאָס זעלביגע. זי האָט גערעדט: „ס'איז אַוועק פון דיר, אַוועק אויף אייביג די צייט פין קראַפט, פון ליבע און גליק — ס'איז אַוועק און קיין מאָל וועט זי זיך שוין ניט צוריקקעהרען. בעווויין זי. וויין אויס די גאַנצע טרערען, שטאַרב אין טרערען פערגיסענדיג אויף יענער צייט — דאָס איז דאָס גרעסטע גליק, וועלכעס האָט זיך נאָך אָבגעשטעלט פאַר דיר".

צום שלום פון דער לעצטער וואַריאַציע איז אַלבערט'ס געזיכט רויט געוואָרען, די אויגען זיינע האָבען געברענט, ניט פערלעשענדיג זיך, גרויסע בראָפּענס שוויים האָבען גערונען איבער די באַקען. אויף זיין שטערען האָבען זיך אויפגעבלאָזען די אָדערען, זיין גאַנצער קערפּער איז וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין בעוועגונג געקומען, די בלאַס-געוואָרענע ליפּען האָבען זיך שוין מעהר ניט צוגעמאַכט און זיין גאַנצע פיגיר האָט אויסגעדריקט אונענדליכע דירשטיגקייט צום גענוס. מיט פערצווייפלונג האָט ער מיט זיין גאַנצען קערפּער אַ ציטער געגעבען. א טרייסעל טאָהנריג מיט זיינע האָר, האָט ער אַראָבגעלאָזען זיין פידעל און מיט אַ שמייכעל פון שטאָלצקייט, ערהאַבענהייט און גליק האָט ער אַ בליק געוואָרפען אויף דעם גאַנצען עולם. דערנאָך האָט זיך זיין פּלייצע אויסגעבויגען, דער קאָפּ האָט זיך אַראָבגעלאָזען, די ליפּען האָבען זיך צוזאַמענגעפּרעסט, די אייגען האָבען זיך איינגעלאָשען, ווי שעמענדיג זיך פאַר זיך אליין. וואַרפענדיג אַרום זיך פחד'יגע בליקען, פּלאָנטעריענדיג מיט די פיס, איז ער איבערגעגאַנגען אין דעם צווייטען צימער.

---

## III.

עטוואָס זאָנדערבאַרעס איז געשעהן מיט אַלע, וואָס האָבען זיך אין צימער געפונען, און עטוואָס זאָנדערבאַרעס האָט זיך געשפּירט אין

דער טויטער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט נאָך אַלבערט׳ס שפּילען. יעדער איינציגער האָט עפּיס ווי געוואָלט, נאָר ניט געקענט אַרויסזאָגען דעם גאַנצען בעדייט דערפון. וואָס בעדייט עס — אַ ליכטיגער, הייסער ציטער, רייצענדע פרויען, דאָס שוואַכע מאָרגענליכט אין די פענסטער, אויפגערעגטעס בלוט און דער ריינער גענוס פון די פאַרביגעפלויגענע קלאַנגען? נאָר קיינער האָט זיך ניט געפּרואווט אַרויסצוזאָגען דעם בעדייט דערפון; ניט בכח האָבען זיי זיך געשפּירט דאָס צו טאָן.

— אָבער ער שפּילט דאָך אויף צום אמת׳ן גוט, האָט געזאָגט דער אָפיצער.

— וואונדערליך! האָט געענטפערט, אין דער שטיל די באַקען ווישענדיג, דעלעסאָוו.

כ׳מיין, מיינע לייט, אַז ס׳איז שוין צייט צו פאָהרען, האָט געזאָגט, שוין קומענדיג צו זיך, דער וואָס איז געלעגען אויפ׳ן דיוואַן. מען בעדאַרף איהם וואָס ס׳איז געבען, מיינע הערען. לאָמיר זיך צוזאַמענלעגען.

אַלבערט איז אין יענער צייט געזעסען אין צווייטען צימער אויפ׳ן דיוואַן. אָנשפּאַרענדיג זיך מיט די עלענבויגענס אויף די ביינערדינע קניע, האָט ער מיט די פערשוויצטע, שמוציגע הענד דאָס געזיכט געגלעט, האָט געפּלאָנטערט די האָר און אליין צו זיך צופרידען געשמייכעלט.

מען האָט זיך אויפגעלעגט פון דער ברייטער האַנד און דעלעסאָוו האָט זיך אָנגענומען איהם דאָס געלד איבערצוגעבען. אויסער דעם איז דעלעסאָוו׳ן, אויף וועלכען דאָס שפּילען האָט געמאַכט אַ שטאַרקען און אונגעוועהנליכען איינדרוק, אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ, אָט דעם מענשען עפּיס גוטס טאָן. איהם איז אַריין אַ געדאַנק אין קאָפּ נעהמען אַלבערטען צו זיך אַהיים, בעקליידען איהם, איינאָרדענען איהם אויף וועלכער ס׳איז שטעלע, איבערהויפּט אַרויסשלעפּען איהם פון אָט דער שמוציגער לאַגע.

— וואָס, איהר זענט מיד! האָט דעלעסאָוו געפרעגט אַריינגעהענדיג צו איהם אין צימער.

אַלבערט האָט געשמייכעלט.

— איהר האָט אַנ׳אמת׳ן טאַלאַנט. איהר האָט זיך ערענסט בעדאַרפט אָבגעבען מיט מוזיק, שפּילען פאַר׳ן פּובליקום.

— כ'וואָלט עפּיס געטרונקען, האָט אַלבערט געזאָגט, ער־וואַכענדיג זיך.

דעלעסאָוו האָט אַריינגעבראַכט וויין און אַלבערט האָט דורשטיג אייסגעטרונקען צוויי גלעזער.

— וואָס פאַר אַ פּרעכטיגער וויין! האָט ער געזאָגט.

— מעלאַנכאָליע, אַך, וואָס פאַר אַ וואונדערשענע זאַך עס איז! האָט דעלעסאָוו געזאָגט.

— אָ! יא, יא, האָט געענטפערט שמייכלענדיג אַלבערט: — גאָר ענטשילדיגט מיר, איך ווייס ניט, מיט וועמען איך האָב די עהרע צו רעדען. מעגליך איהר זענט אַ גראַף, אָדער אַ פירשט: קענט איהר מיר ניט באָרגען אַביסעל געלד? — ער האָט אַ ווײַלע געשוויגען. — איך האָב גאָר ניט. איך בין אַנ'אָרימאַן. איך וועל אייך ניט קענען אָבגעבען.

דעלעסאָוו איז רויט געוואָרען, איהם איז עפּיס אונבעקוועם גע־וואָרען און אײַלענדיג האָט ער איבערגעגעבען דעם קלעזמער דאָס צונויפגעקליבענע געלד.

— איך דאַנק אייך זעהר, האָט אַלבערט געזאָגט, כאַפּענדיג דאָס געלד: — איצטער קימט, לאָמיר מוזיצירען; וויפיל איהר ווילט וועל איך אייך שפּילען. כ'וואָלט נאָר וועלען וואָס ס'איז אויסטרינקען, האָט ער צוגעגעבען אויפשטעהענדיג.

דעלעסאָוו האָט איהם געבראַכט נאָך וויין און האָט איהם געבעטען זיצען נעבען זיך.

— ענטשילדיגט מיר, וואָס איך וועל זיין אָפּענהערציג מיט אייך: אייער טאַלאַנט האָט מיך אַזוי פיל פּעראינטערעסירט — מיר דוכט, אַז איהר געפינט זיך אין אַ שלעכטע לאַגע?

אַלבערט האָט געקיקט, — אַ מאָל אויף דעלעסאָוון אין אַ מאָל אויף דער ווירטין, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט אַריינגעקומען אין צימער אַריין.

— ערלויבט מיר פאָרצולעגען אייך צו דינען — האָט ווייטער גע־רעדט דעלעסאָוו: — אויב איהר נויטיגט זיך אין וואָס ס'איז, איך וואָלט זעהר צופרידען געווען, ווען איהר וואָלט אייך אַ געוויסע צייט אַריבער־געפאָהרען צו מיר וואוינען. איך וואוין איינער אַליין און ס'קען מעגליך זיין, אַז איך וואָלט אייך מיט עפּיס נוצליך געווען.

אַלבערט האָט אַ שמייכעל געטאָן גאָר ניט ענטפערענדיג.

פאַר וואָס בעדאַנקט איהר נישט? האָט געזאָגט די ווירטין. פערשטעהט זיך, אַז פאַר איהם וואָלט עס אַ גליק געווען. נאָר איך וואָלט עס אייך ניט ראַטען צו טאָן — האָט זי ווייטער גערעדט ווענדענדיג זיך צו דעלעסאָוו׳ן, שאָקלענדיג דערביי מיט׳ן קאָפּ, אַ צייכען אויף ניין.

איך דאַנק אייך זעהר, האָט אַלבערט געזאָגט, דריקענדיג מיט זיינע נאַסע הענד דעלעסאָוו׳ס האַנד. נאָר איצטער לאָמיר אַביסעל מוזיצירען,— כ׳בעט אייך.

נאָר די איבעריגע געסט האָבען זיך שוין געקליבען פאָהרען אַהיים און וויפיל אַלבערט האָט זיי ניט איינגערעדט, דאָך זענען זיי אַרויס אין פאָדערצימער.

אַלבערט האָט זיך געזעגענט מיט דער ווירטין און אָנטאָהנדיג זיין אויסגעריבענע הוט מיט די ברייטע ברעגען און זיין אַלטען, זומערדיגען פּלאַשטש, פון וועלכען ס׳איז בעשטאַנען זיין גאַנצעווינטערקליידונג — איז ער צוזאַמען מיט דעלעסאָוו׳ן אַרויס אויפ׳ן גאַניק.

ווען דעלעסאָוו האָט זיך מיט זיין נייעם בעקאַנטען געזעצט אין קאַרעטע אין האָט דערשפירט דעם אונאַנגענעהמען ריח פון שכרות און אונזייבערקייט, מיט וועלכען דער קלעזמער איז געווען דורכגעזאַפּט, האָט ער אָנגעהייבען חרטה האָבען אייף דעם, וואָס ער האָט דאָ געטאָן, און האָט זיך אַליין בעשולדיגט פאַר זיין אינגעלישע ווייכקייט און ניט־אויסגערעכענטקייט. און דערצו נאָך, איז אַלץ וואָס אַלבערט האָט גערעדט געווען אַזוי נאַריש און געמיין און ער איז אויף דער פרייער ליפט אַזוי מיאוס שיכור געוואָרען — אַז ער איז דעלעסאָוו׳ן עקעלדיג געוואָרען.

„וואָס וועל איך מיט איהם טאָן?״ האָט ער געטראַכט.

אָבפאָהרענדיג ביי אַ פערטיל שעה איז אַלבערט אַנטשלאָפען געוואָרען. דער היט איז איהם צו די פיס אַראָבגעפאַלען, אַליין האָט ער זיך אַריינגעוואָרפען אין אַ ווינקעל פון קאַרעטע אין האָט אָנגעהייבען כראָפּען. די רעדער האָבען געסקריפּעט אייף דעם געפראָרענעם שניי און דורך די פערפראָרענע פענסטער פון קאַרעטע האָט זיך קיים דורכגעשלאָגען דאָס שוואַכע שיין פון בעגינען.

דרעלעסאָוו האָט אַרומגעקוקט זיין שכן. א לאַנגער קערפּער, איבער־געדעקט מיט אַ פּלאַשטש, איז ווי אַ טויטער געלעגען נעבען איהם. דרעלעסאָוו'ן האָט זיך אויסגערוכט, אַז אַ לאַנגער קאָפּ מיט אַ דונקעלער נאָז שאָקעלט זיך אויף אָט דעם קערפּער, נאָר אז ער האָט זיך צוגעקוקט נעהנטער האָט ער בעמערקט, אַז דאָס, וואָס ער האָט אָנגענומען פאַר אַ נאָז און אַ געזיכט, איז דאָס גאָר געווען זיינע לאַנגע האָר, און דאָס ווירקליכע געזיכט איז גאָר געווען נידעריגער. ער האָט זיך אַיינגעבויגען אין האָט בעטראַכט אַלבערטס געזיכט. דאַן האָט איהם דער שענער שטערען זיינער און דער רוהיג־אויפגעפּאַסטער מויל ווידער איבערראַשט.

נאָר פין אונטער דער ווירקונג פון די מיד־צוריצטע נערווען פון דעם ניט־שלאָפען און פין די מוזיק, וואָס ער האָט געהערט, האָט זיך דרעלעסאָוו קיקענדיג אין אַלבערטס געזיכט ווידער איבערגעטראָגען אין יענער גליקליכער וועלט, אין וועלכער ער האָט אַריינגעקוקט היינט ביי נאַכט; ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן די גרויסמוטיגע יוגענדליכע יאָהרען, אין ער האָט אויפגעהערט חרטה צו האָבען אויף דעם, וואָס ער האָט אָבגעטאָן. ער האָט אין דיזער מינוט מיט'ן גאַנצען האַרצען היים געליבט אַלבערט'ן אין האָט פעסט בעשטימט איהם צו העלפען.

---

## IV.

אייף מאָרגען אין דער פריה, ווען מען האָט דרעלעסאָוו'ן אויפ־געוועקט געהן צו זיין בעשעפטיגונג, האָט ער מיט א פערגניגענס־פערוואונדערונג בעמערקט אַרום זיך זיינע אַלטע שירמען, זיין אַלטען דינער און דאָס זיגעריל אייפ'ן טיש'ל. וואָס דען אַנדערש וואָלט איך געוואָלט זעהן אַרום זיך, אייב ניט דאָס אַלץ וואָס רינגעלט מיך אַרום? האָט ער אַליין ביי זיך געפרעגט. באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אָן די שוואַרצע אייגען אין דעם גליקליכען שמייכעל פון דעם קלעזמער; דער מאָטיוו „מעלאַנכאָליע״ אין די גאַנצע וואונדערליכע נאַכט נעכטיגע האָט זיך איהם אין געדאַנק דורכגעטראָגען.

ער האָט אָבער קיין צייט ניט געהאַט איצטער צו טראַכטען, אויב ער האָט גוט געטאָן מיט דעם, וואָס ער האָט גענומען דעם קלעזמער צו זיך. אָנטאָהנדיג זיך, האָט ער אין געדאַנק ביי זיך דעם טאָג איינ־געטיילט: ער האָט פערנומען די נויטיגע פאַפּירען, האָט איבערגעגעבען די נויטיגע פעראָרדנונג אין שטיב אין מיט איילעניש אָנגעטאָן זיין שינעל און די קאַלאָשען. פאַרביי־געהענדיג נעבען עסען־צימער, האָט ער אַ קוק געגעבען אין טיר. אַלבערט האָט זיין קאָפּ איינגענראָבען אין קישען, און אויסגעבריים זיך אין זיין שמיציגער העמד, איז ער חי אַטייטער געשלאָפען אויף דעם סאַפיאַן־דיוואַן, וואו מען האָט איהם דאָ נעבטען ניט ביים גאַנצען געדאַנק אַוועקגעלעגט. — עפּיס טייג עס ניט, האָט זיך דעלעסאָוו׳ן ניט ווילענדיג אויסגעוויזען.

— ווערסט אזוי גיט זיין ציגעהן, אין מיין נאָמען, צו באָריו־זאָווסקען, בעט ביי איהם אויף אַפּאָר טעג אַפידעל, האָט ער געזאָגט צו זיין דינער: — יא, ווען זיי ווען אויפשטעהן, זאָלסטו זיי דערלאַנגען קאַפּע אין גיב זיי אָנטאָן וועש פרישע, פין מיינע, און אַזוי פין מיינע אָבגעניצטע זאַכען זאָלסטו איפזיבען. איבערהייפּט שטעל איהם דאָ גיט צופרידען — איך בעט דיר.

קימענדיג ציריק אַהיים, שוין שפּעט אין אָוענד, האָט דעלעסאָוו, צו זיין גרויס בעוואונדערונג, אַלבערטען ניט געטראָפען.

— וואו זשע איז ער? האָט ער געפרעגט דעם דינער.

— גלייך נאָך מיטאָג זענען זיי אַוועקגעגאַנגען: גענומען די פידעל און אַוועקגעגאַנגען. צוזאָגענדיג אין אַ שעה אַרום צו קימען, און איז נאָך ביז איצט נישטאָ.

— טע — טע — דאָס פערדריסט מיר, האָט דעלעסאָוו אַרויס־גערעדט, ווי זשע האָסטו עס איהם, זאַכאַר, אָבגעלאָזען?

זאַכאַר איז געווען אַ פּעטערבורגער לאַקיי און האָט שוין אַכט יאָהר געדינט ביי דעלעסאָוו׳ן. דעלעסאָוו, אַלס איינזאַמער בחור, האָט ניט ווילענדיג איהם פערטרויט אַלע זיינע אויסזיכטען און האָט ליב געהאַט אויסצוהערען פין זאַכאַרען אַמיינונג וועגען יעדע זאַך, וואָס ער האָט אין זינען געהאַט צוטאָן.

— ווי האָב איך דאָס געקענט איהם ניט לאָזען? האָט זאַכאַר געענטפערט שפּילענדיג זיך מיט׳ן שטעמפּעל, וואָס ביי זיין זייגעריל: —

ווען איהר, דימיטרי איוואַנאָוויטש, וואָלט מיר פערזאָגען איהם ניט אַרויס־צילאָזען, וואָלט איך איהם שוין דאָ איינגעהאַלטען, אין שטוב, איהר האָט מיט מיר געדעדט נאָר וועגען זיינע קליידער.--

— טאַ! דאָס פערדריסט מיר! נו, וואָס האָט ער דאָ געטאָן אָהן מיר?

זאַכאַר האָט אַ לאַך געטאָן.

— דאָס קען מען שוין אָנרופען אַנ'אַרטיסט, דימיטרי איוואַנאָוויטש, ווי זיי זענען אויפגעשטאַנען, האָבען זיי געבעטען מאַדערע און דערנאָך האָט ער מיט דער קעכין און מיט דעם שכנ'ס דינער פערבראַכט. עפּיס גאָר אַ מאָדנער זענען זיי... נאָר אַ כאַראַקטער, ווייזט אויס, האָבען זיי אַגוטען. איך האָב זיי טיי געבראַכט, מיטאָג דערלאַנגט — אַליין האָבען זיי גאָר ניט געוואָלט פערזוכען, דוקא מיך אויך איינגעלאַדען. און שפּילען זיי אויפ'ן פידעל — איז שוין איינמאָל געשפּילט — אַזוינע אַרטיסטען איז שוין ביי איזלערען אויך קיין סך נישטאָ צו געפינען. אַזאַ מענשען קען מען האַלטען. אַז ער האָט אונז אויפגעשפּילט „וניז פּאָ מאַטושקע פּאָ וואָלגע", האָט עס דאָרט, ווי אַ מענש זאָל וויינען, שוין איינמאָל ניט! פון אַלע עטאַזשען זענען זיך מענשען צוזאַמענגעקומען צו אונז אין פאָרהויז און האָבען זיך צוגעהערט.

— נו, האָסטו איהם חאָטש אויסגעקליידט? האָט איהם דער „באַרין" איבערגעשלאָגען.

— ווייסט, ווי דען? איך האָב איהם אַייערע אַ נאַכט־העמד גע־געבען און מיין מאַנטעל האָב איך איהם אָנגעטאָן. אַזאַ מענשען מעג מען העלפען, דאָס איז שוין אויף ריכטיג אַ ליבער מענש.— זאַכאַר האָט אַ שמייכעל געטאָן.— זיי האָבען זיך אַלץ נאָכגעפרעגט, וואָס פאַר אַ „טשין" איהר האָט, און צי האָט איהר עפּיס גרויסע בעקאַנטשאַפט? און וויפיל פייערען איהר האָט?

— נו, גוט, נאָר איצטער וועט מען איהם בעדאַרפען אויפזוכען אין ווייטער איהם גאָר ניט געבען צוטרינקען — וואָרום אַנדערש וועט מען איהם נאָך ערגער מאַכען.

— דאָס איז אמת, האָט זאַכאַר איבערגעשלאָגען, ווייזט אויס, אַז ער איז גאָר שוואַך אין געזונד, ביי אונז איז פּונקט אַ זעלבער ביים הערן אַ פּריקאַזשטשיק געווען.

דעלעסאָוו, וועלכער האָט שוין גוט געוואוסט די היסטאָריע מיט'ן פריקאַזטשיק, האָט זאַכאַר'ן די געשיכטע ניט געלאָזט ענדיגען. ער האָט איהם געהייסען צוגרייטען אַלץ אויף נאַכט און האָט איהם געשיקט אויפזוכען און ברענגען אַלבערטען.

ער האָט זיך געלעגט אין בעט, פערלאָשען די ליכט, נאָר לאַנג האָט ער ניט געקענט אַנטשלאָפען ווערען, ער האָט אַלץ געטראַכט פון אַלבערט'ן. „חאָטש עס קען אויסזעהן אונפערשטענדליך פאַר פיל פון מיינע בעקאַנטע, האָט דעלעסאָוו געטראַכט, נאָר אַזוי זעלטען טהוסטו דאָך עפּיס פאַר דעם אַנדערן. איך בעדאַרף איצטער גאָט דאַנקען, וואָס ער האָט מיר אַזאַ געלעגענהייט געשאַפען, און איך וועל איהם ניט אָבלאָזען. אַלץ וועל איך טאָן, וואָס נאָר מעגליך וועל איך טאָן, אַבי איהם צו העלפען. מעגליך, אַז ער איז גאָר קיין משוגע'נער ניט, ער האָט זיך נאָר פער'שכור'ט. טייער וועט עס מיר ניט קאָסטען, דאָרט וואו איינער, וועט דער צווייטער אויך זיין. דערווייל זאָל ער וואוינען ביי מיר אַביסעל. שפּעטער וועלען מיר פאַר איהם אַ קאָנצערט איינ-אָרדענען, אַרויסשלעפּען איהם פון זיין דלות און דערנאָך וועלען מיר שוין ווי ס'איז וויטער זעהן".

אַ זיסער געפיהל פון צופרידענקייט אַליין מיט זיך האָט איהם ארומגענומען נאָך אַזוינע מחשבות. „ווירקליך, איך בין גאָר ניט קיין שלעכטער מענש, אָבער גאָר קיין שלעכטער מענש ניט, האָט ער גע-טראַכט, זאָגאַר זעהר אַ גוטער מענש בין איך, אין פערגלייך מיט אַנדערע"...

ער האָט שוין אָנגעהייבען איינצודרעמלען, נאָר פון פאָדערהויז האָט זיך דערהערט דאָס גערויש פון טיר ביים עפענען און ער האָט זיך ווי ערוואַכט.

„איך וועל זיך מיט איהם בעגעהן פאָרזיכטיג — האָט ער אַ קלער געטאָן,— אזוי איז בעסער; און איך וועל טאַקי אַזוי טאָן".

— ער האָט אָנגעקלונגען.

— נו, וואָס, געבראַכט? האָט ער געפרעגט ביי זאַכאַרען, וועלכער איז צו איהם אַריינגעקומען.

— אַ עלענטער מענש, דימיטרי איוואַנאָוויטש,—האָט זאַכאַר געזאָגט שאָקלענדיג ערענסט מיט'ן קאָפּ און צומאַכענדיג די אויגען.

— וואָס, ער איז שכּור?

— זעהר שוואַך.

— די פידעל האָט ער?

— געבראַכט, די בעל־הבית'טע האָט אָבגעגעבען.

— ני, וועסטו אַזוי גוט זיין, איצטער איהם שוין ניט אָבלאָזען, לעג איהם שלאָפען און מאָרגען, געדענק, זאָלסטו איהם ניט אַרויס־לאָזען מעהר פון שטוב אַרויס.

נאָר זאַכאַר האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַרויסצוגעהן און אַלבערט איז אין צימער אַריינגעקומען.

## V.

— איהר ווילט שוין שלאָפען? האָט אַלבערט געפרעגט שמייכ־לענדיג: — און איך בין געוועזן דאָרט, ביי אַננאַ איוואַנאָוונאַ. כ'האָב זעהר גוט דעם אָבענד פערבראַכט: מען האָט מוזיצירט, זעהר אַיין־אַיינגענעהמע געזעלשאַפט געווען דאָרט. איך וואָלט אייך בעטען, מיר געבען אויסצוטרינקען אַ גלאָז וואָס־ס'איז — האָט ער צוגעגעבען, אָנ־נעהמענדיג דעם גראַפין וואַסער, וואָס איז אויפ'ן טישעלע געשטאַנען: — נאָר קיין וואַסער זאָלט איהר מיר ניט געבען.

אַלבערט האָט איצטער אויסגעזעהן פּונקט ווי נעכטען: ווי נעכטען האָבען זיינע ליפען און אויגען שען געשמייכעלט, דער זעלבינער ליכטי־גער אין בעגייסטערטער שטערען און די שוואַכע גלידער זיינע. זאַכאַרס מאַנטעל האָט זיך זעהר גוט געפּאַסט צו איהם און דער זויבערער, לאַנ־גער און ניט קיין קראָכמאַליטער קאָלנער פון דער נאַכט־העמד, וועלכע איז קינסטלעריש געווען אַריבערגעוואָרפען אַרום זיין ווייסען האַלז, האָט איהם צוגעגעבען עטוואָס בעזאָנדערעס, קינדערישעס און אומשולדיגעס. ער האָט זיך צוגעזעצט ביי דעלעסאָוו'ן אויפ'ן געלעגער, געקוקט אויף איהם שמייכלענדיג מיט פרייד און דאַנקבאַרקייט. דעלעסאָוו האָט אַלבערטען אין די אויגען אַריינגעקוקט און האָט זיך פּליצלינג ווידער דערשפּירט איננאַנצען געפאַנגען פון זיין שמייכעל. איהם האָט זיך שוין איינגעהערט צו וועלען שלאָפען, ער האָט זיך שוין גאָר פערגעסען אָן דעם, וואָס ער האָט זיך אַ וואָרט געגעבען מיט איהם שטרענג צו זיין;

איהם האָט זיך, אינגעגענטייל, איצטער געוואָלט פרעהליך זיין, הערען מוזיק, און חאָטש ביז אין דער פריה פריינדליך פערברענגען מיט אַלבערט׳ן. דעלעסאָוו האָט זאַבאַרען געהייסען דערלאַנגען אַ פלאַש וויין, פאַפּיראָסען און די פידעל.

— אָט דאָס איז וואויל, האָט אַלבערט געזאָגט: — ס׳איז נאָך גאַנץ פריה, מיר וועלען אַביסעל מוזיצירען. איך וועל אייך שפּילען וויפיל איהר ווילט.

זאַבאַר האָט מיט איין אָפּענעם פערגעניגען געבראַכט אַ פלאַש לאַפיט, צוויי גלעזער, שוואַכע פּאַפּיראָסען, וועלכע אַלבערט האָט גע-רויכערט, און די פידעל. נאָר אָנשטאָט צו געהן שלאָפען, ווי דער „באַרין״ זיינער האָט איהם פערזאָגט, האָט ער אַליין פעררויכערט אַ צי-גאַר און האָט זיך אַנידערגעזעצט אין דעם שכנישען צימער.

— לאָמיר בעסער אַביסעל שמועות׳ן, האָט דעלעסאָוו געזאָגט צום קלעזמער, וועלכער האָט שוין גענומען די פידעל אין האַנד.

אַלבערט האָט זיך געפאָלגט, ער האָט זיך געזעצט אייפ׳ן בעט און האָט ווידער ציפרידען אַ שמייכעל געטאָן.

— אַך! יאָ, האָט ער געזאָגט, פּליצלינג אַ בקלאַפּגעבענדיג זיך מיט׳ן האַנד אָן שטערען און מאַכענדיג עפּיס אַ בעשעפטיגטען און ניינעריגען אויסדריק (זיין געזיכט האָט שטענדיג פריהער אויסגעדריקט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען) ערלייבט מיר צו פרעגען ביי אייך... ער האָט זיך אַביסעל אָבגעהאַלטען... אָט דער הערר, וואָס איז געווען דאָרט געכטען אין אָבענד מיט אייך... איהר האָט איהם אָנגערופען נ. דאָס איז ניט אַ זוהן פון דעם בעריהמטען נ.?

— זיינער אַ זוהן, האָט דעלעסאָוו געענטפערט, פאַר קיין פאַל ניט פערשטעהענדיג, צו וואָס קען עס איהם נויטיג זיין צו וויסען.

— אָט דאָס איז עס — האָט ער צופרידען געשמייכעלט — איך האָב גלייך אין זיינע מאַניערען דערקענט עפּיס אַזוינס, בעזאָנדערעס אַריסטאָקראַטישעס: איך ליב זעהר אַריסטאָקראַטען; עטוואָס אַזוינס שענעס, פּראַכטפאָלעס מערקט זיך ביי אַריסטאָקראַטען. און אָט דער אָפיצער, דער וואָס טאַנצט אַזוי שען — האָט ער געפרעגט: — ער איז מיר אויך זעהר געפעלען געוואָרען, אַזאַ פרעהליכער און אַנ׳אָנשטענדיגער. דאָס איז דער אַדיוטאַנט נ. נ., ווי מיר דוכט.

— וועלכער? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— אָט דער דאָזיגער, וועלכער האָט זיך אָן מיר אָנגעשטויסען, ווען מיר האָבען געטאַנצט, ווייזט אויס אויך אַ וואוילער מענש.

— ניין, ער איז אַ פּוסטער יונג, האָט געענטפערט דעלעסאָוו.

— אַך, ניין! האָט זיך היים אָנגענומען פאַר איהם אַלבערט: אין איהם איז פאַראַהאַן עפּיס אַזוינס זעהר אַיינגענעהמעס. און ער איז אַ פּראַכטפאָלער מוזיקער, — האָט אַלבערט צוגעגעבען, — ער האָט דאָרט פין אַנ׳אָפּערע עפּיס געשפּילט. שוין לאַנג אַז עמיצער זאָל מיר אַזוי שטאַרק געפעלען זיין.

— יא, ער שפּילט זעהר גוט, נאָר איך ליב ניט זיין שפּילען, האָט דעלעסאָוו געזאָגט, וועלענדיג אַריינציהען זיין שכן אין אַ שמועות איבער מוזיק: — ער פערשטעהט ניט קיין קלאַסישע מוזיק — דאָניצעטי׳ס אַדער בעלליני׳ס איז דאָך קיין מוזיק ניט. איך מיין, אַז איהר זענט אויך די זעלבע מיינונג?

— אָ, ניין, ניין, ענטשולדיגט מיר, האָט אָנגעהויבען אַלבערט מיט אַ ווייבער פּערטיידיגונגס־שטימע: — אַלטע מוזיק איז מוזיק, און נייע מוזיק איז אויך מוזיק. אויך אין דער נייער מוזיק זענען פאַראַהאַן אונגעוואוינליכע שענקייטען: און סאָמנאַמבולא?! און דער פינאַל פון ליוציאַ?! אין שאָפּען?; איך טראַכט גאַנץ אָפּט... ער האָט זיך אָבגעהאַלטען אַ ווילע, ווי ברעננענדיג אין אָרדנונג זיינע געדאַנקען: — איך קלער, ווען בעטהאָווען וואָלט איצטער געלעבט, וואָלט ער דאָך געוויינט פאַר פרייד, הערענדיג סאמנאמבולען. איבעראַל איז וואונדערשענעס פאַראַהאַן — איך האָב צים ערשטען מאָל סאמנאמבולען געהערט, ווען דאָ זענען צום ערשטען מאָל געוועזן וויארדאָ און רוביני — אָט וואָס דאָס איז געוועזן! האָט ער אַרויסגערעדט בליצענדיג מיט זיינע אויגען און מאַכענדיג אַזאַ בעוועגונג מיט ביידע הענד, גלייך ווי ער וואָלט עפּיס פון האַרצען אַרויסגעריסען — ווען דאָס וואָלט נאָך אַ ביסעל דויערען, וואָלט שוין אונמעגליך געווען איבערצוטראָגען.

— נו, ווי געפעלט אַייך איצטערדיגע אָפּערען? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— באָזיאָ איז גוט, זעהר גוט, נאָר, האָט ער געענטפערט, זי ריהרט ניט אָט דאָ, האָט ער געזאָגט בעווייזענדיג אויף דער איינגעפאַלע־

נער כרוסט. אַ זיננערין בעדאַרף ליידענשאַפט האָבען, און דאָרט איז עס ניט פאַרהאַן. זי מאַכט פרעהליך, אָבער פערשאַפט קיין יסורים ניט.

— נו, און לאַבלאַש?

— איך האָב איהם געהערט נאָך אין פאַריז אין דער אָפּערע „סיווילער צירולניק“ — דאַן איז ער געווען דער אינאַזאַנצינגער, נאָר איצטער איז ער שוין אַלט, — ער קען שוין ניט זיין קיין אַרטיסט, ער איז אַלט.

— וואָס מאַכט עס אויס, אַז ער איז אַלט, אָבער אין איינינגע ראָלען איז ער נאָך זעהר שעָן, האָט דעלעסאָוו געזאָגט.

— וואָס הייסט „עס מאַכט ניט אויס, אַז ער איז אַלט?“ האָט אלבערט שטרענג געענטפערט — ער מאָר ניט זיין אַלט. אַ קינסטלער מאָר ניט אַלט ווערען. זעהר פיל פאָדערט די קונסט, נאָר דער עקר — פייער בעדאַרף מען האָבען! האָט ער אַרויסגעזאָגט בליצענדיג מיט די אויגען און אויפהויבענדיג די הענד אין דער הויך.

און ווירקליך עפּיס אַ שרעקליכער אינערליכער פייער האָט גע־ברענט אין דער גאַנצער פיגור זיינער.

— אַך מיין גאָט! האָט ער פּליצלינג געזאָגט, קענט איהר גאָר ניט פּעטראָוו'ן — דעם מאַלער?

— ניין, איך קען איהם ניט, האָט שמייכלענדיג געענטפערט דעלעסאָוו.

— אָ, ווי איך וואָלט וועלען, איהר זאָלט זיך בעקאַנט מאַכען! ווי ער פערשטעהט אייך די קונסט! מיר פלעגען זיך מיט איהם פריהער אָפט בעגעגנען ביי אַננא איוואַנאָוונא, — נאָר זי איז פאַר עפּיס אויף איהם אין כעס געוואָרען. אין איך וואָלט זעהר וועלען, איהר זאָלט בע־קאַנט ווערען. ער איז זעהר אַ גרויסער טאַלענט.

— וואָס, ער מאָלט בילדער? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— איך ווייס ניט; דוכט זיך, אַז ניין. ער איז געווען מאַלער אין דער אַקאַדעמיע. וואָס פאַר אַ געדאַנקען ער בעזיצט! רעדט ער אַמאָל, איז עס אַ וואונדער אין דער וועלט. אָ, פּעטראָוו האָט אַ גרויסען טאַלענט, נאָר ער פיהרט אַ ביסעל אַ צו־לוסטיגען לעבען... דאָס איז

אַ שאָד, האָט אַלבערט צוגעגעבן שמייכלענדיג. באַלד נאָך דעם האָט ער זיך אויפגעהויבען פון געלעגער, ער האָט גענומען די פידעל און אָנגע־הויבען זי רעגולירען.

— שוין לאַנג אַז איהר האָט די אָפּערע בעזוכט? האָט איהם דעלעסאָװ געפּרעגט.

— אַך, אַז איך קען שוין ניט מעהר, האָט ער געזאָגט, כאַפּענ־דיג זיך פאַר׳ן קאָפּ. ער האָט זיך ווידער נעבען דעלעסאָװ׳ן געזעצט. איך וועל אייך דערצעהלען — האָט ער פאַסט שעפּטשענדיג אַרויס־געריעדט — איך קען אַהין ניט געהן, איך קען דאָרט ניט שפּילען, איך האָב גאָר ניט, גאָר ניט; כ׳האָב ניט קיין קליידער, כ׳האָב ניט קיין וואוינונג, כ׳האָב ניט קיין פידעל — אַ מיאוס לעבען! אַ מיאוס לעבען! האָט ער צוליבע מאָל איבערגע׳חזר׳ט. און ווידער נאָך וואָס דען בעדאַרף איך אַהין געהן? צו וואָס? מען בעדאַרף ניט, האָט ער געזאָגט שמייכ־לענדיג — אַך, דאָן זשואַן!

און ער האָט זיך איבער׳ן קאָפּ אַ קלאַפּ געגעבען.

— מיר וועלען אַ מאָל אַהין צוזאַמענפאָהרען, האָט דעלעסאָװ גע־זאָגט.

ניט ענטפערענדיג, איז אַלבערט פון אָרט אויפגעשפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן די פידעל און האָט גענומען שפּילען דעם פינאַל פון דעם ערשטען אַקט פון דאָן זשואַן, דערצעהלענדיג מיט זיינע אייגענע ווער־טער דעם אינהאַלט פון דער אָפּערע.

ביי דעלעסאָװ׳ן האָבען זיך די האָר אויפ׳ן קאָפּ גענומען ריהרע׳ן, ווען ער האָט געשפּילט די שטימע פון דעם שטאַרבענדען קאָמאַנדיר.

— ניין, איך קען היינט ניט שפּילען, האָט ער געזאָגט, אַוועק־לעגענדיג די פידעל, איך האָב היינט צופיל געטרונקען.

און גלייך נאָך דעם איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, האָט זיך אָנ־געגאָסען אַ גלאָז ווין, פאַראַמאָל זי אויסגעטרונקען און האָט זיך ווידער געזעצט אויפ׳ן בעט, נעבען דעלעסאָװ׳ן.

דעלעסאָװ האָט קיין אויג ניט אַראָבגענומען פון אַלבערט׳ן. אַלבערט האָט צייטענווייז געשמייכעלט און דעלעסאָװ האָט אויך צוגע־שמייכעלט. זיי האָבען ביידע געשוויגען; נאָר צווישען זיי, דורך די

בליקען און שמייכלען האָט זיך אויסגעאַרבייט אַ ליבעס־בעציהונג, דעלעסאָוו האָט געשפּירט, אַז וואָס ווייטער בעקומט ער אַלץ מעהר ליב אָט דעם מענשען, און האָט דערפון אַ אונבעגרייפליכען תענוג — איהר האָט אַ מאָל געליבט? האָט ער פלוצלינג געפרעגט.

אַלבערט האָט זיך איינינגע סעקונדען פערטראַכט, דערנאָך האָט אַ טרויערדיגער שמייכעל בעלויכטען זיין געזיכט. ער האָט זיך אַיינגע־בויגען צו דעלעסאָוו'ן און האָט איהם אויפמערקזאַם אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגען אַריין.

— צוליב וואָס האָט איהר עס געפרעגט ביי מיר? האָט ער שעפּטשענדיג געפרעגט. נאָר איך וועל אייך אַלץ דערצעהלען — איהר זענט מיר געפעלען, האָט ער ווייטער גערעדט, אַרומקוקענדיג זיך פון אַלע זייטען, איך וועל אייך ניט אָבנאַרען — און וועל אייך דערצעהלען אַלץ ווי ס'איז געווען פון אָנהייב אָן. ער איז שטיל געבליבען און זיינע אויגען האָבען זיך עפּיס מאָדנע ווילד אָבגעשטעלט. — איהר ווייסט, אַז איך בין אַביסעל אויפ'ן שכל שוואַך געוואָרען, האָט ער פלוצלינג געזאָגט. יאָ, יאָ, אַננא איוואַנאָוונא האָט אייך געווים וועגען דעם דער־צעהלט. זי דערצעהלט אַלעמען, אַז איך בין אַ משוגע'נער! דאָס איז ניט אמת. פון שפּאַס וועגען זאָגט זי עס. זי איז אַ וואוילע פרוי. נאָר איך בין טאַקי עפּיס שוין פון אַ געוויסע צייט ניט ביים גאַנצען געזונד. אַלבערט האָט ווידער געשווינגען אַ ווײַלע. מיט ברייט געעפענטע אויגען האָט ער אַ קוק געגעבען אין דער פינסטערער טיר. — איהר האָט מיר געפרעגט, אויב איך האָב אַ מאָל געליבט? יאָ, איך האָב געליבט, האָט ער שעפּטשענדיג געזאָגט און אייפגעהויבען די ברעמען, דאָס איז גע־שעהן שוין גאַנץ לאַנג, ווען איך האָב נאָך מיין שטעל געהאַט אין טעאַטער. איך פלעג געהן שפּילען די צווייטע פידעל אין דער אָפּערע און זי פלעגט פאָהרען אין טעאַטער, אין איהר לאָזשע בענואַר, וואָס געבען אָרקעסטער פון דער לינקער זייט.

אַלבערט האָט זיך אויפגעהויבען און זיך צוגעבויגען צו דעלעסאָווס אויער.

— ניין — צוואָוואָס זאָל איך איהר נאָמען אָנרופען, האָט ער געזאָגט, איהר קענט זי געווים. אַלע קענען זי. איך פלעג שווייגען, איך האָב נאָר געקוקט אויף איהר. איך האָב גוט געוואוסט, אַז איך בין ניט מעהר ווי אַנ'אָרימער אַרטיסט און זי איז אַיין אַריסטאָקראַטישע

דאַמע. איך האָב עס זעהר גוט געוואוסט. איך האָב נאָר געקוקט אויף איהר, אָבער נאָר ניט געטראַכט.

אַלבערט האָט זיך פערטראַכט, דערמאָנענדיג זיך.

— ווי דאָס איז געשעהן, געדענק איך שוין אַליין ניט; נאָר מיך האָט מען איין מאָל אַהין גערופען, איך זאָל איהר אַקאָמפּאַנירען אויפ'ן פידעל... ניי, וואָס, איך בין אַנ'אָרימער אַרטיסט! האָט ער געזאָגט צישאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ און שמייכלענדיג — אָ, ניין, איך קען ניט דער-צעהלען, איך קען ניט... האָט ער איבערגעשלאָגען כאַפּענדיג זיך פאַר'ן קאָפּ. — אָ, ווי גליקליך איך בין געווען!

— זענט איהר ביי איהר אָפט געווען? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— איין מאָל אַ איינאזאנאינציגען מאָל בלויז... נאָר איך אַליין בין שולדיג געווען. איך בין שיעור פון זינען ניט אַראָב, איך בין אַנ'-אָרימער אַרטיסט און זי איז אַנ'אַריסטאָקראַטישע דאַמע, איך האָב איהר גאָר ניט בעדאַרפט זאָגען, נאָר איך בין פון זינען אַראָב און האָב אָב-געטאָן אַ נאַרישקייט. פון יענער צייט האָט זיך פאַר מיר אַלץ געענדיגט. פעטראָוו האָט מיר דעם אמת געזאָגט, אַז ס'וואָלט פאַר מיר גלייכער געווען, ווען איך זעה זי נאָר אין טעאַטער.

— וואָס-זשע האָט איהר אַזוינס בעגאַנגען? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— אַך, לאָזט מיר, לאָזט, איך קען עס ניט דערצעהלען. און צודעקענדיג דאָס געזיכט מיט די הענד האָט ער אַ ווילע געשוויגען.

— איך בין אין אָרקעסטער אַריינגעקומען שפּעט. דעם דאָזיגען אָבענד האָב איך מיט פּעטראָוו'ן געטרונקען און איך בין געווען זעהר אויפגערעגט. זי איז געזעסען אין איהר לאָזשע און האָט גערעדט מיט אַ גענעראַל. ווער דער גענעראַל איז געווען אַזוינער, ווייס איך ניט. זי איז געזעסען גאָר ביי'ם ברעג, איהר האַנד האָט זי אַנידערגעלעגט אויפ'ן ראַמפּע. זי האָט געטראָגען אַ ווייס קלייד און פּעריל אויפ'ן האַלז. זי האָט גערעדט מיט איהם און האָט געקוקט אויף מיר. צוויי מאָל האָט זי אַ קוק געגעבען אויף מיר. די פריזור איהרע איז אָט ווי געווען; איך האָב ניט געשפּילט. איך בין געשטאַנען נעבען באַס און האָב גע-קוקט. און דאָ איז מיר צום ערשטען מאָל עפּים מאָדנע געוואָרען. זי

האָט אַ שמייכעל געטאָן צום גענעראַל און אַ קוק געגעבען אויף מיר. איך האָב דערשפּירט, אַז זי רעדט וועגען מיר, און פּלוצלינג האָב איך דערזעהען, אַז איך געפין מיר ניט אין אָרקעסטער, נאָר איך שטעה ביי איהר אין לאָזשע און האַלט זי פאַר'ן האַנד, אָט ביי דעם אָרט. — וואָס זאָל עס בעדייטען? האָט אַלבערט געפרעגט און איז שטיל געוואָרען.

— דאָס איז אַ לעבעדיגע פאָרשטעלונג — האָט דעלעסאָוו געזאָגט.

— ניין, ניין... אַז איך קען ניט דערצעהלען — האָט אויפגעריי־טשענדיג זיך געזאָגט אַלבערט — איך בין שוין דעמאָלט אָרים געוועזען. קיין קוואַרטיר האָב איך שוין ניט געהאַט און אַז איך פלעג געהן אַ מאָל אין טעאַטער אַריין, בין איך שוין דאָרט פערבליבען נעכטיגען.

— וואָס הייסט? אין טעאַטער? אין דעם פינסטערען לעדיגען זאַל?

— אַך! איך האָב קיין מורא ניט פאַר אַזוינע נאַרישקייטען. לאָזט מיר נאָר. ווי אַלע פלעגען פון טעאַטער אַוועקגעהן, בין איך אין יענער לאָזשע געגאַנגען און פלעג דאָרט נעכטיגען. דאָס איז מיין איינציגע פרייד געוועזען. אָ, וואָס פאַר אַ נעכט איך האָב דאָרט פערבראַכט. נאָר איין מאָל האָט זיך עס ווידער אָנגעהויבען מיט מיר, מיר האָט זיך ביי־נאַכט אָנגעהויבען זעהר פיל פאָרצישטעלען... נאָר איך קען אייך קיין זאַך ניט דערצעהלען, — אַלבערט האָט שאַרף אָנגעקוקט דעלעסאָוו'ן. וואָס זאָל עס בעדייטען? האָט ער געפרעגט.

— זאָנדערבאַר! האָט דעלעסאָוו געזאָגט.

— ניין, לאָזט נאָר, לאָזט! — ער האָט איהם אין אויער שעפּ־טשענדיג ווייטער דערצעהלט — איך האָב געקישט איהרע הענד, איך האָב אָט דאָ געבען איהר געוויינט, איך האָב זעהר פיל גערעדט מיט איהר, איך האָב געשפּירט דעם ריח פון איהרע פאַרפומען, איך האָב געהערט איהר שטימע, זי האָט מיר פאַר איין נאַכט זעהר פיל גע־זאָגט. דערנאָך האָב איך גענומען די פידעל, איך האָב גאַנץ שטיל אָנ־געהויבען צו שפּילען. און איך האָב זעהר גוט געשפּילט, נאָר מיר איז געוואָרען שרעקליך. איך האָב פאַר די אַלע נאַרישקייטען קיין מורא ניט —

אין איך גלויב ניט אין דעם, נאָר מיר האָט געשראָקען פאַר מײַן קאָפּ, האָט ער געזאָגט, אַ שמײכעל־טאָהנדיג מיט ליבע און צורירענדיג זיך מיט'ן האַנד צום שטערען: — מיר איז שרעקליך געוואָרען פאַר מײַן אָרימען שכל, מיר האָט זיך אויסגעדוכטען, אַז בײַ מיר אין קאָפּ איז עפּיס געשעהן, מעגליך אַז דאָס איז גאָר ניט? ווי מײנט איהר?

בײדע האָבען איניגע מינוטען געשוויגען.

„אונד ווען די וואָלקען זי פערהילען,

די זאָננע בלײַבט דאָך עוויג קלאַר".

האָט אַלבערט געזונגען שטיל צושמײכלענדיג. נישט וואָהר? האָט ער צוגעגעבען.

„איך אויך האַבע געלעבט אונד גענאָסען".

אַך, דער אַלטער פּעטראָוו, ער וואָלט עס אײך אַלץ אויבּ־דערצעהלט.

דעלעסאָוו האָט שווײגענדיג און מיט שרעק געקוקט אויף דאָס איפּגערעגטע און בלאַסע געזיכט פון זײַן חבר.

— איהר קענט דעם יוריסטען־וואַלצער? האָט אַלבערט פּליצלינג אויסגעשריען, און ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף אַ ענטפער, איז ער פון אָרט אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט זײַן פידעל און האָט אָנגע־הײבען שפּילען אַ פרעהליכען וואַלס. אין פאָלשטענדיג זיך פאַרגעסען. ער האָט, ווי עס שײנט, געמײנט, אַז אַ גאַנצער אָרקעסטער שפּילט מיט איהם מיט. שמײכלענדיג האָט ער זיך געוואַקעלט אויף אַלע זײַטען, איבער־שטעלענדיג יעדע ווײלע אַ פוס און האָט אויסנאַהמליך געשפּילט.

— ע, גענוג לוסטיג מאַכען זיך! האָט ער געזאָגט ענדיגענדיג און האָט אַ מאַך געטאָן איף אַלע זײַטען מיט דער פידעל.

— איך וועל שוין געהן, האָט ער געזאָגט נאָך דעם, ווי ער איז שטיל אַ ביסעל אינטערגעזעסען: — און איהר וועט ניט געהן?

— וואוהין? האָט פערוואונדערט געפרעגט דעלעסאָוו.

— לאָמיר געהן צו אַננאַ איוואַנאָוונאַ; דאָרט איז פרעהליך: אַ ביסעל, מענשען, מוזיק.

אין דער ערשטער מינוט האָט דעלעסאָוו שיער ניט מסכים געווען,

נאָר קומענדיג צו זיך האָט ער אָנגעהייבען אײנרעדען אַלבערטען, ער זאָל שוין היינט ניט געהן.

— איך וואָלט בלויז אויף אַ מינוט.

— פאָלגט מיר, געהט ניט,

אַלבערט האָט אַ זיפץ געטאָן און האָט אַװעקגעלעגט די פידעל. ער האָט נאָך אַ מאָל אַ קוק געגעבען אויפ׳ן טיש (קיין וויין איז שוין ניט געווען) און ווינשענדיג אַ גוטע נאַכט, איז ער אַרויסגעגאַנגען.

דעלעסאָװ האָט אָנגעקלונגען.

— זעה, זאָלסט דעם הערר אַלבערט אין ערגיץ ניט אַרויסלאָזען אָהן מיין וויסען, — האָט ער געזאָגט צו זאַכאַר׳ן.

---

VI.

אויפ׳ן צווייטען טאָג איז געווען אַ יום-טוב. דעלעסאָװ, װעלבער איז שוין געווען אויפגעשטאַנען, איז געזעסען ביי זיך אין גאַסט-זאַל און געטרונקען קאַפע און געלעזען אַ בוך. אַלבערט אין דעם שבנישען צימער האָט זיך אפילו נאָך ניט גערירט.

זאַכאַר האָט פאָרזיכטיג געעפענט די טיר און האָט אַריינגעקוקט אין צימער אַריין.

— איהר וועט גלויבען, דימיטרי איוואַנאָוויטש, ער שלאָפט דאָך אויף דעם הוילען דיוואַן! האָט גאָר ניט געוואָלט אונטערבעטען אונטער זיך, בנאמנות. ווי אַ קליין קינד. דאָס איז מיט אַנ׳אמת אַנ׳אַרטיסט.

אַ זייגער צוועלף האָט זיך אויף יענער זייט טיר דערהערט קרעכ-צען און הוסטען.

זאַכאַר איז ווידער געקומען אין עסען-צימער אַריין; און דעלעסאָװ האָט דערהערט זאַכארס ווייכע ליבּליכע שטימע און אַלבערטס שוואַכע בעטענדע שטימע.

— נו, וואָס? האָט דער באַרין געפרעגט ביי זאַכאר׳ן, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען.

— ער איז אומעטיג, דימיטרי איוואַנאָוויטש; ער וויל זיך ניט אײַנמאַשען, אַזוי פערפינסטערט, ער בעט אַלײן, מען זאָל איהם געבען אויסצוטרינקען.

— ניין, האָב איך זיך אונטערגענומען, בעדאַרף מען דעם כאַראַקטער אויסהאַלטען, האָט צו זיך אַליין דעלעסאָוו געזאָגט.

און פערזאָגענדיג איהם ניט צו געבען קיין בראַנפען, האָט ער זיך ווידער גענומען פאַר זיין בוך און ניט ווילענדיג האָט ער זיך צוגעהערט צו דעם וואָס עס קומט פאָר אין עסען־צימער. דאָרט האָט זיך גאָר ניט בעוועגט, נאָר צייטענווייז האָט זיך דאָרט געהערט אַ טיפעס ברוסטהיסטען און שפייען. דעלעסאָוו, שוין אַיין אָנגעטאָנענער, איידער ער איז פון שטוב אַרויס, האָט ער בעשטימט אַ קוק געבען, וואָס עס טהוט דער שכן זיינער. אַלבערט איז אונבעוועגליך געזעסען ביי'ם פענסטער, דער קאָפּ אויף די הענד אָנגעשפּאַרט. ער האָט זיך אומגעקוקט, דאָס געזיכט זיינס איז געווען געל, צוקנייטשט, און ס'האָט אויסגעזעהן ניט בלויז טרויעריג, נאָר שטאַרק אונגליקליך. ער האָט געפּרובט אַ שמייכעל מאַכען אַלס בעגריסונג, נאָר דאָס געזיכט זיינס האָט בעקומען נאָך מעהר אַ פערביטערטען אויסדריק. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער וועט זיך באַלד... צעוויינען. האָט זיך מיט פיל מיה אויפגעהויבען און אַ נויג געטאָן.

— אפשר איז מעגליך אַ גלעזעלע איינפאַכען בראַנפען, האָט ער געזאָגט מיט אַ בעטענדע שטימע? — איך בין אַזוי שוואַך, איך בעט אייך!

— קאָפֿע וועט אייך בעסער קרעפטיגען, איך וואָלט אייך ראַטהען.

אַלבערטס געזיכט האָט פּלוצלינג פערלאָרען דעם קינדערשען אויסדריק; ער האָט קאַלט אין פינסטער אַ בליק געגעבען צום פענסטער און שוואַך זיך אַראָבגעלאָזט אויפ'ן שטול.

— ווילט איהר אָפּטמאָל ניט פרישטיקען?

— ניין, איך דאַנק, איך האָב קיין אַפּעטיט.

— אויב אייך וועט זיך פערוועלען שפּילען, וועט איהר דערמיט מיר ניט שטערען, האָט דעלעסאָוו געזאָגט, לעגענדיג די פידעל אויפ'ן טיש.

אַלבערט האָט מיט אַ פּעראַכטונגס שמייכעל אַ קוק געגעבען אויף דער פידעל.

— ניין, איך בין צו שוואַך, איך קען ניט שפּילען, האָט ער גע־זאָגט און האָט אָבגערוקט פון זיך דעם אינסטרומענט.

דערנאָך, וואָס דעלעסאָוו האָט איהם ניט געבעטען, ער האָט איהם פאָרגעלעגט זיך דורכגעהן, און אין אָבענד פאָהרען אין טעאַטער, אויף דעם אַלעמען האָט אַלבערט נאָר אונטערטעניג זיך גענייגט און געשוויגען. דעלעסאָוו איז אָבגעפאָהרען פון הויף. האָט אָבגעשטאַט עטליכע וויזיטען, געמיטאָגט ערגיץ אין געסט, און פאַר'ן טעאַטער, איז ער צוגע־פאָהרען אַ היים זיך איבערטאָהן אין געוואָהר־ווערען, וואָס עס מאַכט דער קלעזמער. אַלבערט איז געזעסען אין דעם פינסטערען פאָרדערהויז און אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף די הענד, האָט ער געקוקט צום אַיינגע־הייצטען אויווען, ער איז געווען אויפגעריימט אָנגעטאָן, אַרומגעוואַשען און פאַרקעמט, נאָר די אויגען זיינע זענען געווען אויסגעלאָשען, טויט, און זיין גאַנצע פיגור האָט אויסגעדריקט שוואַכקייט, אויסגעמאַטערטקייט, נאָך מעהר ווי אין דערפריה.

— נו וואָס, איהר האָט געמיטאָגט, הערר אַלבערט? האָט דעלע־סאָוו געפרעגט.

— אַלבערט האָט מיט'ן קאָפּ אַ צייכען געגעבען, אַז יאָ, און אַ קוק־געבענדיג דעלעסאָוו'ן אין די אויגען, האָט ער עפּיס ווי צושראָקען די אויגען אַראָבגעלאָזען. דעלעסאָוו'ן איז געוואָרען אונאַנגענעהם.

— איך האָב היינט גערעדט מיט'ן דירעקטאָר, האָט דעלעסאָוו געזאָגט אויך מיט אַראָבגעלאָזענע אויגען: — ער וואָלט אייך זעהר גערן צונעהמען, ווען איהר וואָלט ערלויבען, ער זאָל אייך אויסהערען.
— איך דאַנק, איך קען ניט שפּילען, האָט אַלבערט אַרויסגערעדט פאַר זיך אונטער דער נאָז און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער אַריין און צומאַכענדיג בעזאָנדערס שטיל די טיר הינטער זיך.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך אויך אַזוי שטיל די הענדטיל פון שלאָס אומגעדרעהט, ער איז אַרויס פון זיין צימער מיט דער פידעל. וואַרפענדיג אַ בייזען בליק אויף דעלעסאָוו'ן, האָט ער די פידעל אַוועקגע־לעגט אויף דעם שטול און איז ווידער פערשוואונדען געוואָרען.

דעלעסאָוו האָט אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען, און געשמייכעלט.

ראָס קען איך נאָך טאָן? מיט וואָס בין איך שולדיג?" האָט ער גע־
בראַכט.

— ני, וואָס מאַכט דער קלעזמער? איז געווען דאָס ערשטע
וואָס ער האָט געפרעגט, ווען ער האָט זיך שפּעט אומגעקעהרט
אַהיים,

— שלעכט! האָט קירין אין שאַרף געענטפערט זאַבאַר. — ער
האַלט אין איין זיפצען און רעדט גאָר ניט, נאָר אַ מאָל פינף האָט ער
בראַנפען געבעטען. איך האָב איהם שוין איינס געגעבען, אַנדערש האָב
איך מורא, מען זאָל איהם גאָר ניט אַוועקקוילענען, דימיטרי איוואַנאָוויטש.
אַזוי איז דאָך געווען מיט'ן פריקאַזטשיק.. —

— און אויפ'ן פידעל האָט ער ניט געשפּילט?

— ער רירט זיך אַפילו צו איהר ניט צו, איך האָב זי אויך
איהם אַ פּאָר מאָל אַריינגעטראָגען, — נעהמט ער זי שטילענקעהייד
און טראָגט זי צוריק אַרויס, האָט זאבאר געענטפערט מיט אַ שמי־
כעל. — איז הייסט איהר איהם ניט געבען צו טרינקען?

— דערוויל נאָך ניט. לאָמיר נאָך אַ טאָג אָבוואַרטען, וועלען מיר
זעהן, וואָס וועט זיין. וואָס טהוט ער איצטער?

— ער האָט זיך פערשפּאַרט אינ'ם גאַסט־זאל.

דעלעסאָוו איז אַריין צו זיך אין קאַבינעט, האָט אויסגעקליבען
עטליכע פראַנצויזישע ביכער און איין עוואַנגעליום אויף דייטש.

— וועסט די ביכער איהם מאָרגען אַוועקלעגען אין זיין צימער,
נאָר זעה, לאָז איהם ניט אַרויס, האָט ער זאַבאַרען אָנגעזאָגט.

אויף מאָרגען האָט זאבאר בענאַכריכטעט זיין „באַרין", אַז דער
קלעזמער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען: ער איז אומגעגאַנגען
איבער אַלע צימערן, געוואָלט עפענען דעם בופעט, די טירען פון די
אַלמערס. און, אַז אַ דאַנק זיין מיה, איז אַלין געווען פערמאַכט. זאבאר
האָט דערציילט, אַז מאַכענדיג זיך אַז ער שלאָפט, האָט ער געהערט
ווי אַלבערט האָט עפּיס אַליין צו זיך גערעדט און האָט געמאַכט מיט
די הענד.

אַלבערט איז וואָס אַ טאָג פינסטערער געוואָרען, שווייגענדיגער
געוואָרען. ס'האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט פאַר דעלעסאָוו'ן מורא

האָבען, און אויף זײן געזיכט האָט זיך אויסגעדריקט אַ קרענקליכער פּחד, ווען זײערע בליקען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען. ער האָט אין האַנד ניט גענומען ניט קײן בוך, ניט די פּידעל און האָט ניט געענטפערט אויף דעם, וואָס מען האָט איהם געפרעגט.

אויפ'ן דריטען טאָג, צײט דער קלעזמער איז בײ איהם געװען, האָט דעלעסאָוו, זיך אומגעקעהרט אַהײם שפּעט בײ נאַכט מיעד און אויפגערעגט. ער איז דעם גאַנצען טאָג אומגעפאָהרען עפּיס װעגען אַנ'עסק, װעלכער האָט זיך איהם אויסגעװיזען אַזױ אײנפאַך און גרינג אין, װי עס טרעפט גאַנץ אָפט, האָט ער קײן טריט פאָרװערטס ניט געמאַכט, ניט קוקענדיג אויף זײנע פיל מיה. אויסער דעם איז ער אַרײן אין קלוב און האָט דאָרט אין װיסט פערשפּילט. ער איז געװען אין אַ שלעכטער שטימונג.

— האָב איהם אַ גוט יאָהר און גאָר! האָט ער געענטפערט זאכאר'ן, װעלכער האָט איהם געמאָלדען פון אַלבערט'ס טרױעריגען צושטאַנד. — מאָרגען װעל איך בײ איהם דערגעהן אויף זיכער: צי װיל ער זיך אָבשטעלען בײ מיר און פאָלגען װאָס איך װעל איהם הײסען? אויב ניט — בעדאַרף מען ניט. רוכט זיך, אַז כ'האָב געטאָן אַלץ װאָס כ'האָב געקענט.

„אָט אַזױ טהו טובות מענשען! האָט ער אַלײן פאַר זיך געטראַכט. איך אַלײן מאַך מיר ענג צוליב איהם, האַלט אין שטוב דאָס שמוציגע בעשעפעניש און איך קען בײ זיך אין שטוב קײן בעקאַנטען מענשען ניט אויפנעהמען; איך ברעך מיר דעם קאָפּ פון זײערט װעגען, לויף אים און ער קוקט אויף מיר װי אויף אַ גזלן, װעלכער צוליב זײן אײגענעם פערגניגען האָט איהם פערשפּאַרט אין אַ שטײג. און דער עקר, אַלײן פאַר זיך װיל ער קײן טריט ניט מאַכען. אַזױ זענען זײ אַלע (מיט דעם װאָרט „אַלע" איז ער אויסען געװען אין אַלגעמײן מענשען און איבער־הױפּט אָט די אַלע, מיט װעלכע ער האָט הײנט אַ געשעפט געהאַט). און װאָס איז מיט איהם? װעגען װאָס טראַכט ער, און צוליב װאָס איז ער אומעדיג? ער בענקט נאָך דעם אויסגעלאַסענעם לעבען, פון װעלכען איך האָב איהם אַרויסגעריסען? גאָך די ערנידערונגען, אין װעלכע ער האָט זיך געפונען? נאָך דעם אַרמוט, פון װעלכען איך האָב איהם אָבגעראַטעװעט. עס זעהט שוין אויס, אַז ער איז אַזױ נידריג געפאַלען, װאָס ער קען שוין אויף קײן אָרענטליכען לעבען ניט קוקען.

„ניין, דאָס איז געווען אַ קינדערשקייט, האָט דרעלעסאָוו אַליין בײַ זיך בעשטימט. ווי קומט עס צו מיר זיך נעהמען פאַר אַזאַ אַרבײַט, דעם אַנדערען אויסצובעסערן, בעת אַ דאַנק נאָט, וואָס מען קען אַליין מיט זיך אייסקימען". ער האָט שוין באַלד געוואָלט נעהמען איהם אַרויס־לאָזען, נאָר בעקלערענדיג זיך אַביסעל, האָט ער עס אָבגעלעגט ביז מאָרגען.

דרעלעסאָוו'ן האָט בײַ נאַכט אויפגעוועקט דער קלאַפּ פון איין אומ־געפאַלענעם טיש אין פאָדערהויז, מענשען־קולות און שווערע טריט. ער האָט אָנגעצונדען אַ ליכט און האָט זיך פערוואונדערט צוגעהערט...

— וואַרט, וואַרט, איך וועל דימיטרי איוואַנאָוויטש'ן זאָגען, האָט זאכאר נערערט. אַלבערט האָט עפּיס שטיל געברומט מיט הײַן און ניט בינדיג. דרעלעסאָוו איז פון געלעגער אַראָבגעשפרונגען און מיט דער ליכט אַרויס אין פאָדערציממער. זאכאר איז אין זײַן בלויזען נאַכט־קאָסטיום געשטאַנען נעבען טיר און אלבערט, שוין אין הוט און אין זײַן פּלאַשטש אויף זיך, האָט איהם געוואָלט אָבשטופּען און מיט אַ וויינענדיגען קול געשריען אויף איהם.

— איהר האָט קיין רעכט מיך ניט אַרויסצולאָזען, איך האָב אַ פּאַספּאָרט. איך האָב גאָר ניט פערנומען בײַ אײַך. איהר קענט מיך אַרומ־זיכען. איך וועל צום פּאָליצמייסטער געהן.

-- זײַט אַזוי גוט, דימיטרי איוואַנאָוויטש! האָט זיך זאכאר גע־ווענדעט צו זײַן הערען — און מיט דער פּלייצע די טיר בעשיצענדיג, — זיי זענען בײַ נאַכט אייפגעשטאַנען, געפונען דעם שליסעל אין מײַן פּאַלטאָ און האָבען אייסגעטרינקען אַ פולען גראַפין זיסע בראַנפען. איז עס דען גוט אַזוי? און איצטער ווילען זיי אַוועקגעהן, איהר האָט ניט געהייסען און דאַריבער קען איך זיי ניט אָבלאָזען.

אַלבערט, דערזעהענדיג דרעלעסאָוו'ן, איז ער נאָך שטאַרקער צו־געשטאַנען צו זאכאר'ן:

— קיינער קען מיך ניט האַלטען! מען האָט קיין רעכט ניט! האָט ער אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געשריען.

— טרעט אָב, זאכאר, האָט דרעלעסאָוו געזאָגט: — איך וויל אײַך ניט פערהאַלטען און איך קען עס ניט, נאָר איך וואָלט אײַך ראַטהען בלײַבען ביז מאָרגען, — האָט ער זיך געווענדעט צו אַלבערט'ן.

— קיינער קען מיך ניט פערהאַלטען. איך וועל צום פּאָליצמייס־טער געהן, האָט אַלבערט אַליין שטאַרקער זיך צושריען, ווענדענדיג זיך נאָר צו זאַכאַר'ן און קיין בליק אפילו ניט געבענדיג אויף דעלע־סאָוו'ן — קאַראַאול! האָט ער זיך פּלוצלינג צושריען אויפ'ן הויכען קול.

— וואָס שרייט איהר אַזוי? קיינער האַלט דאָך אייך נישט, האָט זאַכאר געזאָגט עפענדיג די טיר.

אַלבערט האָט אויפגעהערט שרייען. „ס'האָט זיך אייך ניט איינ־געגעבען? איהר האָט מיך געוואָלט פערמאַטערן. ניין!“ האָט ער אליין פאַר זיך געברומט אָנטאָהנדיג די קאַלאָשען, ניט געזעגענדיג זיך, און ריידענדיג עפּיס אַזוינס אינפערשטענדליכעס, איז ער אַרויס פון טיר. זאַכאר האָט איהם צוגעלייכטען ביז צום טויער און האָט זיך אומ־געקעהרט.

געלויבט איז דער אויבערשטער, דימיטרי איוואַנאָוויטש! וואָרום ווי ווייט איז ביז אַנ'עברה צו טאָן, — האָט ער זיך געווענדעט צום „באַרין“: — איצטער בעדאַרף מען די זילבערוואַרג דורכזועהן.

דעלעסאָוו האָט נאָר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און האָט נאָר ניט געענטפערט. איהם האָט זיך לעבעדיג פאָרגעשטעלט די ערשטע צוויי אָבענדען, וועלכע ער האָט פערבראַכט מיט דעם קלעזמער, ער האָט זיך דערמאָנט אָן די לעצטע צוויי טרויעריגע טעג, וועלכע אַלבערט האָט ציליב זיין שולד דאָ פערבראַכט און איבערהייפּט האָט ער זיך דערמאָנט אָן די זיסע געפיהלען, געמישטע פון פערוואונדערונג, ליבע און מיטלייד, וועלכע ס'האָט פון דעם ערשטען בליק אָן דערוועקט אין איהם אָט דער דאָזיגער זאָנדערבאַרער מענש, און ער האָט אויף איהם רחמנות געקריגען. „און וואָס וועט איצטער זיין מיט איהם?“ האָט ער אַ טראַכט געטאָן. אָהן געלד, אָהן וואַרימע מלבושים, איינער אַליין אין דער נאַכט... ער האָט שוין געוואָלט שיקען נאָך איהם זאַכאַר'ן, נאָר ס'איז שוין געווען צו שפּעט.

— ס'איז עפּיס קאַלט אויף דער גאַס? האָט דעלעסאָוו געפרעגט.

— אַ שטאַרקער פראָסט, דימיטרי איוואַנאָוויטש, האָט זאַכאר גע־ענטפערט: — איך האָב אייך פערגעסען צו מעלדען, אַז ביז ווענסנע וועט מען נאָך בעדאַרפען האָלץ קויפען.

— ווי קומט עס, האָסט דאָך געזאָגט, אַז ס'ועט נאָך איבערבלייבען ?

———————

## VII.

איף דער גאַס איז טאַקי געווען גיט קאַלט, נאָר אַלבערט האָט ניט געשפּירט קיין קעלט — אַזוי האָט ער זיך צוהיצט פון דעם בראַנפען, וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, און פון דער מחלוקת.

אַרויסגעהענדיג אויף דער גאַס, האָט ער זיך אַרומגעקוקט און האָט מיט שמחה געריבען די הענד. די גאַס איז שוין געווען לער, נאָר די לאַנגע שורה לאַמטערנעס האָט נאָך געלויכטען מיט רויטע פייערען. דער הימעל איז געווען לויטער און אויסגעשטערענט. „וואָס?“... האָט ער זיך געווענדעט צום ליכטיגען פענסטער אין דעלעסאָיס וואוינונג. און פערשטעקענדיג די הענד אונטער דעם מאַנטעל און די הויזען=קעשענעס, האָט ער זיך אויסגעבייגען איף פאָרענט און מיט שווערע, ניט זיכערע טריט האָט אַלבערט זיך געלאָזט געהן מיט דער גאַס איף רעכטס. ער האָט געשפּירט אין די פיס און אין מאָגען עפּיס אַ אינגעהייערע שווערקייט, און קאָפּ האָט איהם עפּיס געריישט, אַ אומזיכטבאַרע קראַפט האָט איהם געשטויסען איף רעכטס און איף לינקס, נאָר ער איז אַלץ געגאַנגען פאָרווערטס, און דער ריכטונג צו אַננא איוואַנאָוונאַ. און קאָפּ בייא איהם האָבען זיך אומגעפּלאָנטערט מאָדנע, ניט קיין בינדיגע געדאַנקען. דאָ האָט ער זיך דערמאָנט און זיין לעצטען קאָנפליקט מיט זאַבאַר'ן און דאָ עפּיס דעם ים און זיין ערשטע רייזע מיט'ן שיף קיין רוסלאַנד, דאָ עפּיס און אַ גליקליכער נאַכט, וועלכע ער האָט מיט זיינעם אַ גוטען ברודער פערבראַכט און קרעטשעל, נעבען וועלכער ער איז פאַרבייגעגאַנגען; פּליצלונג האָט בייא איהם און געדאַנק געגומען זינגען עפּיס אַ בעקאַנטער איהם מאָטיוו און ער האָט זיך דערמאָנט די סבה פון זיין ליידענשאַפט און די שרעקליכע נאַכט, וואָס ער האָט פערבראַכט און טעאַטער.

נאָר ניט קוקענדיג איף דער ניט=גאַנצקייט פון די געדאַנקען,

דאָך זענען אַלע זיינע זכרונות פאַר איהם אַזוי קלאָר און דייטליך אויס־געקומען אין זיין פאַנטאַזיע, אַז פערמאַכענדיג די אויגען האָט ער ניט געקענט אונטערשיידען, וואָס איז מעהר געווען אין דער ווירקליכקייט: צו דאָס, וואָס ער האָט געטאָן, אָדער דאָס, וועגען וואָס ער האָט געטראַכט? ער האָט ניט געדענקט און ניט געפיהלט, ווי ער האָט זיינע פיס גע־שטעלט, ווי ער האָט זיך וואַקלענדיג אין דער וואַנד אָבגעשלאָגען און ווי אַזוי ער איז איבערגעגאַנגען פון איין גאַס אין דער צווייטער. ער האָט נאָר געדענקט דאָס, וואָס עס האָט זיך איהם וואונדערליך איבער־געמישט און צונויפגעפּלאָנטערט פאַרגעשטעלט.

דורכגעהענדיג די מאַלאַיאַ מאָרסקאַיאַ האָט ער זיך פערטשעפּעט און איז אומגעפאַלען. קומענדיג צו זיך אויף אַן׳איינגענבליק האָט ער דערזעהן פאַר זיך עפּיס אַמיראָ׳דיג גרויסען און פּרעכטיגען בנין און ער האָט זיך געלאָזט געהן ווייטער. אויפ׳ן הימעל איז קיין איין שטערען ניט געווען, ניט קיין בענינען־ליכט און ניט קיין לבנה, נאָר אַלע געגענ־שטאַנדען האָבען זיך קלאָר אַרויסגעזעהן. אין די פענסטער פון דעם געביי, וועלכער האָט זיך אַרויסגעהויבען אין עק גאַס, האָבען זיך גע־לויכטען פייערען, און די פייערען האָבען זיך געווינקט, ווי עפּיס אַן׳אָבּ־שפּיגלונג. דאָס הויז איז אַלין דייטליכער און קלערער אויסגעוואַקסען פאַר אַלבערט׳ן. נאָר די פייערען זענען פערשוואונדען ווי נאָר אַלבערט איז אַריין אין די ברייטע טירען, און אינוועניג איז געווען פינסטער. איינזאַמע טריט האָבען זיך קלינגענדיג געלאָזט הערען אונטער די גע־וועלבען און עפּיס שאָטענס, שאַרענדיג זיך, זענען אַנטלאָפען ווי נאָר ער האָט זיך דערנעהנטערט.

נאָך וואָס בין איך אַהער אַריינגעקומען? האָט אַלבערט געקלערט: נאָר עפּיס אַ אונמענשליכער כח האָט איהם געצויגען אַלין פאָראויס אין דער טיפעניש פון דעם זאַל... דאָרט איז געווען געמאַכט אַ בימה און אַרום זענען געשטאַנען שווייגענדיג עפּיס קליינע מענשעלעך. „ווער וועט עס רעדען?״ האָט אַלבערט געפרעגט. קיינער האָט איהם ניט געענט־פערט, נאָר איינער האָט איהם אָנגעוויזען אויף דער בימה. דאָרט אויף דעם העכערען אָרט איז געשטאַנען אַ הויכער מאָגערער מענש מיט גלייכע שטעכעדיגע האָר און אין אַ פילפאַרביגען כאַלאַט. אַלבערט האָט גלייך דערקענט זיין גוטען פריינד פעטראָוו׳ן. „ווי זאָנדערבאַר, וואָס ער איז דאָ אויך פאַרהאַן!״ האָט אַלבערט אַ קלער געטאָן...

„ניין, מיינע ברידער!״ האָט פעטראָוו גערעדט, אָנווייזענדיג עפּיס אויף אימעצען — איהר האָט נישט פערשטאַנען דעם מענשען, וואָס האָט צווישען אײַך געלעבט; איהר האָט איהם נישט פערשטאַנען! ער איז ניט קיין אַרטיסט, וואָס האַנדעלט מיט זיך, ער טהוט ניט מעכאַניש זיין זאַך, ער איז נישט קיין משוגע׳נער, נישט קיין פערלאָרענער מענש. ער איז אַ געניע, אַ גרויסער מוזיקאַלער געניע, וועלכער איז פערלאָרען געגאַנגען צווישען אײַך, איהר, וועלכע האָט איהם נישט בעמערקט און נישט אָפּגעשאַצט״. אַלבערט האָט גלייך פערשטאַנען, וועגען וועמען זיין פריינד רערט, נאָר ניט וועלענדיג איהם שטערען, האָט ער פון בעשיידענהייט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

„ער איז ווי אַ שטרויעלע פערברענט געוואָרען פון דעם הייליגען פייער, צו וועלכען מיר אַלע דינען״, — האָט די שטימע ווייטער גערעדט, — נאָר ער האָט אויסגעפילט אַלץ, וואָס איהם האָט גאָט אַליין אויפגעגעבען און אין איהם אַרייגעלעגט, דעריבער בעדאַרף מען איהם רופען דער גרויסער מענש. איהר האָט געקענט איהם פעראַכטען, מאַטערען, ערני־דריגען איהם — האָט די שטימע אַלץ העכער און העכער גערעדט — „נאָר ער איז געווען און איז און וועט זיין גאָר אָהן שיעור העכער פון אײַך אַלעמען. ער איז גליקליך, ער איז אַ גוטער, ער ליבט אַלעמען גלייך, אָדער ער פערהאַסט אַלעמען גלייך; און דינען דינט ער נאָר צו דעם, וואָס איז פון אויבען אין איהם אַרייגעגאָסען געוואָרען. ער ליבט נאָר איינס — די שענהייט, דאָס איינציגע, אָהן צווייפעל, גליק אויף דער וועלט. אָט ווער ער איז! מיט׳ן פּנים צו דער ערד פאַלט אַלע פאַר איהם! כּורעים!״ — האָט ער הויך אויסגעשריען.

נאָר באַלד האָט אַ צווייטע שטימע שטיל אָנגעהויבען רעדען פון דעם צווייטען עק זאַל — „איך וויל פאַר איהם קיין כּורעים ניט פאַלען״ האָט גערעדט די שטימע, און וועלכער אַלבערט האָט גלייך דערקענט די שטימע פון דעלעסאָוו׳ן — „מיט וואָס איז ער עס אַזוי גרויס? און פאַר וואָס בעדאַרף מען זיך בויגען פאַר איהם? צי האָט ער זיך דען אויפגעפיהרט אָנשטענדיג און אָרענטליך? צי האָט ער דען געבראַכט נוצען דער געזעלשאַפט? צי מיר ווייסען ניט, ווי אַזוי ער האָט געלד געליהען און ניט אָבגעגעבען, ווי אַזוי ער האָט אַוועקגעטראָגען זיין פריינדס פידעל און האָט זי פערזעצט? (גאָט מיינער! ווי ער ווייס עס אַלץ, האָט אַלבערט אַ קלער געטאָן און נאָך נידריגער דעם קאָפּ אַראָבּ־

געלאָזען). צי ווייסען מיר ניט, ווי אַזוי ער האָט גע׳חנפ׳עט די נידריגסטע מענשען, צוליב געלד האָט ער זיי גע׳חנפ׳עט?״ האָט דרעלעסאָוו ווייטער גערעדט. — „צי מיר ווייסען ניט, ווי אַזוי מען האָט איהם פון טעאַטער אַרויסגעטריבען? ווי אַזוי אַננאַ איוואַנאָווגאַ האָט געוואָלט איהם פּאָליציי איבערגעבען?״ — (גאָט מיינער! דאָס איז דאָך אַלץ אמת, האָט אַלבערט צו זיך גערעדט, נאָר נעהם זיך דו אָן פאַר מיר — דו איינער ווייסט דאָך, פאַר וואָס איך האָב עס געטאָן).

— „גענוג, שעמט אייך, האָט ווייטער אָנגעהייבען רעדען פּעטראָווס שטימע. — וואָס פאַר אַ רעכט האָט איהר איהם צו בעשילדיגען? צי האָט איהר געפרובט לעבען ווי ער האָט געלעבט? צי האָט איהר איבערגעלעבט זיין שמחה? (אמת, אמת! האָט אַלבערט געשעפּטשעט) די קונסט, דאָס איז די העכ־סטע ערשיינונג פון דעם מענשענס כח. זי ווערט געגעבען פאַר זעלטען אויס־דערוועהלטע און זי הויבט אויף דעם אויסדערוועהלטען צו אַזאַ הויכער מדרגה, וואו דער קאָפּ הויבט אָן צו שווינדלען און מען קען זיך דאָרט גאָר, זייענדיג געזונד, ניט אויפהאַלטען. און דער קונסט, ווי און יעדער שטרייט, זענען פאַרהאַנען העלדען, וואָס גיבען זיך איננאַנצען איבער זייער חיב, און געהען פערלאָרען נים דערגרייכענדיג צום ציעל״.

פּעטראָוו איז שטיל געבליבען און אַלבערט האָט אויפגעהייבען זיין קאָפּ און האָט הויך אויסגעשריען: „ס׳איז אמת! אמת!״ נאָר זיין קול איז ווי געשטאָרבען אָהן אַ אָבקלאַנג.

— „דאָס איז ניט אייער עסק, האָט שטרענג זיך צו איהם גע־װענדעט דער מאַלער פּעטראָוו. — איהר קענט איהם פעראַכטען, ער־נידערען, האָט ער ווייטער גערעדט — נאָר פון אייך אַלעמען איז ער דער בעסטער און דער גליקליכסטער!״

אַלבערט׳ס נשמה האָט גליק איבערפילט הערענדיג די דאָזיגע ווערטער; ער האָט ניט אויסגעהאַלטען, ער איז צוגעגאַנגען צו זיין פריינד און געוואָלט איהם אַ קיש געבען.

— „טראָג זיך פון דאַנען, איך קען דיך ניט, האָט געענטפערט פּעטראָוו: — געה דיר דיין וועג ווייטער, וואָרום אויב ניט, וועסטו נישט דערגעהן״.

— זעה נאָר, ווי ס׳האָט איהם דורכגענומען! וועסט ניט דערגעהן,

האָט צו איהם אַ געשריי געטאָן דער וועכטער, וואָס איז געשטאַנען וואו די גאַסען צושיידען זיך.

אַלבערט האָט זיך אָבגעשטעלט. ער האָט אַלע כחות אָנגעווענדט אין בעמיהט ניט צו וואַקלען זיך, און האָט פאַרקירעוועט אין הינטער־געסיל.

צו אַננאַ איוואַנאָוונאַ איז נאָך געבליבען בלויז עטליכע טריט. דורך דעם פאָרהויז פון איהר שטוב האָט זיך אַרויסגעריסען אַ ליכטיגע שיין און געפאַלען אויף דעם שניי פון הויף. און נעבען פערטיל זענען געשטאַנען שליטענס און קאַרעטעס.

אָנכאַפּענדיג זיך מיט די געפרוירענע הענד פאַר דעם פאַרענטש, איז ער אַרויפגעלאָפען אויף די טרעפ און האָט אָנגעקלינגען.

דאָס פערשלאָפענע געזיכט פונ'ם דינסט־מיידיל האָט זיך אַרויסגערוקט פון דער אָפענער טיר און בייז אַ קוק געגעבען אויף אַלבערט'ן.

— מען טאָר ניט - - האָט זי אַ געשריי געטאָן — מען האָט נישט געהייסען אַריינלאָזען.

און זי האָט די טיר פערקלאַפּט. אויף די טרעפ אַרויס האָט זיך דערטראָגען קלאַנגען פון מוזיק און פרויען־שטימען. אַלבערט האָט זיך געזעצט אייפ'ן פאָל, האָט זיך צוגעבויגען מיט'ן קאָפּ צום וואַנד און האָט פערמאַכט די אויגען. אין דעם מאָמענט האָט איהם אַ מעננגע פרעהליכע, ניט קיין בינדיגע חלומות ווידער פון אַלע זייטען מיט אַ פרישער קראַפט אַרומגענומען, זיי האָבען איהם אויף זייערע וועלען אַרויפגעכאַפּט און האָבען איהם געטראָגען אין דער פרייער וואונדערשענער וועלט פון חלומות. „יאָ, ער איז דער בעסטער און דער גליקליכסטער!“ האָט זיך ניט חילענדיג איבערגע'חזר'ט אין זיין פאַנטאַזיע. דורכ'ן טיר האָבען זיך דערטראָגען קלאַנגען פון אַ פּאָלקע. די דאָזיגע קלאַנגען האָבען אויך געזאָגט, אַז ער איז דער בעסטער און דער גליקליכסטער. „נאָר איך וועל ווידער געהן אין זאַל אַריין, האָט ער געטראַכט. פעטראָוו בעראַרף מיר נאָך זעהר פיל זאָגען“. אין זאַל איז שוין קיינער ניט געווען און אויף דער בימה איז אָנשטאָט פעטראָוו דעם מאַלער, געשטאַנען ער, אַלבערט אַליין — און ער האָט אַליין אויסגעשפּילט אויף דער פידעל דאָס, וואָס פריהער האָט גערעדט די שטימע. נאָר די פידעל איז עפּיס מאָדנע

געמאַכט געווען ; זי איז אינגאַנצען געווען געמאַכט פון גלאָז. און איהר האָט מען בעדאַרפט אַרומנעהמען מיט ביידע הענע און לאַנגזאַם איהר צודריקען צום ברוסט, כדי זי זאָל פון זיך די קלאַנגען אַרויסגעבען. די טענער זענען געווען אַזוינע צערטליכע, אַזוינע וואונדערשענע, וועלכע אַלבערט האָט קיין מאָל אין לעבען ניט געהערט. וואָס שטאַרקער ער האָט צום הארצען די פידעל געדריקט, אַלץ פרעהליכער און ליבער איז איהם געוואָרען. וואָס העכער די טענער האָבען געקלונגען, אַלץ שנע־לער זענען די שאָטענס פון זאַל אַנטלאָפען און אַלץ מעהר און מעהר האָבען זיך בעלויכטען די ווענד פונ'ם זאַל מיט אַ העלער דורכזיכטיגער ליכטיגקייט. נאָר מען האָט געדאַרפט זעהר פאָרזיכטיג שפּילען אויף דער פידעל, מען זאָל זי ניט צודריקען, אַלבערט האָט געשפּילט אויף דעם גלעזערנעם אינסטרומענט זעהר פאָרזיכטיג און גוט. ער האָט געשפּילט אַזעלכע זאַכען, וואָס ער האָט געשפּירט, אַז קיינער וועט זיי קיין־מאָל ניט הערען. ער האָט שוין אָנגעהויבען מיעד צו ווערען, נאָר עפּיס אַ ווייטער שטילער קלאַנג האָט איהם אויפגעוועקט. דאָס איז געווען דער קלאַנג פון אַ קירכען־גלאָק ; נאָר דער קלאַנג האָט גערעדט מיט ווערטער: „יאָ" — האָט גערעדט דער גלאָק אין געקלונגען ערגיץ ווייט און הויך — „ער ווייזט זיך אייך אויס נידריג און אָרים, איהר פעראַכטעט איהם, נאָר ער איז דער בעסטער און דער גליקליכסטער ! קיינער וועט קיין מאָל מעהר ניט שפּילען אויף דעם אינסטרומענט"...

אָט די בעקאַנטע ווערטער האָבען אַלבערט'ן גאָר אינגעריכט אויס־געזעהן אַזוי קלוג און וואַהרהאַפטיג, דאָס ער האָט אויפגעהערט צו שפּילען. און אָנשטרענגענדיג זיך ניט צו מאַכען קיין בעוועגונג, האָט ער אויפגע־הויבען די הענד און די אויגען צום הימעל. ער האָט זיך געשפּירט זעהר וואויל און איבערגליקליך. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אין זאַל איז קיינער ניט געווען, דאָך האָט אַלבערט אויסגעברייט זיין ברוסט, שטאָלץ אויפגעהויבען זיין קאָפּ און איז געשטאַנען אויף דער בימה אַזוי, אַז אַלע זאָלען איהם אַרויסזעהן. פּלוצלינג האָט עמיצענס אַ האַנד איהם אָנגע־ריהרט זיין פּלייצע ; ער האָט זיך אימגעקוקט אין דער דונקעלהייט, האָט ער בעמערקט אַ פרויענצימער, זי האָט טרויעריג געקוקט אויף איהם און האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, ווי אויף ניין. ער האָט באַלד עטוואָס פערשטאַנען, אַז דאָס, וואָס ער האָט געטאָן, איז ניט גוט געווען, און איהם איז געוואָרען אַ שאַנדע אַליין פאַר זיך.

„וואוהין־זשע ?" האָט ער ביי איהר געפרעגט. זי האָט נאָך איין

מאָל לאַנג און שאַרף אַ קוק געגעבען אויף איהם און האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ. דאָס איז זי געווען, זי די זעלביגע, וועלכע ער האָט אַזוי ליב. און די קליידער אויף איהר זענען אויך די אייגענע געווען; איהר פּולען ווייסען האַלז האָט אַ שנירעל פּעריל אַרומגענומען און איהרע פּרעכטיגע הענד זענען געווען אָבגעדעקט ביז איבער דעם עלענבויגען. זי האָט איהם אָנגענומען פאַר'ן האַנד און האָט איהם אַרויסגעפיהרט פון זאַל אַרויס. „די אַרויסגאַנגס-טיר איז פון יענער זייט" האָט אַלבערט געזאָגט; נאָר זי האָט איהם ניט געענטפערט און האָט איהם אַרויסגעפיהרט פון זאַל אַרויס. אויפ'ן שוועל פון זאַל האָט אַלבערט דערזעהן די לבנה און אַ וואַסער. נאָר דאָס וואַסער איז ניט געווען אינטען, ווי ס'איז געוועהנליך, און די לבנה איז ניט געווען אויבען: אַ ווייסער קרייז אויף איין אָרט, ווי עס איז געוועהנליך שטענדיג. דאָס וואַסער מיט דער לבנה זענען געווען אינאיינעם און אומעדום: סיי אויבען, סיי אונטען, סיי ביי די זייטען און אַרום זיי ביידען. אַלבערט האָט זיך צוזאַמען מיט איהר אַריינגעוואָרפען אין דער לבנה און וואַסער אַריין און ער האָט פערשטאַנען, אַז איצטער מעג ער אומאַרמען די, וועלכע ער האָט געליבט שטאַרקער פון אַלץ אויף דער וועלט: ער האָט זי אומאַרעמט און האָט דערשפּירט אַ אונערטרעגליכעס גליק. „צו קומט עס ניט פאָר אין חלום?" האָט ער אַליין ביי זיך געפרעגט, נאָר ניין! דאָס איז געווען די ווירקליכקייט. דאָס איז נאָך געווען מעהר ווי די ווירקליכקייט. דאָס איז געווען די ווירקליכקייט און די ערינערונג. ער האָט דערשפּירט, אַז דאָס אונגלויבליכע גליק, פון וועלכען ער האָט אַזוי פיל תּענוג געהאַט אין דער איצטיגער מינוט, איז שוין פאַרביי און קיין מאָל וועט זיך עס שוין צו איהם ניט צוריקקעהרען. „איבער וואָס-זשע וויין איך?" האָט ער ביי איהר געפרעגט. זי האָט שווייגענדיג מיט אַ טרויער-בליק אַ קוק געטאָן אויף איהם. אַלבערט האָט פערשטאַנען, וואָס זי האָט געוואָלט זאָגען דערמיט. „וואָס הייסט, איך לעב דאָך" האָט ער אַרויסגעזאָגט. זי האָט ניט געענטפערט. אונבעוועגליך האָט זי געקוקט אויף פאָרוועררטס. „דאָס איז דאָך שרעקליך! ווי ערקלערט מען איהר, אַז איך לעב" — האָט ער מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן. — גאָט מיינער! איך לעב דאָך, פערשטעהט דאָך מיך" האָט ער געשעפּטשעט...

„ער איז דער בעסטער און דער גליקליכסטער", האָט אַ שטימע גערעדט. נאָר עפּיס האָט אַלבערט'ן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געדריקט. צו איז עס געווען די לבנה מיט'ן וואַסער, איהר אומאַרמונג,

אָדער טרערען — ער האָט ניט געוואוסט, נאָר ער האָט געשפּירט, אַז ער וועט ניט קענען אַרויסזאָגען דאָס אַלץ, וואָס ער בעדאַרף, און אַז באַלד, באַלד ענדיגט זיך אַלץ.

צוויי געסט, וועלכע זענען אַרויסגעגאַנגען פון אַננאַ איוואַנאָוונאַ, האָבען זיך אָנגעשלאָגען אויף אַלבערט'ן, וועלכער איז געלעגען אויסגע־צויגען אויפ'ן שוועל. איינער פון זיי האָט זיך אומגעקערט און האָט אַרויסגערופען די ווירטין.

— דאָס איז דאָך אונמענשליך, האָט ער געזאָגט, איהר האָט דאָך אַזוי געקענט דערפרוירען אַ מענשען.

— אַך, דאָס איז שוין ווידער אַלבערט — אָט וואו ער האָט זיך אַוועקגעוועצט — האָט די ווירטין געענטפערט: — אַנישקאַ! לעגט איהם ערגעץ אַנידער אין צימער, האָט זי זיך צו דער דינסט געווענדעט.

— איך לעב דאָך נאָך, פאַר וואָס בעגראָבט איהר מיך? האָט אַלבערט געמורמעלט אין דער צייט ווען מען האָט איהם אַ האַלב־טויטען געטראָגען אין צימער אריין.

# א שנײ־שטורם.

(ערצעהלונג).

(יאָהר 1856).

# א שניי־שטורם.

(ערצעהלונג).

I.

אַ זייגער זיבּען אין אָבענד, נאָך דעם ווי כ'האָבּ זיך מיט טיי אָנגעטרונקען, בּין איך אַרויסגעפאָהרען פון דער סטאַנציע, כ'געדענק שוין אַליין ניט ווי זי האָט געהייסען, איך געדענק נאָר, אַז דאָס איז געווען אין דאָן'ער געגענד ערגעץ אַרום נאָוואָ-טשערקאַסק. ס'איז שוין געווען פינסטער, ווען כ'האָבּ מיר גוט אַיינגעוויקעלט אין אַ פּעלץ און צוזאַמען מיט אַליאָשקען אין שליטען אַריינגעזעצט. הינטער דעם געבּיי פון דער סטאַנציע האָט זיך געדראַכט, אַז ס'איז גאַנץ שטיל אויף דער גאַס. חאָטש קיין שניי איז ניט געפאַלען, דאָך האָט זיך פון אויבּען קיין איין שטערען ניט געזעהן און דער הימעל האָט זיך אויסגעוויזען זעהר נידריג און שוואַרץ אין פערגלייך מיט דער ריינער, ווייסער שנעעדיגער ווייטקייט, וואָס האָט זיך פאַר אונז געצויגען.

קוים אויסמיידענדיג די טונקעלע פיגורען פון די ווינטמילען, פון וועלכע אייגע האָט אומגעלומפּערט געמאַכט מיט איהרע גרויסע פליגלען, און אַרויספאָהרענדיג הינטער דער סטאַנציע, האָבּ איך בּעמערקט, אַז דער וועג איז געוואָרען שווערער, פערשאָטענער, דער ווינט האָט שטאַרקער גענומען בּלאָזען מיר אין דער לינקער זייט, אָבּטראָגענדיג אָן אַ זייט די ווידלען און די גריוועס פון די פערד, און מיט עקשנות אויפגעהויבּע און געטראָגען דעם שניי, וואָס די פּלאָזעס און די פערדישע טריט האָ־בּן צוהאַקט. דאָס גלעקיל האָט אָנגעהויבּען פערטויבּט צו ווערען, אַ שטראָם קאַלטע לופט האָט זיך ערגעץ דורך אַ שפּעלטיל

אַריינגעריסען אין אַרבעל אַריין און פון דאָרט אונטער׳ן פּלייצע און מיר איז דורכגעלאָפען אַ גערעאַנק אין קאָפּ, אַז כ׳האָב בעדאַרפט פאָלגען דעם אויפזעהערס עצה, בעסער ניט צופאָהרען אים ניט צובלאָנדזשען אַ גאַנצע נאַכט און ניט פערפרוירען ווערען ערגעץ אין וועג.

— וואָלטען מיר כאָטש ניט פערבלאָנדזשען, האָב איך צום אָנטרייבער געזאָגט. נאָר, ניט בעקומענדיג קיין ענטפער, האָב איך שאַרפער איבערגעפרעגט: — נו, וואָס, מיר וועלען דערפאָהרען ביז אַ סטאַנציע, האַ? וועלען מיר נאָר ניט פערבלאָנדזען?

— גאָט ווייסט, — האָט ער געענטפערט, ניט אָבקערענדיג דעם קאָפּ, — וואָס עס טהוט זיך אַרום אין אַרום, נישט צוזעהן דעם וועג. טאַטע־פאָטער אין הימעל!

— דו זאָג בעסער, צי האָסטו אַ האָפנינג אונז צו דערפיהרען ביז אַ סטאַנציע אָדער ניין? — האָב איך ווידער געפרעגט. — צו וועלען מיר דערפאָהרען?

— כ׳מיין, מיר וועלען דערפאָהרען — האָט דער אָנטרייבער געזאָגט, ער האָט נאָך עפּיס גערעדט, נאָר צוליב דעם ווינט איז שווער געווען צוהערען.

אומקערען זיך האָב איך קיין חשק ניט געהאַט, נאָר בלאָנדזשען אַ גאַנצע נאַכט אין אַ פראָסט און אין אַ זאַווערוכע אין דעם פרייען סטעפּ, ווי דאָ איז אין דעם געגענד, האָט זיך מיר אויסגעוויזען זעהר ניט פרעהליך. און דערצו נאָך, כאָטש כ׳האָב אין דער פינסטער גוט ניט געקענט אַרומקוקען דעם אָנטרייבער מיינעם, נאָר ער איז מיר עפּיס ניט געפעלען געווען און כ׳האָב צו איהם קיין ציטרוי ניט גע־האַט. ער איז געזעסען מיט די פיס אין מיטען און ניט ביי דער זייט, ווי אָנטרייבערס זענען זיך נוהג, דער וואוקס זיינער איז געווען עפּיס אַ צוגרויסער, זיין שטימע אַנ׳אָבגעלאָזענע, זיין היטעל עפּיס גאָר ניט קיין אָנטרייבערשע, אַ גרויסע — וועלכע איז איהם אימגעפּאָהרען אויפ׳ן קאָפּ אויף אַלע זייטען, און די פערד האָט ער אָנגעטריב׳ן עפּיס ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין, די לייצעס האָט ער געהאַלטען אין ביידע הענד ווי עפּיס אַ לאָקיי, וואָס האָט זיך אויף די קאָזלעס געזעצט אָנשטאָט דעם קוטשער, — און איבערהויפּט האָב איך צו איהם קיין ציטרוי ניט געהאַט דערפאַר, וואָס זיינע אייערען זענען געווען אַרומגעבונדען מיט עפּיס אַ טיכיל. מיט איין וואָרט, ער איז מיר ניט געפעלען געווען און

ווי עפּיס ניט קיין הימליכעס האָט מיר צוגעזאָגט אָט די ערענסטע איינגעהאָרבעטע פּלייצע זיינע, וועלכע האָט געשטאַרצט אַנטקעגען מיר.

— איך מיין, אַז מען בעדאַרף זיך אומקעהרען, — האָט זיך אַליאָשקע אָבגערופען, — וואָס פאַר אַ פערגעניגען צו בלאָנדזען אַ גאַנצע נאַכט!

— טאַטע־פאָטער אין הימעל! וואָס פאַר אַ שניי־שטויב עס טראָגט! גאָרנישט צו זעהן, אינגאַנצען די אויגען פערשאָטען... טאַטע־פאָטער! האָט דער אָנטרייבער געבורטשעט.

מיר זענען נאָך קיין פערטיל שעה ניט אָבגעפאָהרען, און דער אָנטרייבער האָט אָבגעשטעלט די פערד, די לייצעס האָט ער איבער־געגעבען אַליאָשקען און אַליין האָט ער אומגעלומפּערט זיינע פיס פון וואָגען אַראָבגעשטעלט אין, קנאַקענדיג מיט די גרויסע שטיוועל איבער'ן שניי, איז ער אַוועק דעם וועג זוכען.

— וואָס איז? וואוהין געהסטו? מיר האָבען שוין פערבלאָנדזשעט, צו וואָס? האָב איך געפרעגט, נאָר דער אָנטרייבער האָט מיר ניט גע־ענטפערט, און אָבקעהרענדיג אין אַ זייט זיין געזיכט פונ'ם ווינד, וואָס האָט איהם די אייגען געשניטען, איז ער אָבגעגאַנגען פון דעם שליטען.

— נו, וואָס? געפינען? האָב איך געפרעגט, ווען ער האָט זיך אומגעקעהרט.

— נישטאָ, גאָרנישט, — האָט ער מיר פּלוצלינג געזאָגט אונגע־דולדיג און מיט פערדרוס, גלייך ווי איך וואָלט געווען שולדיג אין דעם, וואָס ער האָט זיך פון וועג אַראָבגעשלאָגען. און פּאַמעליך האָט ער צוריק אַריינגערוקט זיינע גרויסע פיס אינ'ם פאָדערשטען טייל פון שליטען און האָט זיך גענומען קלייבען מיט זיינע פערפרוירענע הענדשקעס צווישען די לייטשעס.

— וואָס־זשע וועלען מיר מאַכען? האָב איך געפרעגט, נאָך דעם ווי מען האָט זיך ווידער פון אָרט גערידהרט.

— וואָס קען מען מאַכען! מיר וועלען פאָהרען, ווי גאָט וועט געבען.

און מיר האָבען זיך געלאָזט ווייטער שוין ניט מיט קיין שנעלען געלויף, אָט ווי ס'האָט זיך געלאָזט, אַ מאָל טיף אין דעם אָנגעשאָטע־נעם שניי און אַ מאָל איבער דער הוילער ערד געפאָהרען.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ס'איז געווען גאַנץ קאַלט, איז דער שניי אויף מיין קאָלנער שנעל צוגאַנגען געוואָרען; אונטען איז די זאַווערוכע אַלץ שטאַרקער געוואָרען און פון אויבען האָט גענומען שיטען שיטער אַ טרוקענער שניי.

ס'איז קלאָר געווען, אַז מיר פאָהרען, גאָט אַליין ווייסט וואו, ווייל ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיר האָבען שוין ווידער געהאַט אָבּ־געפאָהרען בײ אַ פערטיל שעה, דאָך האָבען מיר ניט בּעגעגענט קיין איין וויאָרסט־סלופּ.

— נו וואָס, ווי מיינסטו, מיר וועלען זיך דערקלייבען ביז אַ סטאַנציע? האָב איך ווידער בּיים אָנטרייבּער געפרעגט.

— בּיז וועלכער? צוריק וואָלטען מיר זיך יאָ אפשר געקענט דערקלייבען, ווען מען זאָל פריי לאָזען די פערד: זיי וועלען בּרענגען צופיהרען; נאָר צו יענער וויים איך נישט... מען קען נאָך גאָר אומקומען.

— נו, לאָמיר פאָהרען צוריק — האָב איך געזאָגט — און אין אמת'ן...

— הייסט עס, זאָל מען זיך אומקעהרען? האָט דער אָנטרייבּער איבערגעפרעגט.

— יאָ, פערקירעווע צוריק.

דער אָנטרייבּער האָט אָבּגעלאָזען די לייטשעס. די פערד האָבען שנעלער גענומען לויפען, און כאָטש כ'האָב ניט בעמערקט, אַז מיר זאָלען זיך אויסקערעווען, נאָר דער ווינד האָט זיך אומגעביטען און באַלד האָבען זיך דורכ'ן שניי בעוויזען די מיהלען. דער אָנטרייבּער איז מוטיגער געוואָרען און האָט אָנגעהייבען צו רעדען.

— אַנומעלט האָבען מיר זיך אויך אין אַ זאַווערוכע אומגעקעהרט פון דער אייגענער סטאַנציע — האָט ער געזאָגט — האָבען מיר אין די סטאָגעס גענעכטיגט. ערשט אין דער פריה האָבען מיר זיך אומגעקעהרט. נאָך אַ דאַנק גאָט וואָס מיר האָבען זיך צו די סטאָגעס פערקליבען, אַז

נישט ויאָלטען מיר אַלע צופרייערן געוואָרען — אַ קעלט געוועזן. און דאָס האָט אויך איינער די פיס אָבגעפראָרען, — גאַנצע דריי וואָכען איז ער שיער פון זיי נישט געשטאָרבען.

— איצטער איז ניט קאַלט און ס׳איז שטילער געוואָרען — האָב איך געזאָגט, — אפשר וועלען מיר דאָך פאָהרען?

— וואַרימער איז טאַקי וואַרימער, נאָר עס דרעהט. איצטער פאָהרען מיר צוריק. דאַכט זיך, אַז ס׳איז גרינגער; נאָר עס דרעהט שטאַרק. עפּיס אַ שפּילכעל, מען קען דעם פּאַסאַזשיר דערפרווירען און דערנאָך ווי אַזוי צאָהלט מען זיך אויס פאַר איהם?

II.

אין דער זעלבער צייט האָבען זיך הינטער אונז דערהערט גלעקלעך פון עטליכע „טראָיקעס״, וועלכע האָבען אונז שנעל אָנגעיאָגט.

— דאָס איז דער קיריערסקער גלאָק, — האָט מיין אָנטרייבער געזאָגט — איין גלאָק אַזוינער איז פאַרהאַנען אויף דער סטאַנציע.

אין ווירקליך דאָס גלעקעל פון דער פאָדערשטער טראָיקע, וועלכענס קלאַנג ס׳האָט זיך דייטליך דערטראָגען מיט׳ן ווינד, איז געוועזן אויסנאַמליך גוט: ער איז געוועזן אַזאַ קלאָרער, קלינגענדיגער, אַ באַסקלאַנג און אַ ביסעל מיט אַ ציטער. ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז עס געוועזן אַ יעגערשע איינריכטונג: דריי גלעקלעך — איינער אַ גרויסער אין מיטען מיט אַ העלען קלאַנג און צוויי קלענערע ביי די זייטען. און אין דעם קלאַנג זייערען איז געוועזן צוגעקליבען אַ טערצע. דער קלאַנג פון דער טערצע אין די ציטערדיגע קווינטע, וועלכע ס׳האָט זיך אין דער לופט אָבגערופען, זענען געוועזן גאָר אונגעוועהנליך, איבערראַשענד און עפּיס מאָדנע גוט אין דעם וויסטען, טיעפען סטעפּ.

— דאָס לויפט די „פּאָשט״, — האָט מיין אָנטרייבער געזאָגט, ווען די פאָדערשטע פון די דריי טראָיקעס האָט זיך אויסגעגלייכט מיט אונז. — ווי איז דער וועג? מען קען דערפאָהרען? האָט ער אַ געשריי

געטאָן צום הינטערשטען אָנטרייבער ; נאָר יענער האָט בלויז אַ געשריי געטאָן צו די פערד און האָט איהם ניט געענטפערט.

דער קלאַנג פון די גלעקלעך איז שנעל מיט ווינד פערטויבט גע־וואָרען, ווי נאָר די פּאָטשט האָט אונז אויסגעמיטען.

ווי עס ווייזט אוים, איז דעם אָנטרייבער אינזערען געוואָרען אַ חרפּה.

- - וועלען מיר אפשר, פריין, פאָהרען? האָט ער צו מיר געזאָגט. מענשען זענען דורכגעפאָהרען, איצטער איז דאָך זייער סליאַר נאָך פריש.

איך האָב מסכים געווען און ווידער האָבען מיר זיך איינגעדרעהט מיט׳ן פּנים אַנטקעגען ווינט און מיר האָבען זיך אַוועקגעשלעפּט פאָר־ווערטס איבער׳ן טיפען שניי. איך האָב אָן אַ זייט געקוקט צום וועג, מיר זאָלען זיך ווידער ניט אַראָבשלאָגען פון דעם סליאַר, וואָס די שלי־טענס האָבען הינטער זיך געלאָזען.

אַ וויאָרסט צוויי איז דער סליאַד נאָך געווען גאַנץ דייטליך, דער־נאָך האָט מען נאָך געקענט אַביסעל דערקענען די ניט־גלייכקייט אינטער די פלאָזעס, נאָר באַלד איז שוין אינגאַנצען געוואָרען אוממעגליך אונטערצושיידען, צו דאָס איז אַ סליאַד, אָדער דאָס איז איינפאַך אַ אָנגעגראָבענער סלאָי שניי. די אויגען זענען מיר מיעד און טעמפּ געוואָרען צו קוקען אויף דער ווייסקייט, וועלכע פערשווינדט פון אונטער די פלאָזעס, און כ׳האָב אָנגעהויבען צו קוקען גלייך אַנטקעגען זיך. דעם דריטען וויאָרסט־סליפּ האָבען מיר נאָך בע־מערקט, נאָר צום פערטען האָבען מיר זיך ניט געקענט דערשלאָגען; ווי פריהער זענען מיר געפאָהרען, אַ מאָל אַנטקעגען ווינד און אַ מאָל מיט׳ן ווינד ; אַ מאָל אויף רעכטס און אַ מאָל אויף לינקס, און אַם ענדע זענען מיר געקומען דערצו, אַז דער אָנטרייבער האָט געזאָגט, אַז מיר האָבען זיך אַראָבגעשלאָגען אויף רעכטס. איך האָב געזאָגט, אַז מיר פאָהרען אויף לינקס, און אַליאָשקע האָט דערוויזען, אַז מיר פאָהרען גאָר צוריק. ווידער האָבען מיר זיך עטליכע מאָל אָבגעשטעלט, דער אָנטרייבער האָט אויסגענלייבט זיינע פיס און האָט זיך געלאָזט געהן דעם וועג זוכען, נאָר אומזיסט. איך האָב אויך אַ מאָל געפּריבט געהן אַ קוק טאָן, אויב ס׳איז ניט דער וועג דאָס, וואָס מיר האָט זיך פון ווייטען אויסגעוויזען; נאָר כ׳האָב קוים אַ טריט זעקס געמאַכט אַנטקעגען דעם ווינט און כ׳האָב זיך באַלד איבער־

ציגט, אז איבעראל זעהט זיך ניט מעהר ווי די איינאַרטיגע ווייסע סלאָיען שניי און אַז דעם זעג האָב איך בלויז אין מיין פאָרשטעלונג געזעהן — און כ׳האָב דעם שליטען פון אויג פערלאָרען. איך האָב אָנגעהויבען צו שרייען, רופען: „אָנטרייבער! אַליאָשקע!" נאָר איך האָב געשפירט, ווי דער ווינט כאַפּט מיין שטימע ביי מיר פון מויל אַרויס און פערטראָגט זי ערגעץ אין איין אייגענבליק ערגעץ ווייט פון מיר. איך בין געגאַנגען אַהין וואו דער שליטען איז — נאָר קיין שליטען איז ניט געווען. ס׳איז מיר אַ שאַנדע זיך צו דערמאָנען, מיט וואָס פאַר אַ הייבען שרייענדיגען, וואָאַר פערצווייפעלטען קול איך האָב געשריען „יאַמשטשיק!" און דער צייט וואָס יענער איז געזעסען אינגאַנצען אַ פּאָר טריט ווייט פון מיר. זיין שוואַרצע פיגור מיט׳ן בייטשיל און מיט איין אונגעוועהנליך גרויסע, עט־וואָס אַן אַ זייט אַראָבגערוקטע היטעל, איז פּלוצלינג אַנטקעגען מיר אויס־געוואַקסען. ער האָט מיך צוגעפיהרט צום שליטען.

— נאָך אַ דאַנק דערפאַר, וואָס ס׳איז וואַרים, — האָט ער געזאָגט — ווען אַ כאַפּ טאָן אַ פראָסט — איז שלעכט!... טאַטע־פאָטער אין הימעל!

לאָז אָב די פערד, זאָלען זיי פיהרען צוריק, האָב איך געזאָגט, אַריינגעזעצט זיך צוריק אין שליטען אַריין. זיי וועלען ברענגען צוריק? האַ, אָנטרייבער?

— זיי בעדאַרפען צו־ברענגען.

ער האָט אָבגעלאָזען די לייטשעס, האָט אַ מאָל דריי מיט׳ן בייטש אַ שמיין געגעבען איבער דער „סעדעלקע" דעם מיטעלסטען פערד און מיר זענען ווידער אין ערגעץ אַוועקגעפאָהרען. מיר זענען געפאָהרען ביי אַ האַלבע שעה. פּלוצלינג האָט זיך ווידער געלאָזט הערען דאָס בעקאַנטע יענערשע גלעקעל און נאָך צוויי; נאָר איצטער זענען זיי געפאָהרען אונז אַנטקעגען. דאָס זענען געווען די זעלביגע דריי טראָיקעס, וועלכע האָבען שוין די פּאָסט אָבגעלעגט און פיהרענדיג אויף צוריק פערד, הינטען צוגעבונדענע, האָבען זיי זיך אומגעקעהרט אויף דער סטאַנציע. דער קוריערסקער שפּאַן מיט דריי גרויסע פערד און מיט דעם יענערשען גלע־קעל האָט זיך שנעל פאָרווערטס געטראָגען. אין שליטען איז געזעסען אַ אָנטרייבער אויפ׳ן קעלנע און האָט לעבעדיג אויף די פערד געשריען. הינטען אין מיטען ליידיגען שליטען זענען געזעסען צוויי אָנטרייבער, ס׳האָט זיך געהערט זייער הויכער, פרעהליכער שמועות. איינער פון זיי

האָט געריוכערט אַ ליולקע און אַ פּונק, וואָס האָט זיך אויפ'ן ווינט אָנגע־צונדען האָט בעלויכטען אַ טייל פון זיין געזיכט.

קוקענדיג אויף זיי, איז מיר געוואָרען אַ שאַנדע, וואָס איך האָב מורא געהאַט צופאָהרען, און דער אָנטרייבער מיינער האָט, ווי ס'ווייזט אויס, אויך דאָס איינענע געשפּירט, ווייל מיר האָבען ביידע גלייך זיך אָבגערופען: „לאָמיר פאָהרען נאָך זיי״.

## III.

די לעצטע טראָיקע האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט דורכצופאָהרען און מיין אָנטרייבער האָט אוננעשיקט אָנגעהויבען זיך אויסצוקירעווען און איז מיט די האָלאָבליעס אָנגעפאָהרען אויף די צוגעבונדענע פערד. איין טראָיקע האָט זיך אַ ריס געגעבען, איבערגעריסען די צייס און איז אַוועק־געשפּרונגען אָן אַ זייט.

— זעה נאַר, בלינדער טייוועל! זעהט נישט וואוהין ער קעהרט — גלייך אויף מענשען. טייוועל! — האָט זיך גענימען זידלען מיט אַ הייזע־ריגער שטימע איינער פון די אָנטרייבער, ניט קיין הייכער אַלטיטשקער, אויף וויפיל איך האָב געקענט דערקענען נאָך זיין שטימע און נאָך זיין געביי, זיצענדיג אין דער הינטערשטער טראָיקע; ער איז פלינק אַרויס־געשפּרונגען פון שליטען און געלאָזט זיך לויפען נאָך די פערד, גידלענדיג אויפ'ן וועג ביז אין פרעך מיין אָנטרייבער.

נאָר די פערד האָבען זיך ניט געלאָזען; דער אָנטרייבער האָט זיך געלאָזט נאָך זיי און אין איין מינוט איז דער אָנטרייבער מיט די פערד פערשוואונדען געוואָרען אין דער ווייסער פינסטערניש פון דער זאַווערוכע.

— וואַסי־לי! גיב אַהער דעם בולאַנעם: אַנדערש וועסטו ניט כאַפּען — האָט זיך נאָך דערטראָגען זיין שטימע.

איינער פון די אָנטרייבער, אַ גאַנץ הויבער מאַנספּערשוין, איז אַרויסגעקראָכען פון שליטען, האָט שווייגענדיג אָבגעבונדען זיין טראָיקע.

שמעלענדיג זיך אויף דער שלעיע איז ער אַרויפגעקראָכען אויף איינעם פון די פערד און קנאַקענדיג איבער'ן שניי, איז ער מיט ניט קיין גלייכען גאַלאָפּ פערשוואונדען געוואָרען אין דער זעלבער ריכטונג.

מיר און די איבעריגע צוויי טראָיקעס האָבען זיך געלאָזט נאָך דער קיריערסקער, וועלכע האָט קלינגענדיג מיט איהרע גלעקלעך אין איין געלויף פאָרווערטס און גאָר אָהן אַ וועג זיך געטראָגען ווייטער.

— פערשטעהט זיך! ער וועט איהם שוין כאַפּען! — האָט מיין אָנטרייבער געזאָגט אויף דעם, וועלכער האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגען די פערד. — אויב ער איז שוין נאָך די פערד ניט נאָכגעגאַנגען, הייסט עס, אַז דאָס איז שוין אַ פערד, וואָס רייסט זיך בעזונדער, ער וועט איהם שוין פאַרפיהרען אַז... ער וועט שוין צוריק נישט אַרויסקריכען.

צייט מיין אָנטרייבער איז געפאָהרען פון הינטען איז ער געוואָרען גאָר פרעהליכער, רעדעוודיגער, און ווייל מיר האָט זיך נאָך ניט גע־וואָלט שלאָפען, האָב איך מיר מיט דעם אויסגענוצט. איך האָב איהם אָנגעהייבען אויסצופרעגען, פון וואַנען ער איז און ווער און וואָס ער איז, און כ'האָב זיך באַלד דערוואוסט, אַז ער איז מיט מיר פון איין געגענד, פון מילער גובערניע, אַז ער איז אַ בעל־הבתיש קינד, פון דעם דאָרף קירפּיטשני; אַז ביי זיי איז זעהר ווייניג ערד פאַרהאַנען און אַז פון דער כאָליערע אָן האָט דאָרט גאָר אויפגעהערט ברויט צוגעראָטען; אַז ביי זיי אין הויז זענען צוויי ברידער פאַרהאַנען אין איינער דינט דעם קייסער; אַז ברויט סטייעט זיי קוים ביז ניי־יאָהר און לעבען לעבט מען פון זייטיגע פער־דינסטען; אַז דער אינגערער ברודער איז דער בעל־הבית אין דער היים, ווייל ער איז אַ בעווייבטער און ער אַליין איז אַנ'אַלמן; אַז יעדען יאָהר קומען אַהער אַרטעלען אָנטרייבער פון זייער דאָרף; אַז כאָטש ער אַליין איז קיין מאָל קיין אָנטרייבער ניט געווען, נאָר ער איז אָנגעקומען דינען אויף פּאָטשט כדי ס'זאָל זיין פאַר זיין ברודער אַ שטיקעל שטיצע; אַז ער לעבט דאָ און ער נעהמט, גאָט צו דאַנקען, צו 120 רובל אַ יאָהר, פון וועלכע ער שיקט איבער הונדערט אַ היים, און אַז ס'וואָלט זיך דאָ ניט שלעכט לעבען, „נאָר דער עולם איז דאָ זעהר אַ שלעכטער, מענשען ווי ווילדע חיות און אויסגעלאַסען".

— פאַר וואָס האָט ער זיך געזידעלט דער אָנטרייבער, אָט דער דאָזיגער? טאַטע־פאָטער! צי האָב איך איהם דען אומיטניע די פערד

אָבגעריסען? האָב איך דען אימעצען שלעכטס געטאָן? און וואָס האָט ער זיך אַוועקגעיאָגט נאָך זיי! זיי וואָלטען אַליין געקומען, ער וועט נאָר די פערד פערמאַטערען און וועט נאָך אַליין אייך אימקומען, — האָט איבערגעחזרט דער גאָטספאָרכטיגער מוזשיקעל.

— וואָס שוואַרצט זיך עס דאָרט? האָב איך נעפרעגט, בעמער-קענדיג עטליכע שוואַרצע געגענשטאַנדען פון ווייטען, פּאָר אינז.

— אַ, דאָס זענען וועגענער, דאָס איז שוין אַ געשמאַקע רייזע!

— האָט ער גערעדט ווייטער, ווען מיר האָבען זיך אייסגעגלייכט מיט די אונגעהויער גרויסע און מיט ראָגאָזשעס אַרומגעדעקטע וואָגענס, וועלכע זענען איינס נאָכ'ן אַנדער'ן געגאַנגען אויף רעדער. — זעה נאָר, קיין איין מענשען נישט צו זעהן, אַלע שלאָפען זיי. די פּערד זייערע ווערסטו שוין פון וועג ניט אַראָבשלאָגען.

אין ווירקליך, ס'איז עפּיס מאָדנע געווען ציקוקען אויף די גוואַל-דיג גרויסע וואָגענס, וועלכע זענען פון אויבען ביז אַראָב מיט שניי פערשאָטען, ווי זיי בעוועגען זיך גאַנץ אַליין. נאָר אין דעם פאָדער-שטען ווינקעל האָט זיך אויף אַ פּאָר פינגער די הויך אויפגעהייבען די מיט שניי בעדעקטע ראַגאָזשע און פון דאָרט האָט זיך אויף אַ מינוט אַרויסגערוקט אַ היטעל, בעת אונזערע גלעקלעך האָבען זיך קלינגענדיג פאַרבייגעטראָגען נעבען די וועגענער. אַ גרויסער געפלעקטער פערד מיט אַ אויסגעצויגענער האַלז און אָנגעשטרענגט דער רוקען, האָט זיך בע-זאַכט געטראָגען איבער דעם פערטראָגענעם וועג, בעוועגענדיג איינ-אַרטיג אונטער דער שניי-בעדעקטער דיגע זיין קאָסמאַטען קאָפּ און האָט אָנגעשטעלט איין אויער אַ פערטראָגענעם מיט שניי, בעת מיר האָבען זיך מיט איהם פערגלייכט.

ווען מיר זענען אָבגעפאָהרען נאָך אַ האַלבע שעה, האָט זיך דער אָנטרייבער ווידער געווענדעט צו מיר:

— וואָס מיינט איהר, „באַרין", מיר פאָהרען גוט?

— איך ווייס ניט, — האָב איך געענטפערט.

— פריהער איז דער ווינד אָט ווי געווען, און איצטער פאָהרען מיר גאָר מיט'ן ווינד, ניין, מיר פאָהרען נישט אַהין, מיר בלאָנדזשען אויך — האָט ער בעשלאָסען גאַנץ רוהיג.

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז כאָטש ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס ער

איז געווען אַ גרייסער טרום -- צווישען מענשען זעהט דער מלאַך המות איך ניט אים שוואַרץ — האָט ער זיך גאָר בערוהיגט צייט מיר זענען שוין געווען זאַלבעעטליכט און ער האָט שוין ניט בעדאַרפט זיין דער פיהרער אין איז שוין ניט געוועזען פאַראַנטוואָרטליך, ער האָט זיך גאַנץ קאַלטבלוטיג צוגעקיקט, ווי דער פאָרערשטער אָנטרייבער האָט געמאַכט פעהלערען, גלייך ווי איהם וואָלט עס גאָר ניט אָנגעגאַנגען. און ווירקליך, איך האָב בעמערקט, אַז די פאָרערשטע טראָיקע האָט זיך מיט אַ מאָל אויסגעקערעוועט אין איז אייסגעקומען פון מיין רעכטער זייט און אַ מאָל פון דער לינקער זייט; מיר האָט זיך זאָגאַר געדאַכט, אַז מיר דרעהען זיך אַרים אייף אַ גאַנץ קליינעם פּלאַץ. כאָטש אייגענטליך האָט עס מיר מיין געפיהל געקענט אָבנאַרען, פּונקט ווי מיר פלעגט זיך צייטענווייז אייסווייזען, אַז מיר פאָהרען באַרג אַרויף אָדער מיר פאָהרען אין אַ טאָל אַראָב, אין דער צייט וואָס דער סטעפּ איז געווען אומעדום גלייך.

אָבפאָרענדיג אַ געוויסע צייט האָב איך דערזעהן, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, ווייט, ביים רעכטען האָריזאָנט, אַ שוואַרצען, בעוועגליבען לאַנגען פּאַס; נאָר אין אַ מינוט אַרום איז מיר שוין קלאָר געווען, אַז דאָרט זענען געווען די זעלבּיגע וואָגענס מיט משאָ, וועלכע מיר האָבען איבערגעיאָגט. און ווי פריהער האָט דער שניי פערשאָטען די סקריפּענדיגע רעדער, פון וועלכע איניגע האָבען זיך אפילו ניט געדרעהט; אַזוי ווי פריהער האָבען די מענשען דאָרט געשלאָפען אונטער די ראַגאָזשעס, און ווי פריהער האָט דער פאָרערשטער געפלעקטער פערד, אויפבלאָזענדיג די נאָזלעכער, אויסגעשמעקט דעם וועג און האָט אָנגעשטעלט די אויערען.

— זעה נאָר, געדרעהט זיך, געדרעהט זיך און ווידער צו יענע וואָגענס אַרויסגעפאָהרען! האָט מיין אָנטרייבער געזאָגט מיט אַ אונצופרידענע שטימע. — די קיריערסקע פערד זענען גוטע, ער מעג זיך זיי יאָגען אומזיסט; אונזערע קענען גאָר צושטעהן, אויב מען וועט אַזוי אַ גאַנצע נאַכט אָבפאָהרען.

ער האָט זיך אָבגעהוסט.

— לאָמיר זיך, פריץ, אומקעהרען, כאָטש נישט צוזינדיגען.

— נאָך וואָס? מיר וועלען דאָך אין ערגעץ פאָרט קומען צופאָהרען.

— וואוהין וועלען מיר דערפאָהרען ? מיר וועלען שוין אין סטעפּ נעכטיגען. ווי עס דרעהט... טאַטע־פאָטער אין הימעל!

כאָטש מיך האָט געוואונדערט, וואָס דער פאָרערשטער אָנטרייבער, ווי עס שיינט, פערלירענדיג דעם וועג און די ריכטונג, גערט ניט זוכען דעם וועג, נאָר פרעהליך אונטערשרייענדיג יאָגט ער די פערד און פאָהרט אין איין געלויף, דאָך האָב איך שוין פון זיי ניט געוואָלט אָבשטעהן.

— פאָהר זיי נאָך, — האָב איך געזאָגט.

דער אָנטרייבער איז נאָכגעפאָהרען, נאָר מיט נאָך וועניגער חשק האָט ער אָנגעטריבען און מעהר האָט ער שוין צו מיר ניט אָנגעהויבען צו רעדען.

---

IV.

די זאַווערוכע איז געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער, און פון אויבען איז גענאַנגען אַ דראָבנער און טרוקענער שניי; ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ס'הויבט אָן צוצופרירען; די נאָז און די באַקען האָט שטאַרקער אָנ־געהויבען די קעלט דורכצונעהמען, אַלץ אָפטער האָט זיך אַ קאַלטער שטראָם מיר אונטער דעם פעלץ אַריינגעריסען און כ'האָב מיר בעדאַרפט בעסער אַיינוויקלען. צייטענווייז האָט זיך דער שליטען אָבגעקלאַפּט אָן אַ הויל שטיקעל אייז, פון וועלכען דער ווינט האָט דעם שניי אַראָבגעטריבען. ווייל אָט אַזוי ניט נעכטיגענדיג בין איך שוין געפאָהרען די זעקסטע הונדערט וויאָרסט, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מיך האָט זעהר אינ־טערעסירט, מיט וואָס וועט זיך אויסלאָזען אונזער בלאָנדזען, האָב איך ניט ווילענדיג צוגעמאַכט די אויגען און אַנדרעמעלט געוואָרען. איינמאָל, ווען איך האָב אויפגעעפענט די אויגען, האָט מיך איבערראַשט, ווי מיר האָט געשיינט אין דער ערשטער מינוט, אַ העלע ליכטיגקייט, וועלכע בעלייכט די גאַנצע ווייסע געגענד; דער האָריזאָנט ווי ער וואָלט ברייטער געוואָרען, דער נידריגער שוואַרצער הימעל איז מיט אַ מאָל פערשוואונדען געוואָרען, פון אַלע זייטען האָבען זיך געזעהן די קרומע ליניען פון דעם פאַלענדען שניי און אַז איך האָב אַ קוק געגעבען אין דער הויך, האָט זיך מיר אין דעם ערשטען אויגענבליק אויסגעוויזען, אַז בלויז דער פאַ־

לענדער שניי פערשפרייט זיך איבער דעם גאַנצען הימעל. אין דער צייט וואָס כ׳האָב געדרעמעלט, איז די לבנה אויפגעגאַנגען און האָט געוואָרפען דורך די דינע וואָלקען און דעם פאַלענדען שניי איהרע העלע און קאַלטע ליכט־שטראַלען. דאָס איינציגע, וואָס כ׳האָב קלאָר געזעהן, איז געווען מיין שליטען, די פערד און דער אָנטרייבער און די דריי טראָיקעס, וועלכע זענען געפאָהרען אַפריהער: די ערשטע איז געווען, די קוריערסקע, אין וועלכער ס׳איז ווי פריהער געזעסען אויפ׳ן קעלנע דער אָנטרייבער און האָט שטאַרק געיאָגט די פערד פאָרווערטס; אין דער צווייטער, אָבלאָזענדיג די לייצעס און מאַכענדיג זיך פון דעם אַרמיאַק אַ שירעם פאַר׳ן ווינד, זענען זיי זיך געזעסען זאַלבענאַנד און ניט אויפגעהערט צו רויכערען זייערע ליולקעס, וואָס ס׳איז קענטיג געווען פון די פונקען וואָס האָבען זיך פון דאָרט געטראָגען, און די דריטע, אין וועלכער מען האָט קיינעם ניט געקענט בעמערקען, און ווי ס׳ווייזט אויס, איז זיך דאָרט דער אָנטרייבער געשלאָפען אין מיטען שליטען. דער ערשטער אָנטרייבער, ווען איך האָב זיך אויפגעוואַכט, האָט פונדעסטוועגען אַלע מאָל אָנגעהויבען אָבצושטעלען די פערד און האָט געזוכט דעם וועג. ערשט ווען מען האָט זיך אָבגעשטעלט, האָט זיך שאַרפער געהערט, ווי דער ווינט פערגעהט זיך, און ס׳האָט זיך בעסער אָנגעזעהן די גוואַלדיגע מאַסע שניי׳, וואָס האָט זיך אין דער לופטען געטראָגען. איך האָב בעמערקט, ווי אין דעם שניי־פערדעקטען לבנה־שיין בעוועגט זיך די ניט קיין הויכע פיגור פון דעם אָנטרייבער און מיט אַ גרויסער בייטש טאַפּט פאַר זיך אין דעם שניי, זוכט אויף רעכטס און אויף לינקס און אין דער וויסער פינסטערניש געהט ער ווידער צו צום שליטען און מיט אַ זייט כאַפּט ער זיך אַרויף אויף דער קעלנע, און ווידער האָט זיך געהערט פון דעם איינאַרטיגען געפייף פון דעם ווינט, זיין לעבעדיג אויסגעשרייען און דאָס קלינגען פון די גלעקלעך. ווען דער ערשטער אָנטרייבער פלעגט אַרויסקריכען נעהן זוכען שפּורען פון אַ וועג, אָדער סטאָגעס, האָט זיך פון דעם צווייטען שליטען יעדעס מאָל געלאָזט הערען אַ לעבעדיגע זיכערע שטימע פון איינעם פון די אָנטרייבער, וועלכע האָט געשריען צום פאָדערשטען:

— הער, איגנאַשקע! מיר האָבען זיך גאָר אויף לינקס פערנומען: נעהם זיך אויף רעכטס אַנטקעגען דעם ווינד. — אָדער: וואָס דרעהסטו זיך נאַריש אום? לאָז זיך גלייך מיט׳ן שניי, אָט ווי דער שניי ליגט — אָט וועסטו גלייך אַרויספאָהרען. אָדער: רעכטס נעהם זיך, אויף רעכטס, ברודערקע! זעהסט, עס שוואַרצט זיך עפּיס — אַ סלופּ זאָל עס זיין.

אָדער: וואָס פּלאָנטערסטו, וואָס? וואָס פּלאָנטערסטו? שפּאַן אָב דעם געפלעקטען און לאָז איהם אַפריהער, וועט ער דיך פּינקט אויפ'ן וועג אַרויספיהרען. וועט עס בעסער זיין!

נאָר ער אַליין, דער וואָס האָט די עצות געגעבען, האָט ניט נאָר ניט אָבגעשפּאַנט דעם זייטיגען פערד, אָדער ניט געגאַנגען זוכען דעם וועג, ער האָט אפילו די נאָז פון אונטער דעם אַרמיאַק ניט אַרויסגע־שטעקט, און אַז דער פאָדערשטער איגנאַשקע האָט צו איהם, אויף איינע פון זיינע עצית, אַ געשריי געטאָן, אַז ער זאָל אַליין אַפריהער פאָהרען, אויב ער ווייסט אַזוי גיט וואוהין צופאָהרען, האָט דער בעל־עצה גע־ענטפערט, אַז ווען ער וואָלט אויף די קיריערסקע פאָהרען, וואָלט ער שוין געוואוסט און וואָלט גלייך אייפ'ן וועג אַרויסגעפאָהרען, — און אונזערע פערד וועלען אין אַ זאַווערוכע פון פאָרענט נישט געהן! האָט ער אַ געשריי געטאָן: — דאָס איז נישט אַזעלכע פערד.

— טאָ דרעה נישט קיין מח! האָט איגנאַשקע געענטפערט, אַ פייף טאָהנדיג פרעהליך צו די פערד.

דער צווייטער אָנטרייבער, וואָס איז מיט דעם בעל־עצה געזעסען, האָט איגנאַשקען גאָר ניט געזאָגט, אין ער האָט זיך איבערהויפּט אין דעם ענין ניט אַריינגעמישט, כאָטש ער איז נאָך ניט געשלאָפען, וואָס כ'האָב געקענט בעשליסען פון דעם, וואָס זיין ליילקע האָט זיך ניט אויסגעלאָשען, און אַז מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט, האָט זיך געלאָזט הערען זיין בע־זאַבטער און אינענדליבער שמועית. ער האָט אַ מעשה דערצעהלט. בלויז איין מאָל, ווען איגנאַשקע האָט זיך שוין צום זעקסטען, אָדער צום זיבעטען מאָל אָבגעשטעלט, איהם, ווי עס שיינט, האָט פערדראָסען דאָס, וואָס מען רייסט איהם איבער דעם פערגעניגען וואָס ער האָט פונ'ם פאָהרען, האָט ער צו איהם אַ געשריי געטאָן:

— נו, וואָס האָסטו זיך ווידער אָבגעשטעלט? זעה נאָר, דעם וועג וויל ער געפינען! זעהסט דאָך: אַ זאַווערוכע! איצטער וועט אפילו אַ „זעמליעמער" אַליין — אייך דעם וועג ניט געפינען; פאָהר כל־זמן די פערד פיהרען. אפשר וועסטו צים טויט ניט פערפרוירען ווערען... ריהר זיך ווייטער!

— וואָס הייסט! פאַר־איאָהרען איז „אַ פּאָסטאַליאָן" ביז צים טויט פערפרוירען געוואָרען! האָט זיך מיין אָנטרייבער אָבגערופען.

דער אָנטרײַבער פֿון דער דריטער טראָיקע האָט זיך די גאַנצע צײַט ניט אײַנגעבאַפּט. בלויז אײן מאָל, ווען מען האָט זיך אָבגעשטעלט האָט דער בעל־עצה אַ געשרײ געטאָן:

— פּיליפּ! האַ, פּיליפּ! און ניט בעקומענדיג קײן ענטפֿער, האָט ער צוגעגעבען: איז ער דאָרט אָפּטמאָל נישט געפֿרױרען געוואָרען? וואָלסט, אינגאַשקאַ, אַ קוק געבען.

אינגאַשקע, וועלכער האָט אויף אַלין צײַט געהאַט, איז צום שליטען צוגעגאַנגען און האָט אָנגעהײבען שטיסען דעם שלאָפֿענדיגען.

— זעה נאָר, ווי ס'האָט איהם ביז'ן בײן דורכגענומען! ביזט געפֿרױרען געוואָרען, מאָ זאָג־זשע, האָט ער געקרעכצט ווײַנענדיג איהם.

דער שלאָפֿענדיגער האָט עפּיס אַ ברום געטאָן און האָט זיך אויסגעזידעלט.

— ער לעבט, ברידערלעך! האָט אינגאַשקע געענטפֿערט און איז ווידער אַרײַנגעלאָפֿען אויף פֿריהער אין מיר זענען ווידער געפֿאָהרען און זאָגאַר אַזוי שנעל, אַז מײַן קלײן צוגעשפּאַנטע גניעדע פֿערדיל, וועלכעס האָט אַלע מאָל שמײַז בעקומען, האָט זיך אין אַנ'אונגעשיקטען גאַלאָפּ אַרעקגעלאָזען.

---

# V.

שוין אַזוי אַרום האַלבע נאַכט, קלער איך, האָט געמוזט זײַן, ווענע צו אינז צוגעפֿאָהרען וואַסילי און דער אַלטעטשקער, וועלכע האָבען דעריאָגט די אָבגעריסענע פֿערד. זיי האָבען געכאַפּט די פֿערד און האָבען אָבגעזוכט און דעריאָגט אונז; נאָר ווי אַזוי זיי האָבען עס געטאָן אין אַזאַ פֿינסטערע, פֿערבלענדענדע זאַווערוכע, אין דעם פֿרײַען סטעפּ, בלײַבט פֿאַר מיר אויף שטענדיג אונפֿערשטענדליך. דער אַלטעטשקער, מאַכענדיג מיט די עלענבויגענס און מיט די פֿיס, איז שנעל געפֿאָהרען אויף דעם מיטעלסטען פֿערד (די איבעריגע זענען געווען צום כאָמוט צוגעבונדען:

אין אַ זאַווערוכע טאָר מען אַזוי קיין פערד ניט לאָזען) ווען ער האָט זיך פערגלייכט מיט מיר, האָט ער ווידער אָנגעהויבען זידלען מיין אָנטרייבער:

— זעה נאָר איהם, דעם בלינדען טייוועל!

— ע. פעטער מיטריטש, — האָט אַ געשריי געטאָן דער וואָס האָט די מעשיות דערצעהלט פון דעם צווייטען שליטען, — לעבסט נאָך? קריך אריין צו אונז.

נאָר דער אַלטער האָט ניט געענטפערט און האָט זיך נאָך אַלץ גע־זידעלט. נאָר אַז איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ס׳קען שוין גענוג זיין, איז ער צוגעפאָהרען צום צווייטען שליטען.

— האָסט אַלע געכאַפט? האָט מען איהם געפרעגט פון דעם צווייטען שליטען.

— וואָס דען נישט!

און די ניט קיין גרויסע פיגור זיינע האָט זיך אין געלויף מיט דער ברוסט אָבגעשפאַרט אָן דעם פערדס רוקען און איז אַראָבגעשפרונ־גען אויפ׳ן שניי און ניט אָבשטעלענדיג זיך דערלאָפען צום שליטען, אַריינגעוואָרפען זיך אין איהם און די פיס אַריבערגעהאַנגען איבער דער דראַבענע. דער הויכער וואַסילי האָט זיך ווי פריהער אויפגעזעצט אין דעם פאָדערשטען שליטען מיט איגנאַשקען און שווייגענדיג מיט איהם אינאיינעם דעם וועג געזוכט.

— זעה, ווי ער זידעלט זיך... טאַטע־פאָטער! האָט מיין אָנ־טרייבער געברומט.

אַ צייט נאָך דעם זענען מיר געפאָהרען, ניט אָבשטעלענדיג זיך, איבער דער ווייסער וויסטע, און דעם קאַלטען, דורכזיכטיגען און בע־וועגליבען ליכט פון דער זאַווערוכע. עפענסט אויף די אויגען — שטאַרצט פאַר דיר די זעלביגע אומגעלומפערטע גרויסע היטעל און פלייצע מיט שניי פערטראָגען, די זעלביגע ניט קיין הויכע דוגע, אונטער וועלכער, צווישען צוויי אָנגעצויגענע רימענס פון צוים, שאָקעלט זיך דער קאָפּ פון דעם מיטעלסטען פערד און זיין גריווע, וועלכע דער ווינד פער־שמייסט אַלץ אויף איין זייט; איבער זיין פלייצע זעהט זיך אַלץ דאָס זעלביגע גניערע פערדיל מיט אַ אונטערגעבויגענעם וויידיל, וועלכעס

קלאַפּט פון צייט צו צייט מיט די הינטערשטע פיס אין דעם לוביק פון שליטען. קוקסטו אַ ראָב, זעהסט אַלץ דעם זעלבינגען טרוקענעם שניי, וועלכען די פלאָזעס צורייסען און דער ווינד כאַפּט איהם מיט עקשנות אונטער און טראָגט איהם אַלץ אין איין זייט אַוועק. אַפריהער, אויף איין שטרעקע, טראָגען זיך די פאָדערשטע טראָיקעס אַלץ ווייטער; און ביי די זייטען אויף רעכטס און אויף לינקס איז אַלץ ווייס און ווי דורכ׳ן חלום זעהט עס זיך. אומזיסט זוכט דאָס אויג נייע געגענשטאַנדען: ניט קיין סלופּ, ניט קיין סטאָג, ניט קיין צוים — קיין זאַך איז ניט צו זעהן. אַרום און אַרום איז אַלץ ווייס, ווייס און עס בעוועגט זיך. דאָ זעהט זיך אויס דער האָריזאָנט ווי ער וואָלט אונענדליך ווייט געווען, און פּלוצלינג ווערט ער צוזאַמענגעדריקט אויף צוויי טריט ווייט אַרום מיר פון אַלע זייטען. דאָ וואַקסט אויס אַ ווייסע וואַנד און טראָגט זיך גלייך מיט׳ן שליטען ביים זייט און פּלוצלינג ווערט זי פערשוואונדען און וואַקסט אויס אַ פריהער פאַר אונז, כּדי זי זאָל קענען טראָגען זיך ווייטער און ווייטער פאַר אונז און דאָרט ערגעץ פערשוואונדען ווערען. טהוסטו אַ קוק אין דער הויך, זעהט זיך אויס, אַז ס׳איז ליכטיג און אין דער ערשטער מינוט דוכט זיך, אַז דורך דעם נעפּעל בעווייזען זיך שטערענדלעך; נאָר די שטערענדלעך אַנטלויפען פון אויבען אַלץ העכער און העכער, און בלויז דעם שניי אַליין זעהסטו, וועלכער פאַלט נעבען דיין אויג אויפ׳ן געזיכט און אויף דעם קאָלנער פונ׳ם פעלץ; דער הימעל איז איבעראַל אויף איין אַרט ליכטיג, אויף איין אַרט ווייס, אונפאַרביג, איינאַרטיג און כּסדר אין אַ בעוועגונג. דער ווינט ווי ער וואָלט זיך אַלע ווייל ענדערן: דאָ בלאָזט ער פון אַנטקעגען און פערקלעפּט די אויגען מיט שניי; דאָ פערלויפט ער פון אַ זייט, וואַרפט מיר אַריבער דעם קאָלנער פון פעלץ אויף צו להכעיס איבער׳ן קאָפּ און שמייסט מיר מיט איהם מיט חוזק איבער׳ן פּנים; דאָ פייפט ער ערגעץ פון הינטען ערגעץ אין אַ שפּאַלט. ס׳הערט זיך אָהן אויפהער דאָס שוואַכע קנאַקען פון די פערדישע טריט און פון די פלאָזעס, און דער קלאַנג פון די גלעקלעך, וועלכער ווערט פערטויבט, ווען מען פאָהרט איבער אַ טיפען שניי. נאָר זעלטען, ווען מיר פאָהרען אַנטקעגען דעם ווינד און איבער אַ הוילען אָנגעפרוירענעם אָרט, האָט זיך קלאָר דערטראָגען איגנאַטקעס פרעהליכעס פייפען, און דער צוגאָסענער קלאַנג פון דעם גלעקעל און פון דעם ציטערדיגען קלאַנג פון דער קווינטע, וואָס האָט אָבגעענטפערט, און די דאָזיגע קלאַנגען האָבען פּלוצלינג פרעהליך איבערגעשלאָגען דעם מרה שחורה׳דיגען כאַראַקטער

פון דער וויסטע און באַלד הייבען זיי ווידער אָן איינאַרטיג צו קלינגען מיט אַיין אונערטרעגליכער אויסגעמאָסטענקייט אויסקלינגענדיג אַלץ דעם אייגענעם מאָטיוו, וועלכען איך שטעל מיר פאָהר ניט ווילענדיג. אין איין פּוס האָט מיר אָנגעהויבען קאַלט צו ווערען און, אַז איך האָב זיך אויפגעהויבען בעסער זיך אַיינצוּוויקלען, האָט זיך דער שניי פון קאָלנער און פון היטעל מיר אַ שאָט געגעבען אונטער׳ן קאָלנער אַרונטער און האָט מיך געצוואונגען אַ ציטער צו טאָן; נאָר אין אַלגעמיין איז מיר נאָך געווען וואַרים אין דעם אַיינגעוואַרימטען פעלץ און ס׳האָט מיך גע־צויגען אַיינצודרעמלען.

---

## VI.

אין מיין פאַנטאַזיע האָבען זיך מיט אַ ווילדער שנעלקייט גענומען איבערמישען פערשיידענע ערינערונגען און פאָרשטעלינגען.

„וואָס פאַר אַ מוזשיק קען זיין אָט דער בעל־עצה, וואָס שרייט פון דעם צווייטען שליטען אַרויס? ער מוז געוויס זיין אַ געלער, אַ דיקער מיט קורצע פיס — טראַכט איך — געראָטען אין פיאָדאָר פיליפּיטשען, אונזער אַלטער דינער פון בופעט.“ און איך זעה די טרעפ פון אונזער גרויס הויז, און פינף הויפישע מענשען, וועלכע טראָגען אויף האַנדטיכער, שטעלענדיג שווער די פיס, אַפּאָרטאָפּיאַן פונ׳ם זייטיגען הויז; איך זעה ווי פיאָדאָר פיליפּיטש מיט פערקאַשערטע אַרבעל אין זיין נאַנקען סיורטוק טראָגט בלויז דעם פּעדאַל, ער פערלויפט אויף פאָרענט, עפענט אָב דעם רוקער פון טיר, דאָ טהוט ער אַ שלעפּ פאַר אַ הענטיל, דאָ פלאָנטערט ער זיך פאַרביי די פיס, אַלעמען שטערענדיג און מיט אַ פאַר׳עסק׳טע שטימע שרייט ער גאָר ניט אויפהערענדיג:

— די, וואָס פאָרענט, אויף זיך נעהמט! אָט אַזוי דעם עק אין דער הויך, אין טיר אַריין, אָט אַזוי.

— אָט לאָזט בעסער, פיאָדאָר פיליפּיטש! מיר וועלען שוין אַליין — בעמערקט מיט מורא דער גערטנער, וועלכער איז צוגעדריקט צום פאַרענטש, אינגאַנצען אַ רויטער פון אָנשטרענגונג, האַלט איינער אַליין אַיין מיט די לעצטע כחות אַ ווינקעל פונ׳ם ראָיאַל.

נאָר פיאָראָר פיליפיטש בערוהיגט זיך ניט.

„און וואָס בעדייט עס? — האָב איך געטראַכט, — צו מיינט ער טאַקי אין אמת'ן, אַז ער איז עס נוציג און נויטווענדיג פאַר דעם אַלגע־מיינעם עסק דאָ, אָדער ער איז איינפאַך צופרידען, וואָס גאָט האָט איהם צוגעשיקט אַזאַ זיכערען און איבערצייגענדען דיבור און מיט גרויס פערגניגען נוצט ער איהם אויס? עס מוז אַזוי זיין". און ווידער זעה איך, כ'זויס אַליין ניט פאַר וואָס, דעם טייך, מיעדע הויפישע מענשען, וועלכע ביז די קניע אין וואַסער שלעפען זיי אַ נעץ, און ווידער פיאָראָר פילי־פיטש מיט אַ גוסקאַן אין האַנד, שרייט אויף אַלעמען, לויפט אום ביים ברעג, נאָר זעלטען־ווען געהט ער צו צום וואַסער, און צוהאַלטענדיג די גאָלדענע קאַראַסען, לאָזט ער אַרויס דאָס ברודיגע וואַסער און שעפּט אָן פרישע. און אָט איז אַרום האַלבען טאָג אין דעם חודש יולי. איך געה מיר אין ערגעץ איבער די נאָר וואָס אויסגעקאָשעטע גראָז אין דעם פרוכטגאָרטען, אונטער די הייסע שטראַלען פון דער זון, אין האַלבען טאָג, וועלכע פאַלען גלייך אויף מיר; איך בין נאָך גאָר יונג. עפּיס פעהלט מיר אין עפּיס גלוסט זיך מיר, איך געה צום טייך — צו מיין בעליבטען אָרט צווישען די קלומבעס ווילדע רויזען און בעראָזען־אַלעע און איך לעג מיר דאָרט אַנידער שלאָפען. איך דערמאָן מיר, וואָס כ'האָב דאַן געפיהלט ליגענדיג אויף דער ערד און קוקענדיג דורך די רויטע שטעכעדיגע צווייגלעך פון די ווילדע רויזען־בושען אויף דער פערטריקענטער ערד און אויף דעם העל־בלאָהען וואַסערשפּיגעל. דאָס איז געווען אַ געפיהל פון עפּיס אַ נאַאיווע צופרידענקייט און בענקעניש. אַלץ אַרום מיר איז געוויען אַזוי פרעכטיג און אַזוי שטאַרק האָט אויף מיר די דאָזיגע שענקייט געווירקט, אַז מיר האָט זיך געדאַכט, איך אַליין בין אויך שען, און דאָס איינציגע וואָס מיר האָט פערדראָסען איז גע־ווען דאָס, וואָס קיינער בעוואונדערט מיך ניט. הייס. איך פּרוב זיך איינשלאָפען, צו טרייסטען זיך דערמיט; נאָר די פליגען, די אונער־טרעגליכע פליגען לאָזען מיר דאָ אויך ניט אַיינרוהען. הויבען זיך אָן צו קלייבען אַרום מיר און מיט עקשנות, עפּיס אַזוינע האַרטע ווי ביינ־דעלעך, שפּרינגען זיי איבער פון שטערען אויפ'ן האַנד. ניט ווייט פון מיר, אויף דעם אָרט וואו די זון ברענט, זשוזשעט אַ ביהן, שמעטער־לינגען מיט רויטע פליגעלעך, גאָר צופּאַרעטע פון היץ, פליהען איבער פון איין גראָז אויף דעם צווייטען. איך קוק אין דער הויך: עס בלענדט די אויגען — די זון בלישטשעט צו שטאַרק דורך די העלע בלעטער פון

די געקרייזעלטע בעראָזען, וועלכע הויך, נאָר גאַנץ שטיל, בעוועגען זיי איבער מיר מיט זייערע צווייגען, — און עס דוכט זיך אויס נאָך הייסער. איך פערדעק דאָס געזיכט מיט אַ טיכעל: ס׳ווערט דושנע און די פליגען ווי זיי וואָלטען זיך קלעפען צו די הענד, אויף וועלכע עס טרעט אַרויס אַ שוויס. צווישען די ווילדע רויזען־בושען האָבען זיך דאָרט אָנגעהייבען צו שפּילען שפּערלינגען. איינער פון זיי איז אַראָבגעשפּרונגען אויף דער ערד, ביי אַנ׳אַרשין ווייט פון מיר, פאַרטייענדיג זיך, האָט ער ענערגיש אָנגעהייבען עפּיס פּיקען אויף דער ערד, און בערירענדיג די צווייגעלעך און פּרעהליך טשוויטשערענדיג איז ער אַרויסגעפלויגען פון דער קלומ־בע; דער צווייטער איז אויך אַראָבגעשפּרונגען אויף דער ערד, האָט פאַרריסען דאָס וויידעלע, האָט זיך אַרומגעקוקט און אויך, ווי אַ פייל פון בויגען, טשוויטשערענדיג, זיך געלאָזט פליהען נאָך דעם ערשטען. אויפ׳ן טייך הערען זיך די קלעפּ פון אַ פּראַטש איבער נאַסע וועש, און די קלעפּ צוטראָגען זיך ווי עפּיס פון אונטען, נידריג, איבער דעם גאַנצען טייך. עס הערט זיך דאָס פּליוסקען, קולות און לאַכען פון די וואָס באָדען זיך דאָרט אין טייך. אַ ווינדפאַלע האָט אָנגעהויבען רוישען אין די שפּיצען פון די בעראָזען נאָך ווייט פון מיר, און אָט, שוין נעהנטער, הער איך ווי ער בעוועגט שוין די גראָזען, אָט האָבען זיך שוין גענומען וויגען די צווייגען און די בלעטער פון די ווילדע רויזען־בושען; אָט הויבט ער, דער ווינד, אויף אַ ברעג פונ׳ם טיכעל און קיצלענדיג מיר דאָס פאַרשוויצטע געזיכט, דערטראָגט זיך צו מיר אַ שטראָם פרישע לופט. דורך דעם שפּאַלט פון דעם אויפגעהויבענעם טיכעל איז אַ פליג אַריין און אַ צושראָקענע קלאַפּט זי זיך דאָרט אַרום מיין מויל. עפּיס אַ טרוקען צווייגעל דריקט מיר אונטער׳ן פּלייצע. ניין, נישט איינצוליגען: מען בעדאַרף זיך געהן אויסבאָדען, נאָר פּלוצלינג, רעכט נעבען די קלומבעס, הער איך געאיילטע טריט און עפּיס אַ צו־שראָקען וויבערשעם קול:

— אַך, גאָט מיינער! וואָס קען עס זיין! פון די מאַנספּילען קיינער ניטאָ!

— וואָס איז עס, וואָס? פרעג איך אַרויסלויפענדיג אויף דער זון, ביי אַ הויפישער פרוי, וועלכע לויפט קרעכצענדיג פאַרביי מיר. זי קוקט זיך נאָר אום, טהוט אַ מאַך מיט די הענד און לויפט ווייטער.

נאָר אָט איז די זיבעציג־יאָהריגע אַלטע מאַטראָנע, צוהאַלטענדיג

דאָס מיכעל, וואָס קריכט איהר פֿון קאָפּ אַראָב, אונטערשפּרינגענדיג אין, שלעפֿענדיג איין פֿוס אין אַ וואָלענעם זאָק, לויפֿט זי צום־טייך. צוויי מיידעלעך לייפֿען, האַלטענדיג זיך איינע פֿאַר דער אַנדערער אין אַ צעהן־יאָהריג אינגעל אין זיין טאַטענס סיורטוק, האַלטענדיג איינער פֿון זיי פֿאַר איהר גראָבליוועניטענעם קליידעל, איילט ער פֿון הינטען.

— וואָס איז געשעהן? פֿרעג איך ביי זיי.

— אַ מוזשיק איז דערטרונקען געוואָרען.

— וואו?

— אין טייך.

— ווער? אונזערער?

— ניין, אַ דורכגעהער.

דער קוטשער איוואַן, קאַטשענדיג זיך, אין גרייסע שטיוועל איבער דעם אָבגעקאָשעטען גראָז אין דער גראָבער פֿריקאַזטשיק יעקב, א פֿערסאָפּעטער, לייפֿען צום טייך, און איך לויף נאָך זיי.

איך געדענק דעם געפֿיהל, וואָס האָט צו מיר גערעדט: „געה, וואַרף זיך אין וואַסער אַריין אין שלעפּ אַרויס דעם מוזשיק, און אַלע וועלען דיך בעוואונדערען", אין טאַקע דאָס האָט זיך מיר געוואָלט.

— וואו־זשע איז עס? — פֿרעג איך ביים עולם הויפֿישע מענשען, וואָס האָט זיך ביים ברעג אויפֿגעקליבען.

— אָט דאָרט, אין דעם קעסעלגריב, ביי יענעם ברעג, כמעט נעבען באָד, — זאָגט די וועשין צוזאַמענקלייבענדיג דאָס נאַסע וועש. — איך קוק ווי ער טונקט זיך אין וואַסער, דאָ בעוויזט ער זיך פֿון וואַסער אַרויס אין דאָ לאָזט ער זיך ווידער אַראָב און — אַז ער גיט עס אַ געשריי: „געוואַלד איך טרינק זיך!" אין ער האָט זיך ווידער צום גרונד אַראָבגעלאָזען, נאָר בלעולעך האָבען אָנגעהויבען צו געהן. אָט דאָ האָב איך פֿערשטאַנען, אַז אַ מוזשיק טרינקט זיך, אַז איך הייב עס אָן צו מאַכען קולות: ראַטעוועט, אַ מוזשיק טרינקט זיך!

אין די וועשין, פֿערנעהמענדיג אויפֿ'ן קראָמיסלע דאָס וועש אויף אַ זייט אַ ביסעל איינגעבויגען, האָט זי זיך מיט דער סמעזשקע געלאָזט אַוועקגעהן פֿון טייך.

— אָט, אַנ'אומגליק אַ ביסעל! שרייט יעקב איוואַנאָוו דער פּרי־

קאָטשיק, ס'וועט איצטער אַ שענער פּעקיל זיין מיט'ן זעמסקין געריכט, וועסט פון זיי ניט פּטור ווערען.

עפּיס איינער אַ מוזשיק מיט אַ קאָסע האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך דעם עולם ווייבער, קינדער און אַלטע לייט, וואָס האָבען זיך צוזאַמענ־געקליבען ביים אַנדערען ברעג און אויפהענגענדיג די קאָסע אויף אַ צווייג פון אַ ווערבע, הויבט ער פּאַמעליך אָן אויסצוטאָן די שטיוועל.

— וואו־זשע. וואו האָט ער זיך־דערטרונקען? פרעג איך אַלין, וועלענדיג זיך וואַרפען אַהין און טאָן עפּיס אַזוינס אינגעוועהנליכעס. נאָר מען בעוויזט מיר איף דער גלאַטער איבער־פלעך פון'ם טייך, וועלכען עס רונצעלט צייטענווייז אַ דירבשוועבענדע ווינטעלע. איך פערשטעה נאָר ניט, ווי אַזוי ער האָט זיך גאָר דערטרונקען; און דאָס וואַסער איז זיך אַלין אַזוי גלאַט, שען און אַזוי גלייכמוטיג שטעהט עס איבער איהם, בלישטשענדיג אַנטקעגען דער זון, וואָס אין מיטען הימעל, און מיר דאַכט זיך, אַז איך וועל גאָר ניט קענען מאַכען, איך וועל קיינעם ניט איבער־ראַשען, בפרט איך שווים גאַנץ שלעכט; און דער מוזשיק שלעפּט שוין ביי זיך איבער'ן קאָפּ אַריבער דאָס העמד און באַלד וואַרפט ער זיך אין וואַסער אַריין. אַלע קוקען אויף איהם מיט האָפנונג און מיט איין איינגעהאַלטענעם אָטעם; נאָר אַריינגעהענדיג אין וואַסער ביז צו די אַק־סלען, קעהרט ער זיך, דער מוזשיק, לאַנגזאַם אום צוריק און מהיט־אָן דאָס העמד: ער קען ניט שווימען.

עס קומען אַלין אָן מענשען, דער עולם וואַקסט אַלין מעהר און מעהר, די ווייבער האַלטען זיך איינער פאַר דער אַנדערער, נאָר קיינער קומט ניט צוהילף. די יענע, וואָס קומען נאָר וואָס אָן, גיבען עצות, זיפצען, און די געזיכטער זייערע דריקען אויס שרעק און פערצווייפלונג; פון די אָבער, וואָס זענען נאָך פריהער געקומען, איז אַנדערע זעצע זיך אויפ'ן גראָז, ווערענדיג מיעד צו שטעהן, אַנדערע קעהרען זיך אום צוריק. די אַלטע מאַטראָנע פרעגט ביי איהר טאָכטער, אויב זי האָט צוגעמאַכט דעם אויווען מיט'ן ברעטיל; דאָס אינגעל אין'ם טאַטענס סיורטוק וואַרפט מיט חשק שטיינדלעך אין וואַסער אַריין.

נאָר באַלד בעוויזט זיך פון נעבען שטיב, לויפענדיג באַרג אַרויף, טרעזאָרקע, פּיאָדאָר פיליפּיטש'עס הונד, ער לויפט און בילט און קוקט זיך אַלין הינטער זיך אום פערוואונדערט; נאָר אָט איז ער אַליין, פּיאָדאָר

פיליפיטש, ליפט אין שריט, בעוויזט אויף עפים פון הינטער די קלומ־בעס ווילדע רויזען.

— וואָס שטעהט איהר? שרייט ער ליפענדיג און ציהט אויף זיך אין וועג זיין סורטוק. — אַ מענש איז דערטרינקען געוואָרען און זיי שטעהען! זאָל מען געבען אַ שטריק!

אַלע קוקען מיט פחד אין האָפנונג אויף פיאָדאָר פיליפיטשען, וועלכער, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף א היפּישען מענשען און האַלטענדיג איהם אַרומגענומען אַרום אַקסעל, שלעפּט ער אַראָב מיט דעם שפּיץ פון דער לינקער פוס דעם קנאַפּעל פון דער רעכטער.

— אָט דאָרטען, וואו דער עולם שטעהט, אַ ביסעל מעהר אויף רעכטס פון די ווערבעס, פיאָדאָר פיליפיטש, אָט דאָרטען, זאָגט צו איהם עמיצער.

— איך ווייס, ענטפערט ער, און אָנבמורענדיג זיינע ברעמען, ווי ס'וויזט אויס, אַלס ענטפער אויף די שפּורען פון חרפּה, וואָס דריקט זיך אויס אויף די פּנים'ער פון דעם עולם ווייבער, וואָס ער טהוט זיך אויס נאַקעט, ציהט ער פון זיך אַראָב דאָס העמד, דאָס צלם'ל, איבערגעבענדיג עס דעם איינגעל־דער גערטנער, וועלכער שטעהט פאַר איהם אַ פערגאַפטער, און טרעטענדיג ענערגיש איבער די אָבגעקאָשעטע גראָז, געהט ער צום טייך.

בּרעזאָרקע, דער הונט, זייענדיג פערוואונדערט פון די דאָזיגע שנעלע בעוועגונגען פון זיין הערין, אָבשטעלענדיג זיך נעבען עולם און איפּעסענדיג עטליכע גראָזען, סמאַקענדיג ביים ברעג, האָט ער ווי מיט אַ פראַגע געקוקט אויף איהם און פלוצלינג פרעהליך אַ קוויטש געגעבען און צוזאַמען מיט זיין בעל־הבית האָט ער זיך אין וואַסער אַריינגע־וואָרפען. אין דעם ערשטען אויגענבליק זעהט זיך ניט מעהר ווי דער שוים און וואַסער־שפּריצען וואָס דערלויפען ביז אונז; נאָר באַלד זעהט זיך פיאָדאָר פיליפּיטש, וועלכער מאַכט גראַציעז מיט די הענד, און איין מאָס הויבט זיך און לאָזט זיך אַראָב זיין פּלייצע און, קלאַפּטער לעגענדיג, שווימט ער צום צווייטען ברעג. בּרעזאָרק הויבט זיך אָן צו פערכליאָבען און אין אייליגניש קעהרט ער זיך אום צוריק, טרייסעלט נעבען עולם אָב פון זיך דאָס וואַסער און ווישט זיך אַרום נעבען ברעג. אין דער זעלבער צייט, וואָס פיאָדאָר פיליפיטש שווימט איבער צום אנדערען ברעג, קו־מען צולויפען צו די ווערבעס צוויי אָנטרייבער און טראָגען אַ נעץ אויף

אַ שטעקען צוזאַמענגעוויקעלט. פיאָדאָר פיליפיטש הויבט צוליב עפּיס אויף די הענט אין דער הויך, לאָזט זיך איין מאָל, צוויי מאָל און אַ דריטען מאָל אַראָב מיט׳ן קאָפּ אונטער׳ן וואַסער, און יעדעס מאָל לאָזט ער אַרויס אַ שטראָמעל וואַסער פון מויל, טרייסעלט שען איף זיינע האָר, ניט ענטפערענדיג אויף די פראַגען, וואָס שיטען זיך צו איהם פון אַלע זייטען. שליסליך געהט ער אַרויס אויפ׳ן ברעג און איף וויפיל מיר דאַכט זיך, זאָגט ער פאַנאַנדער ווי דעם נעץ צי פערציהען. דעם נעץ שלעפּט מען אַרויס און זיין זאַק איז גאָר ניטאָ, אויסער בלאָטע און עטליכע קליינע קאַראַסקעלעך, וואָס וואַרפען זיך דאָרט. אין דער צייט, וואָס מען פערציהט דעם נעץ אַ צווייטען מאָל, געה איך אַריבער אויף דער אַנדערער זייט.

ס׳הערט זיך בלויז פיאָדאָר פיליפּיטש בעפעלענדע שטימע, דאָס פּליעטשטשערען פון דעם שטריק איבער׳ן וואַסער און ציטראָקענע זיפצען. דער נאַסער שטריק, וואָס איז צוגעבינדען צום רעכטען פליגעל, קומט אַלין מעהר פון וואַסער ארויס און וואָס ווייטער איז ער אַלין מעהר מיט גראָז בעדעקט.

— איצטער צוזאַמען ציהט! צוזאַמען! פאַר־אַ־מאָל! שרייט פיאָדאָר פיליפּיטש.

— ס׳איז פאַרהאַן, ס׳געהט שווער, ברידערלעך, רעדט עמיצענס אַ שטימע.

און אָט זענען שוין די פליגעל פון דעם נעץ איך, און ווערלבע עס וואַרפען זיך עטליכע קאַראַסקעלעך. נעצענדיג און צודריקענדיג דאָס גראָז, ווערען זיי אַרויסגעצייגען אויפ׳ן ברעג. און אָט, דורך דעם דינעם בעוועגליכען מוטנעם סלאָי וואַסער בעווייזט זיך עפּיס אַ ווייסע זאַך. אין דער טויטער שטילקייט טראָגט זיך דורך צווישען עולם, ניט קיין הייבער, נאָר אַ שאַרפער פחד־זיפץ.

— שלעפּט, לעבעדיגער, איף דער טריקעניש, שלעפּט! הערט זיך פיאָדאָר פיליפּיטשעס זיכערע שטימע, און איבער די אָבגע־קאָשעטע שטעבעדיגע גראָז שלעפּט מען איהם צי ביז צי די ווערבעס.

און אָט זעה איך מיין גוטע, אַלטע טאַנטע אין אַ זיידען קלייד און מיט אַ ליליענפאַרביגען שירעם מיט פרענזלעך, וועלכע פאַסט זיך

עפּיס גאָר ניט צו דעם דאָזיגען, מיט זיין פּראָספּעקט שרעקליכען, בילד פון טויט, און דאָס געזיכט איהרס, וועלכעס ס'איז גרייט די מינוט אָנ־צוהויבען וויינען. איך געדענק איהר ענטוויִשטעס געזיכט, וואָס דאָ איז שוין ניטאָ צי וואָס און צו וועמען אַרניק צו בענוצען, און איך דערמאָן מיר דאָס קראַנקע און טרויעריג געפיהל, וואָס האָט מיך דורכגענומען, ווען זי האָט זיך מיט איין נאַאיווען עגאָאיסטישען געפיהל פון ליבע צו מיר געווענדעט: „קום, מיין טייערער. אַך ווי דאָס איז שרעקליך! אָט זעהסטו, די באָדסט זיך אַליין אַליין און די שווימסט".

איך דערמאָן מיר, ווי העל און הייס די זון האָט געברענט די טרוקענע ערד, אונטער מיינע פיס, ווי זי האָט געשפּילט אויף דעם שפּיגעל פון טייך; ווי ביים ברעג האָבען זיך געוואָרפען גרויסע קאַרפּען, אין מיטען טייך האָבען געריינצעלט דאָס אויבערפלאַך פון וואַסער אַ סטאַ־דע קליינע פישלעך; ווי הייך אין הימעל האָט געשוועבט אַ יאַסטרעב אויף איין אָרט, האַלטענדיג זיך איבער די קליינע ענטלעך, וועלכע האָבען זיך דורכ'ן אַהיר פליוסקענדיג זיך אַרויסגעקליבען אויפ'ן מיטען טייך אַרויס; ווי ווייסע געקרייזעלטע געוויטער־וואָלקענדלעך קלייבען זיך ביים האָריזאָנט, ווי די בלאָטע, וואָס מען האָט מיט'ן נעץ אַרויסגעשלעפּט פון טייך, ווערט ביסלעכווייז צושוואימען, און ווען כ'בין פאַרבייגעגאַנגען נעבען דער גרעבליע, האָב איך ווידער דערהערט די קלעפּ פון אַ פּראַטש איבער נאַסע וועש, וועלכע צוטראָגען זיך איבער'ן טייך.

נאָר דער פּראַטש קלינגט ווי צוויי פּראַטשען וואָלטען קלאַפּען אין אַ טערצע, און דער דאָזיגער קלאַנג מאַטערט מיך, ווייל איך ווייס, אַז דאָס איז דאָך גאָר אַ גלאָק וואָס קלינגט און פיאָדאָר פיליפּיטש מאַכט ניט, ער זאָל אַנטשווייגען ווערען. און דער פּראַטש, ווי אַ פּייניגונגס־אינסטרומענט דריקט מיר מיין פוס, וועלכע פרירט, -- און איך ווער אַנטשלאָפען.

מיך האָט אויפגעוועקט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, דאָס וואָס מיר זענען זעהר שנעל געפאָהרען און צוויי שטימען, וועלכע האָבען האַרט נעבען מיר גערעדט.

— הער איגנאַט, אַ, איגנאַט! — האָט גערעדט די שטימע פון מיין אָנטרייבער — נעהם מיין פּאַסאַזשיר, די בעדאַרפסט דאָך אַליין איינס פאָהרען — און איך בעדאַרף טרייבען אומזיסט! נעהם.

איגנאַטעס שטימע האַרט נעבען מיר אַליין ענטפערט אָב: ---

פאַר וואָס פאַר אַ שמחות בעדאַרף איך נאָך חשבון אָבגעבען פאַר אַ פאַסאַזשיר?... אַ האַלבע פלאַש וועסטו שטעלען?

— אַ האַלבען שטאָף!... אַ פערטיל שטאָף וועסטו בעקומען.

— זעה נאָר, אַ פערטיל שטאָף! שרייט די צווייטע שטימע, די פערד מאַטערן פאַר אַ פערטיל שטאָף!

איך עפען אויף מיינע אויגען. אַלײן דער אייגענער אינערטרעגליכער, בעוועגליכער שנײ שווינדעלט פאַר די אויגען, די זעלבע אָנטרייבער און נעבען מיר זעה איך עפּיס אַ שליטען. מיין אָנטרייבער האָט אָנגעיאָגט איננאַטען און מיר פאָהרען אַ צייט איינס נעבען אַנדערן. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס פון אַנ׳אַנדער שליטען האָט אַ שטימע געראַטהען ניט נעהמען וועניגער פון אַ האַלבען שטאָף, דאָך האָט איננאַט פּליצלינג אָבגעשטעלט זיין טראָיקע.

— לעג איבער; אַזוי בלייבט עס, דיין גליק. מאָרגען, ווען מיר וועלען קומען, זאָלסטו אַ פערטיל שטאָף אַוועקשטעלען. אַ סך מישאָ פאַרהאַן?

מיין אָנטרייבער, עפּיס גאָר ניט מיט קיין פאַסענדע פאַר איהם רירעוודיגקייט, שפּרינגט אַרויס פון שליטען איפ׳ן שניי, נייגט זיך פאַר מיר און בעט, אַז איך זאָל זיך איבערזעצען צו איננאַטען. איך בין אינגאַנצען איינשטימיג; נאָר עס שיינט, אַז דער גאָטספאָרכטיגער מוזשיקעל איז אַזוי צופרידען, אַז איהם ווילט זיך אויסגיסען פאַר וועמען ס׳איז זיין דאַנקבאַרקייט און שמחה: נייגט זיך און דאַנקט מיך, אַליאָשקען און איגנאַשקען.

— ני, גאָט צו דאַנקען! וואָרום וואָס עס טהוט זיך, טאַטעפאָטער! שוין אַ האַלבע נאַכט אַז מיר פאָהרען און וויסען אַליין ניט וואוהין. ער וועט אייך שוין דערפיהרען, טייערער הערר, און מיינע פערד זענען שוין אינגאַנצען צוגעשטאַנען.

און ער לעגט איבער מיינע זאַכען מיט אַ בעזאָנדערען חשק.

אין דער צייט וואָס מען האָט די זאַכען איבערגעלעגט, בין איך מיט׳ן ווינט, וועלכער האָט מיך אין ליפטען געטראָגען, צוגעגאַנגען צום אַנדערען שליטען. דער שליטען, איבערהויפּט די זייט וואָס איז געווען פאַרהאַנגען מיט איין אַרמיאַק איבער די קעפּ פון די צוויי אָנטרייבערס, איז געווען הויך מיט שניי פערטראָגען; נאָר אונטער דעם אַרמיאַק איז

געקומען שטיל און געמיטליך. דער אַלטעטשקער איז אויך אַזוי געלעגען מיט אַרויסגעהאַנגענע פיס און דער דערציילער האָט זיין מעשה דערציילט: „אין דער אייגענער צייט וואָס דער גענעראַל פון דעם קייזערליכען נאָמען, הייסט עס, איז געקומען, הייסט עס, צו טרים'ען אין געפענגעניש, אין דער אייגענער צייט ענטפערט איהם טרים: „גענעראַל! איך בעדאַרף דיך נישט האָבען און איך קען דיך נישט ליב האָבען, און הייסט עס, די ביזט נישט מיין געליבטער; מיין געליבטער איז אָט דער אייגענער פרינץ.

— אין דער אייגענער צייט... — האָט ער ווידער געהאַט אָנגעהויבען, מיך ניט בעמערקענדיג, אויף אַ מינוט איז ער אַנטשוויגען געוואָרען און האָט אָנגעהייבען אויפבלאָזען זיין ליולקע.

— ני, וואָס, דער העדר איז געקומען אַ מעשה'לע הערען? האָט געזאָגט דער צווייטער, וועלכען איך האָב אָנגערופען דער בעל־עצה.

— ביי אַיך איז דאָ גוט, פרעהליך! האָב איך געזאָגט.

— וואָס־זשע, פאַר אימעט, עס קלערט זיך באָטש נישט.

— נו, וואָס, איהר ווייסט וואו מיר זענען איצטער?

די דאָזיגע פראַגע, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, איז ניט געפעלען געוואָרען די אָנטרייבער.

— ווער קען זיך דאָרט דורכקלייבען וואו מיר זענען? אפשר זענען מיר גאָר צו די קאַלמיקען פערפאָהרען — האָט דער בעל־עצה געענטפערט.

— וואָס־זשע וועלען מיר טאָן? האָב איך געפרעגט.

— וואָס זאָל מען טאָן? אָט פאָהרען מיר דאָך, אפשר וועלען מיר אַרויספאָהרען, — האָט ער געזאָגט מיט איין אונציפרידענעם טאָן.

— און אַז מיר וועלען ניט אַרויספאָהרען, אָדער די פערד וועלען צישטעקען אין שניי, וואָס וועט יעמאָלט זיין?

— איז וואָס! גאָר נישט.

— מען קען דאָך דערפרוירען ווערען.

— געווים קען מען דערפרוירען ווערען. קיין סטאָגעס איז איצטער נישט צוזעהן: הייסט עס, אַז מיר זענען גאָר צו די קאַלמיקען פאַרפאָהרען. ראשית בעדאַרף מען גיט אייפ'ן שניי אַכטונג געבען.

— און דו, מיין הערר, האָסט מורא זאָלסט נישט געפרוירען ווערען? האָט דער אַלטער געזאָגט מיט אַ ציטערענדע שטימע.

ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס, ווי ס'ווייזט אויס, האָט ער פון מיר חוזק געמאַכט, נאָר ער איז שוין געווען ביז צים לעצטען ביינדיל דורכגעפראָרען.

— יאָ, עס'ווערט זעהר קאַלט, — האָב איך געזאָגט.

— עך, די הערעלע! ווען דו וואָלסט ווי איך... — ניין ניין, לויף זיך דורך אַ ביסעל — וועט עס דיך אָנוואַרימען.

— דער עקר לייף אַ ביסעל נאָכ'ן שליטען, — האָט דער בעל־עצה געזאָגט.

---

## VII.

— זייט אזוי גוט: שוין פאַרטיג! — האָט צו מיר געשריען אַליאָשקע פון דעם פאָרערשטען שליטען.

דער שניי־שטורם איז אַזוי שטאַרק געווען, אַז קיים קיים, איבער־בויגענדיג זיך איף פאָרענט און צוהאַלטענדיג ביידע פאָלעס פון מיין שינעל, האָב איך די מעגליכקייט געהאַט דורך דעם בשוועגליכען שניי, וועלכען דער ווינט האָט פון אינטער מיינע פיס אַרויסגעטראָגען, איבער־געהן די עטליכע טריט, וואָס איז געווען פון מיר צום שליטען. דער פריהערדיגער אָנטרייבער איז שוין געשטאַנען איף די קניע אין מיטען לעדיגען שליטען, און ווען ער האָט מיך רעהזעהן, האָט ער אַראָבגענומען זיין גרויסע היטעל, און דער צייט וואָס דער ווינט האָט אָהן רחמנות זיינע האָר געריסען און דער הייך, און ער האָט געבעטען איף בראַנ־פען. ער האָט געוויס ניט ערוואַרטעט, אַז איך זאָל איהם געבען, ווארום פאַר מיין ענטזאַגונג האָט איהם גאָר ניט פערדראָסען. ער האָט מיר בעדאַנקט און דערביי דאָס היטעל אָנגעטאָן און געזאָגט: „גָט זאָל אייך גאָט געבען, פריץ...“ און אַ קלאַפּ געבענדיג מיט די לייטשעס און מיט די ליפען אַ שמוצער געבענדיג, איז ער אָבגעפאָהרען פון אונז.

באַלד נאָך דעם האָט זיך איגנאַשקע אויך אין דער גאַנצער ברייט פער־מאָסטען אין האָט אַ געשריי געטאָן צו די פערד. ווידער האָט דאָס קלאַפּען פון די פערדישע טריט, דאָס קלינגען פון די גלעקלעך און די געשרייען צו די פערד פערטייבט דאָס פייפען פון דעם ווינד און זיין פערגעהן זיך, וועלכעס ס׳האָט זיך בעזאָנדערס שאַרף געהערט, ווען מיר זענען אויף איין אָרט געשטאַנען.

נאָך דעם ווי כ׳האָב זיך איבערגעזעצט, בין איך ביי אַ פערטיל שעה ניט געשלאָפען, איך האָב זיך בעשעפטיגט מיט׳ן אַרומקוקען מיין אָנטרייבערס פיגור און די פערד. איגנאַשקע איז געזעסען ווי אַ „מאַלאַ־דיעץ״, אַלע מאָל אונטערהייבענדיג זיך, האָט ער זיך פערמאָסטען איוף די פערד מיט זיין לאַנגען בייטש, האָט געשריען, געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס און האָט זיך יערע ווייל אַרויסגעבויגען צו פערריכטען די שלייע אויף דעם מיטעלסטען פערד, וועלכע ס׳האָט זיך אַלע מאָל אַלין אַראָב־גערוקט איוף דער רעכטער זייט. זיין וואוקס איז ניט געווען קיין גרויסער, נאָר גוט געבויט, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען. אויבען אויפ׳ן פעלצעל האָט ער געטראָגען אַנ׳אַרמיאַק ניט פערגאַרטעלט, פון וועלכען דער קאָלנער איז געווען כמעט אָבגעלעגט; זיין האַלז איז געווען אינגאַנצען אָפען, זיינע שטיוועל זענען געווען איינפאַך לעדערנע און דאָס היטעל זיינס קליין, און אָהן אויפהער האָט ער עס אַראָבגע־נומען און פערריכט אויפ׳ן קאָפּ. די אייערען זענען געווען פערדעקט בלויז מיט זיינע האָר. אין אַלע זיינע בעוועגונגען האָט זיך בעמערקט ניט נאָר ענערגיע, נאָר נאָך מעהר, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, אַ ווילען צו ערוועקען אין זיך ענערגיע. נאָר, פונדעסטוועגען, וואָס ווייטער מיר זענען געפאָהרען, האָט ער זיך אַלין אָפטער פערריכט אויפ׳ן קעלנע זיצענדיג, געקלאַפּט אַ פוס אָן אַ פוס און אַלין מיט אַליאָשקען און מיט מיר אַ שמועות אָנגעצויגען: ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזען, האָט ער מורא גע־האַט דעם מוטה צו פערלירען. און ס׳איז געווען פון וואָס: כאָטש די פערד זענען געווען גוטע, איז דער וועג מיט יעדען טריט אַלין שווערער און שווערער געוואָרען און ס׳איז קענטיג געווען, אַז די פערד לויפען מיט ווייניגער חשק: מען האָט שוין בעדאַרפט אונטערשמייסען, און דער מיטעלסטער, אַ גרויסער און אַ גוטער קאָסמאַטער פערד, האָט זיך שוין אַ פּאָר מאָל אַ בראָך געטאָן און שיער ניט געפאַלען, נאָר אַ דער־שראָקענער, האָט ער אַ ריס געטאָן פאָראויס און אַ וואָרף געטאָן דעם קאָפּ כמעט ביז צום גלעקיל. דער ציגעשפּאַנטער פון דער רעכטער

זייט, וועלכען איך האָב ניט ווילענדיג אַרומגעקוקט, צוזאַמען מיט דער לעדענער שלייע און מיט'ן פרענזיל, וועלכע ס'האָבען זיך געקלאַפּט און אונטערגעשפּרונגען פון דער זייט וואָס צום פעלד, האָט אָפּט אָבגעלאָזען די פאַסטראָנקעס, האָט געפּאָדערט אַ בייטשיל, און ווי דער שטייגער פון גוטע, זאָגאַר היציגע פערד, ווי מיט פעדדרום פאַר זיין שוואַכקייט, האָט ער יעדעס מאָל מיט כעס איפּגעהייבען און אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ, בעטענדיג די לייטשעס. און ווירקליך, ס'איז שרעקליך געווען צו זעהן, ווי די זאַווערובע און דער פראָסט ווערט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, די פערד לויפען שוואַכער, דער וועג ווערט ערגער און מיר הויבען ניט אָן צו וויסען, וואו מיר זענען און וואוהין מיר בעדאַרפען פאָהרען, ניט נאָר צו אַ סטאַנציע, נאָר אַזוי ערגעץ צו וועלכער ס'איז בעהעלטעניש, — און ס'איז עפּיס לעכערליך און מאָדנע צו הערען ווי די גלעקלעך קלינגען זיך אזוי פריי, ניט געניים און פרעהליך, און איגנאַשקע טרייבט אָן אַזוי לעבעדיג, אַזוי שען, פּונקט ווי עפּיס אין אַ פראָסטיגען ליכטיגען יום-טוב'דיגען טאָג טראָגען מיר זיך דורך דער דאָרפישער גאַס, — און איבערהייפּט האָט מאָדנע אויסגעזעהן דאָס, וואָס מיר אַלע פאָהרען אין אַזוי שנעל און אַזוי לעבעדיג אַוועקוואַרפענדיג דעם אָרט, וואו מיר האָבען זיך געפינען. איגנאַטקע האָט אָנגעהייבען זינגען עפּיס אַ ליד, כאָטש איינ אַ גאַנץ שלעכטען פיסטעל, נאָר אַזוי הויך, און פון צייט צו צייט איבעררייסענדיג מיט אַ פייף, אַז ס'וואָלט שוין מאָדנע אויסגעזעהן צישרעקען זיך, איהם הערענדיג.

— היי, דו! וואָס רייסטו זיך דאָרט איפּ'ן האַלז, איגנאַט! — האָט זיך געלאָזט הערען דעם בעל-עצה'ס קול: — האַלט נאָר אָב אַביסעל!

— וואָס איז?

— שטעל זיך נאָ-אָר!

איגנאַשקע האָט זיך אָבגעשטעלט, ווידער איז אַלץ אַנטשוויגען געוואָרען און דער ווינט האָט אָנגעהייבען צו פייפען און צו פישטשען, און דער שניי האָט אָנגעהייבען, דרעהענדיג זיך, נאָך געדיכטער צו שיטען אין שליטען אַריין. דער בעל-עצה איז צו אונז צוגעגאַנגען.

— נו, וואָס?

— וואָס? וואוהין פאָהרט מען?

— ווער ווײס!

— וואָס, די פּיס זענען דיר געפרוירען געוואָרען, וואָס די קלאַפּסט אַזוי אַ פוס אָן אַ פוס?

— גאָר געפרוירען.

— דו וואָלסט אראָבגעהן: אָט דאָרטען לייגט זיך עפּיס, געוויס אַ קאַלמיקישער לאַגער. וואָלסטו דאָרט די פיס אָנגעוואַרימט.

— וואויל, האַלט נאָר צו די פערד... נאַ.

און איגנאַט האָט זיך געלאָזט לויפען אין דער ריכטונג, ווי מען האָט איהם אָנגעוויזען.

— מען בעדאַרף גוט אַכטונג געבען אין אומגעהן קוקען, וואָרים וואָס איז דאָס טרייבען אומזיסט! — האָט צו מיר דער בעל־עצה גע־רעדט. זעה נאָר, ווי ער האָט די פערד צוואויאַרעמט.

אין דער צייט וואָס איגנאַט איז אומגעגאַנגען — און דאָס האָט געדויערט גאַנץ לאַנג, אַז איך האָב שוין מורא געהאַט, ער זאָל ערגעץ ניט פערבלאָנדזשען — האָט דער בעל־עצה גערעדט צו מיר מיט אַזאַ זיכערען און רוהיגען טאָן, ווי אַזוי מען בעדאַרף זיך נוהג זיין אין אַ זאַווערוכע, ווי ס׳איז צום בעסטען אויסצושפּאַנען דאָס פערד און לאָזען עס אין דאָס פערד וועט, ווי גאָט איז וואָהר, אַרויספיהרען, אָדער, אַז אַמאָל קען מען נאָך די שטערען פערשטעהן ווי צו פאָהרען און, אַז ווען ער וואָלט פאָהרען דער פאָדערשטער, וואָלטען מיר שוין לאַנג געווען ביי אַ סטאַנציע.

— ני, וואָס, פאַרהאַנען? — האָט ער געפרעגט ביי איגנאַטען, וועלכער האָט זיך אומגעקעהרט, מיט מאַטערניש שטעלענדיג טריט, כמעט ביז די קניע טיף אין שניי.

— ס׳איז יאָ פאַרהאַנען, אַ לאַגער עפּיס זעהט זיך — נאָר ס׳איז נישט בעוואוסט, וואָס פאַר אַזוינער ער איז דאָרט, — האָט איגנאַט גע־ענטפערט קוים דעם אָטעם באַפענדיג, — דאָס זענען מיר, ברודערקע, ווייזט אויס, גאָר צו דער פּראָלגאָווער דאַטשע פערפאָהרען. מען בעדאַרף זיך נעהמען לינקס.

— וואָס ער מאָהלט; דאָס איז גאָר אונזער לאַגער, וועלכער איז הינטער דער סטאַנציע, — האָט דער בעל־עצה אָבגעענטפערט.

— און איך זאָג, אַז נישט!

— אַז איך האָב געקוקט, מסתמא ווייס איך דאָך שוין: און דאָס איז עס; און אַז נישט דאָס, איז עס טאַמישעווסקער. מען בעדאַרף זיך פערנעהמען אַלין רעכטס: מיר וועלען פונקט צום גרויסען בריק אַרויספאָהרען — ביי דעם אַבטען וויאָרסט.

— מען זאָגט דאָך דיר, אַז נישט! איך האָב דאָך נאָכגעקוקט! האָט איגנאַט מיט פערדרוס געענטפערט.

— ע, ברודערקע! און דאָס רופט זיך נאָך אָן אַנ'אָנטרייבער!

יאָ, יאָ. אַנ'אָנטרייבער! און דו זיי מוחל געה אַליין זוכען.

— וואָס האָב איך צוגעהן! כ'וויים אַזוי גוט.

איגנאַט, וויזט אויס, איז ברוגז געוואָרען: ניט ענטפערענדיג איז ער איפ'ן שליטען אַרייפגעשפרונגען און האָט געטריבען וויטער.

— געזעהן ווי די פיס זענען פערפרוירען געוואָרען: זיי נישט אָנצואוואַרעמען, האָט איגנאַט זיך געווענדעט צו אַליאָשקען — קלאַפענדיג אַלין שטאַרקער אַ פוס אָן אַ פוס און אַרויסגראַבלענדיג מיט די הענד דעם שניי, וואָס האָט זיך איהם אין די כאַלאַוועס אָנגעשלאָגען.

מיר האָט זיך שרעקליך געוואָרט שלאָפען.

---

## VIII.

„צו דען הייב איך עס ווירקליך אָן פאַרפרוירען צו ווערען, — האָב איך פון שלאָף געטראַכט, — מען זאָגט, אַז דאָס געפרוירען ווערען הייבט זיך שטענדיג אָן מיט'ן שלאָף. שוין בעסער דערטרינקען זיך, איידער פערפרוירען ווערען, זאָל מען מיך בעסער מיט דעם נעץ אַרויסשלעפען; נאָר איבעריגס, איז דאָך אַלין איינס, צו דערטרינקען זיך אָדער פערפרוירען ווערען, זאָל מיר נאָר אונטער'ן פלייצע ניט שטעכען עפּיס אַ שטעקען, און אינגאַנצען זיך פערגעסען".

כ'האָב מיך אויף אַ מינוט פערגעסען.

מיט וואָס אָבער וועט זיך עס אַלין ענדיגען? — מהי איך פּלוצלינג

אַ קלער, און איך עפען אויף אַ מינוט די אויגען און קוק אין דעם ווייסען רוים — מיט וואָס־זשע וועט זיך עס ענדיגען? אויב מיר וועלען ניט געפינען קיין סטאַנגעס און די פערד וועלען צושטעהן — וועלכעס, מיר ראַכט זיך, וועט באַלד געשעהן — וועלען מיר אַלע געפרוירען ווערען".

איך בין מיר מודה, אַז כאָטש איך האָב אַ ביסעל מורא געהאַט, נאָר דער חשק, אַז מיט אונז זאָל זיך טרעפען עפּיס אונגעוועהנליכעס, טראַגישעס, איז אין מיר געווען שטאַרקער ווי די קליינע מורא. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ס׳האָלט גאָר ניט שלעכט געווען, ווען אין דער פריה, ערגעץ צו אַן׳אונבעקאַנטען ווייטען דאָרף, ברענגען אונז שוין די פערד אַליין צופיהרען האַלב פערפרוירענע און איניגע פון זיי זאָלען שוין זיין אינגאַנצען דערפרוירענע. און אין דעם זינען האָבען זיך די געדאַנקען מיט אַיין אונגעוועהנליכע קלאָרקייט און שנעלקייט געטראָגען פאַר מיר.

די פערד שטעלען זיך אָב, שניי טראָגט אָן אַליין העכער און העכער, און אָט זעהט זיך אַרויס פון די פערד ניט מעהר ווי די רוהע און די אויערען; און אָט בעוועגט זיך איגנאַשקע פון אייבען מיט זיין טראָיקע און ער פאָהרט פאַרביי נעבען אונז. מיר בעטען איהם, מיר שרייען צו איהם, ער זאָל אונז מיטנעהמען, נאָר מיט׳ן ווינט פערטראָגט עס אונזער שטימע, און קיין שטימע איז ניטאָ. איגנאַשקע לאַכט זיך אויס, שרייט צו די פערד, פייפט און ווערט פון אונז פערשוואונדען ערגעץ אין אַ מאָל, וואָס איז מיט שניי פערטראָגען. דער אַלטיטשקער שפּרינגט אַרויף ריטענדיג, מאַכט מיט די עלענבויגענס און וויל אַנטלויפען, נאָר ער קען זיך ניט רירען פון אָרט; מיין פריהערדיגער אָנטרייבער און דער גרויסער היטעל וואַרפט זיך אויף איהם, שלעפּט איהם פון פערד אַראָב און טרעט איהם אין שניי אַריין. „דו ביזט אַ כשוף־מאַכער! — שרייט ער — דו ביזט אַ לעסטערער! איינאיינעם וועלען מיר בלאָנדזען". נאָר דער אַלטיטשקער שלאָגט דורך מיט׳ן קאָפּ די קופּע שניי; ער זעהט ניט אויס אַזוי אַלט, נאָר ווי אַ האָז שפּרינגט ער אַוועק פון אונז. אַלע הינט לאָזען זיך נאָך איהם. דער בעל־עצה, וואָס איז אייגענטליך פיאָדאָר פיליפּיטש, הייסט אונז, מיר זאָלען זיך אַלע אויסזעצען אין אַ רעדיל, אַז ס׳מאַכט ניט אויס וואָס אונז וועט מיט שניי פערשיטען; אונז וועט נאָך וואַרימער זיין. און ווירקליך אונז איז וואַרים און געמיטליך, עס דאָרשט זיך נאָר טרינקען. איך בעקום דאָס שפּייזקעסטיל, בין אַלעמען מכבד מיט ראָם מיט צוקער און אַליין טרינק איך מיט גרויס פערגניגען. דער דערציהלער ערציהלט עפּיס אַ מעשה מיט רעגענבויגען

און איבער אונז איז שוין דאָ אַ־סופיט פון שניי און אַראָבגעבויגנען. „איצטער זאָל זיך יעדערער מאַכען אַ צימער אין שניי און מיר וועלען זיך לעגען שלאָפען", זאָג איך. דער שניי איז ווייך און וואַרים ווי אַ פוטער. איך מאַך מיר אַ צימער פון שניי און וויל שוין אין איהם אַריינ־געהן; נאָר פיאָדאָר פיליפיטש, וועלכער האָט דערזעהן אין שפּיז־קעסטיל מיין געלד, זאָגט: „שטעה! גיב דאָס געלד, אַלץ איינס וועט מען שטאַרבען! און ער כאַפּט מיך פאַר'ן פוס. איך גיב איהם אָב דאָס געלד, איך בעט נאָר, אַז ער זאָל מיך אָבלאָזען; נאָר זיי גלויבען ניט, אַז דאָס איז דאָס גאַנצע געלד, און ווילען מיך הרגענען. איך כאַפּ דעם אַלטיטשקענס האַנד און מיט איין אונענדליכען תענוג הייב איך זי אָן צו קישען, און די האַנד איז אַזוי צאַרט און אַזוי זיס. פון אָנהייב רייסט ער זי פון מיר, נאָר שפּעטער גיט ער זי מיר אָב און מיט דער צווייטער האַנד גלעט ער מיך זאָגאַר, נאָר פיאָדאָר פיליפיטש געהט פינדעסט־וועגען צו און פערמעסט זיך אויף מיר. איך לויף צו זיך אין צימער אַריין; נאָר דאָס איז גאָר קיין צימער ניט, נאָר אַ לאַנגער ווייסער קאָרידאָר און עמיץ אימעצער האַלט מיך פאַר די פיס. איך רייס מיך אַרויס. אין דער האַנד ביי יענעם, וואָס האַלט מיך, בלייבען מיינע קליידער און אַ טייל פון מיין הויט; מיר איז נאָר קאַלט און אַ חרפּה, — איך שעם מיך נאָך מעהר ווייל מיר אַנטקעגען געהט מיין טאַנטע מיט איהר האָמעאָפּאַטישעס אַפּטייקיל אין געאַרעמט מיט דעם דערטרינקענעם געהען זיי מיר אַנטקעגען. זיי לאַכען און פערשטעהען ניט די צייכענס, וועלכע איך מאַך צו זיי. איך וואַרף מיך אין שליטען אַריין, די פיס שלעפּען זיך איבער'ן שניי, נאָר דער אַלטיטשקער יאָגט זיך נאָך מיר און ער מאַכט מיט די עלענבויגענס. דער אַלטיטשקער איז שוין נאָהנט, נאָר איך הער פון וויטענס, פאַר מיר, ווי עס קלינגען צוויי גלאָקען, און איך ווייס, אַז איך בין גערעטעט, ווי נאָר איך וועל צו זיי דער־לויפען. די גלאָקען־קלאַנגען הערען זיך אַלץ שאַרפער און שאַרפער, נאָר דער אַלטיטשקער דעריאָגט מיך און מיט זיין בויך פאַלט ער מיר אויפ'ן פנים און די גלאָקען־קלאַנגען קוים־קוים וואָס זיי הערען זיך. איך כאַפּ ווידער זיין האַנד און הייב זי אָן צו קישען, נאָר דער אַלטער — ער איז גאָר ניט דער אַלטער, נאָר דער דערטרונקענער... און ער שרייט: איגנאַשקע! שטעה, דאָרט, ראַכט זיך, זענען אַבמעטקעס סטאָגעס! געה נאָר גיב אַ קוק!" דאָס איז שוין זעהר שרעקליך, ניין, כ'וועל זיך בעסער ערוואַכען...

איך עפען אויף די אויגען. דער ווינט האָט מיר אַריבערגעוואָרפען איבער׳ן קאָפּ אַ פאָלע פון אַליאָשקעס שינעל. איין קניע איז ביי מיר אָפען, מיר פאָהרען איבער דעם הוילען געפראָרענעם שניי און העל און שאַרף קלינגען די גלעקלעך אין לופטען.

איך קוק, וואו די סטאָגעס זענען; נאָר אָנשטאָט די סטאָגעס זעה איך, שוין מיט אָפענע אויגען, עפּיס אַ שטוב מיט אַ באַלקאָן און אַרומגעצוימט מיט אַ וואַנד מיט שפּיצען אין דער הויך. מיר אינטערעסירט גאַנץ וועניג דאָס הויז אין די וואַנד אַרום איהם: מיר ווילט זיך איבערהויפּט ווידער זעהן דעם ווייסען קאָרידאָר, דורך וועלכען איך בין געלאָפען, הערען דעם קלאַנג פון די קירכען־גלאָקען און קושען דעם אלטיטשקענס האַנד. איך פערמאַך ווידער מיינע אויגען און שלאָף איין.

---

## IX.

איך בין געשמאַק געשלאָפען; נאָר די קלאַנגען פון די גלעקלעך האָט זיך די גאַנצע צייט געהערט און אין שלאָף האָט זיך עס מיר פאָרגעשטעלט, אַ מאָל ווי דאָס בילען פון אַ הונד, וועלכער וואַרפט זיך אויף מיר, און אַ מאָל ווי אַן אָרגעל, אין וועלכען איך שפּיל אַליין אין פייפיל, אַ מאָל אין דעם געשטאַלט פון מיינע פראַנצייזישע לידער, וועלכע איך פערפאַס; אַ מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די טערצע איז גאָר אַ פּייניגונגס־אינסטרומענט, מיט וועלכען מען דריקט מיר צונויף מיין פיענטע. דאָס איז אַזוי שטאַרק געוועזען, אַז איך האָב מיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבען רייבען מיין פיס. זי האָט שוין אָנגעהויבען צו־פרוירען. אַרום איז אַלץ די זעלבע ליכטיגע, מוטנע און ווייסע נאַכט, אַלץ די זעלבע בעוועגונגען, וועלכע שטויסען מיך אין דעם שליטען; אַלץ דער איינענער אינגאַשקע איז געזעסען מיט אַ זייט און געקלאַפּט אַ פיס אָן אַ פיס; דאָס זעלבע קאָסמאַטע צוגעשפּאַנטע פערד, אויסציהענדיג די האַלז ליופט עס, ניט אויפהויבענדיג הויך די פיס, אין דעם טיפען שניי, דאָס פרענזיל באָמבעלט זיך אויף דער שלייע און קלאַפּט זיך אָן דעם בויך פון פערד. דער מיטעלסטער פערד מיט אַ צופלאָכטענע גריווע, אָנציהענדיג און אָבלאָזענדיג די רימענס פון זיין

צוים, וועלכע זענען צו דער דוהע צוגעבונדען, לויפט, און אין מאָס בעוועגענדיג זיך. נאָר דאָס אַלץ איז איצטער נאָך מעהר מיט'ן שניי פערטראָגען געווען. דער שניי האָט געדרעהט פון פאָרענט, ביי די זייטען, פערשיטענדיג די פלאָזעס, די פערדישע פיס ביז די קניע און פון אויבען האָט עס געשאָטען אויף די היטלען און אויף די קאָלנערס. דער ווינד איז געווען אַ מאָל רעכטס און אַמאָל לינקס, האָט געשפּילט זיך מיט'ן קאָלנער אָדער פאָלע פון איגנאַשקעס אַרמיאַק, מיט דער גריווע פונ'ם צוגעשפּאַנטען פערד און האָט זיך פערגאַנגען ערגיץ דאָרט איבער דער דוהע און אין די האַליאָבליעס.

ס'איז געוואָרען שרעקליך קאַלט, און ווי נאָר כ'האָב זיך אַרויסגערוקט פון אונטער'ן קאָלנער, האָט באַלד אַ טריקענער פראָסטיגער שניי, דרעהענדיג זיך, מיר פערשאָטען די אויגען, די נאָז, דאָס מויל און איז מיר פערקראָכען הינטערען קאָלנער; קוקסט אַרום זיך — אַלץ איז ווייס, ליכטיג און שנייעדיג, ניטאָ גאָר ניט אַרום, אויסער די אונקלאָרע ליכט גקייט און שניי. איך האָב מיר ערנסט אָנגעהייבען צו שרעקען. אַליאָשקע איז געשלאָפען ביי מיינע פיס און רעכטען מיטען שליטען; די גאַנצע פּליצע זיינע איז געווען צוגעדעקט מיט אַ געדיכטען סלאָי שניי. איגנאַשקע האָט דעם מוטה ניט פערלאָרען: ער האָט אָהן אויפהער געקלאַפּט מיט די לייטשעס, געשריען צו די פערד און געקלאַפּט זיך אַ פיס אָן אַ פיס. די גלעקלעך האָבען אַלץ אַזוי רייצענד געקלינגען. די פערד, אָפטער פערטשעפּענדיג, האָבען געבראָפּעט, און געלאָפען, אַלץ אָפטער פערטשעפּענדיג זיך אַיך אַ ביסעל לאַנגזאַמער. איגנאַשקע איז ווי אונטערגעשפּרונגען, האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ הענדשקע און האָט אָנגעהייבען זינגען אַ ליד מיט זיין דינענקער אָנגעשטרענגטער שטימע. ניט דערזונגענדיג זיין ליד, האָט ער אָבגעשטעלט די טראָיקע, האָט פערוואָרפען די לייטשעס איבער'ן פאָדערשטען טייל שליטען און איז אַראָבגעקראָכען. דער ווינט האָט זיך מיט כעס פערגאַנגען. ווי פון אַ שאָפליע האָט דער שניי געשאָטען אויף די פאָלעס פון מיין פעלץ. איך האָב מיר אומגעקוקט: די דריטע טראָיקע הינטער אונז איז שוין ניט געווען צו מערקען (זי איז ערגיץ צוגעשטאַנען). נעבען דעם צווייטען שליטען האָט זיך דורך דעם שנייעדיגען נעפּעל געזעהן, ווי דער אַלטיטשקער שפּרינגט פון אַ פיס אויף אַ פיס. איגנאַשקע איז אָבגעגאַנגען ביי אַ דריי טריט פון שליטען, האָט זיך געזעצט אויפ'ן שניי און האָט אָנגעהויבען אַראָבציהען די שטיוועל.

— וואָס טהוסטו עס אַזוינס? האָב איך געפרעגט.

— איבערטאָן די שטיוועל בעדאַרף מען, אַניט וועל איך די גאַנצע פוס אָבפריירען — האָט ער געענטפערט — און זיך ווייטער זיין אַרבייט געטאָן.

מיר איז געווען קאַלט אַרויסצושטעקען מיין האַלז פון הינטער דעם קאָלנער אַרוים צו זעהן וואָס ער טהוט דאָרט. איך האָב געקוקט גלייך, אויפ׳ן צינגעשפאַנטען פערד, וועלכער אָבלאָזענדיג אַ פוס האָט קרענקליך געמאַכט מיט דעם אינטערגעבונדענעם, מיט שניי פערטראָגענעם ווידעל. דער שטויס, וואָס איגנאַשקע האָט געטאָן דעם שליטען, אַרויפשפרינגענדיג אויף דער קעלנע, האָט מיך אויפגעוועקט.

— נו, וואָס, וואו זענען מיר איצט? — האָב איך געפרעגט, — וועלען מיר כאָטש ביז טאָג דערפאָהרען?

— זייט רוהיג: מיר וועלען צושטעלען. — איצטער האָבען זיך וואַזשנע די פיס אָנגעוואַרעמט, אַז כ׳האָב די שטיוועל איבערגעטאָן.

און ער האָט גערירט, דער גלאָק האָט אָנגעהייבען צו קלינגען, דער שליטען האָט זיך ווידער אָנגעהייבען צו בעוועגען און דער ווינט האָט געפייפט אונטער די פלאָזעס. און מיר האָבען זיך ווידער געלאָזט שווימען איבער דעם אונענדליכען ים שניי.

---

# X.

איך בין שטאַרק איינגעשלאָפען. ווען אַליאָשקע האָט מיך, מיט׳ן פוס אַ שטויס געבענדיג, אויפגעוועקט און איך האָב די אויגען אויפגעעפענט, איז שוין געווען טאָג. ס׳האָט אויסגעוויזען נאָך קעלטער ווי ביינאַכט. פון אויבען איז קיין שניי ניט געפאַלען, נאָר דער שטאַרקער ווינט האָט נאָך אַלין געטראָגען דעם שניי־שטויב אויף די פעלדער און בעזאָנדערס נעבען די טריט פון די פערד און נעבען די פלאָזעס. דער הימעל רעכטס אין מזרח זייט איז געווען שווער און האָט געהאַט אַ טונקעל־בלאָהליכען פאַרב; נאָר די העלע רויט־געלבליכע קרומע פאַסען

האָבען זיך אַלץ העלער און העלער אָבגעצייכענט אויף איהם. אין דער הויך, איבער׳ן קאָפּ, פון אונטער די דורכשוועבענדע ווייסע און עטוואָס בעפאַרבענע וואָלקען, האָט זיך אַרויסגעזעהן אַ בלאַסע בלאָהקייט; לינקס זענען די וואָלקען געווען ליבטיג, לייכט און בעוועגליך. איבעראַל, אַרום און אַרום, אויף ווי ווייט דאָס אויג האָט נאָר געקענט פערכאַפּען, איז געלעגען אויף די פעלדער אַ ווייסער, אין שאַרפע שיבטען אָנגעשאָטענער, טיפער שניי. וואו-ניט-וואו האָט זיך בעוויזען אַ גראָהליך בערגעל, איבער וועלכען ס׳האָט זיך געטראָגען מיט עקשנות אַ דראָבנער שניי-שטויב. קיין איין איינציגער כליאַד ניט פון קיין שליטען, ניט פון קיין מענשען, ניט פון קיין חיה — איז ניט געווען צו בעמערקען. די שטריכען און די פאַרב פון דעם אָנטרייבערס פלייצע און פון די פערד האָבען זיך קלאָר און שאַרף אַרויסגעזעהן, זאָגאַר אויף דעם ווייסען פאָן... דער ראַנד פון אינגאַטקעס טונקעל-בלאָהע היטעל, זיין קאָלנער, זיינע האָר, אפילו זיינע שטיוועל זענען געווען ווייס. ביים סיווען מיטעלסטען פערד איז געווען די גאַנצע רעכטע זייט פון זיין קאָפּ און פון זיין האַלז און נאַקען פערשלאָגען מיט שניי; ביי דעם ציגעשפּאַנטען פון מיין זייט זענען די פיס געווען אַרומגעשאָטען ביז צו די קניע, און אינגאַנצען איז ער געוואָרען ווי געקרייזעלט און בערעקט מיט פערפרוירענע שווייס-טראָפּענס און מיט שניי פערשאָטען פון דער רעכטער זייט. דאָס פרענזעלע פון דער שלעיע האָט זיך נאָך אַלץ געבאָמבעלט אין-טאַקט צו יעדען ניגון, וועלכען מען זאָל זיך גאָר ניט וועלען פאָרשטעלען, און אַליין איז דער צוגעשפּאַנטער פערד נאָך אַלץ אַזוי געלאָפען און געלאָפען; בלויז נאָך דעם איינגעפאַלענעם בויך, וועלכער האָט זיך אָפט אייפגעהייבען און אַראָבגעלאָזען און פון די אַראָבגעלאָזענע אייערען זיינע, איז געווען צו דער-קענען, אויף וויפיל ער איז איינגעמאַטערט. נאָר איין פרישער נייגעניטשאַנד האָט מיין אויפמערקזאַמקייט אָבגעשטעלט: דאָס איז געווען אַ ווערסט-סלופּ, פון וועלכען ס׳האָט זיך כסדר געשאָטען שניי אויף דער ערד און אַרום וועלכען דער ווינד האָט אָנגעטראָגען אַ גאַנצען באַרג פון דער רעכטער זייט און האָט זיך נאָך אַלץ געריסען און האָט איבערגעשאָטען דעם טרוקענעם שניי פון איין זייט אויף דער צווייטער. ס׳האָט מיך שרעקליך געוואונדערט, וואָס מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט אָבגעפאָהרען אַלץ מיט די זעלביגע פערד גאַנצע צוועלף שעה, ניט וויסענדיג וואוהין, און מען האָט זיך פיל מאָל אָבגעשטעלט, און פונדעסטוועגען איז מען נאָך געקומען צופאָהרען. ס׳האָט אויסגעזעהן, אַז אונזער גלעקעל

קלינגט נאָך פרעהליכער. איגנאַט האָט זיך איינגעוויקעלט און האָט צו די פערד געשריען; הינטער אונז האָבען געפּאָרסקעט די פערד און עס האָבען געקלונגען די גלעקלעך פון דעם אַלטיטשקענס אין דעם בעל־עגלה'ס טראָיקע; נאָר דער, וועלכער איז געשלאָפען אין שליטען, האָט זיך געווים אין סטעפּ פון אונז אָבגעשלאָגען. אָבפאָהרענדיג ביי אַ האַלב ווערסט, האָט זיך געטראָפען אַ פרישער, עטוואָס פערטראָגענער סליאַד פון אַ שליטען און אַ טראָיקע, און וואו ניט וואו האָבען זיך געמערקט אויף איהם ראָזע בלוט־פלעקען פון אַ פערד, וועלכעס האָט זיך געווים עפּים צושניטען.

— דאָס איז פיליפּ! זעהסט, פריהער פון אונז געטראָפען! האָט איגנאַשקע געזאָגט.

נאָר, אָט איז אַ הייזעל מיט אַ שילד, קוקט אַרוים איינער אַליין ביים וועג אין מיטען דעם שניי, וועלכער האָט עס כמעט איבער די פענסטער און דאַך ניט פערשאָטען. נעבען דער קרעטשמע שטעהט אַ טראָיקע גראָהע פערד, געקרייזעלטע פונ'ם פערפרוירענעם שוויים מיט אָבגעלאָזענע פים און אַראָבגעהאַנגענע קעפּ. פאַר'ן טיר איז אָבגע־קעהרט און עס שטעהט אַ לאָפּעטע; נאָר פון דאַך אַראָב דרעהט עס נאָך אַלץ און קעהרט דעם שניי דער פייפענדער ווינד.

פון טיר, אויף דעם קלאַנג פון אונזערע גלעקלעך, קומט אַרוים אַ גרויסער, פעררויטיגטער געלער אָנטרייבער מיט אַ גלאָז בראַנפען אין האַנד און שרייט עפּים. איגנאַשקע קערט זיך אום צו מיר און בעט ביי מיר אַנ'ערלויבעניש זיך אָבצושטעלען. איצטער זעה איך צום ערשטען מאָל די צורה זיינע.

---

## XI.

זיין געזיכט איז ניט געוועזען אַ שוואַרצליכעס, מאָגערעס און מיט אַ גלייכער נאָז, ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, קוקענדיג אויף זיינע האָר און גאַנצען געביי. דאָס איז געוועזען אַ קיילעכדינגע, פרעהליכע צורה מיט אַ פאַרריסענער נאָז מיט אַ גרוים מויל און מיט העל־בלאָהע קיילעכ־דיגע אויגען, זיינע באַקען און זיין האַלז זענען געוועזען אַזוי רויט, גלייך.

ווי מען וואָלט זי מיט אַ געוואַנט אָנגעריבען. זיינע ברעמען און דער פוך, וואָס האָט גלייך צוגעדעקט די אונטערשטע טייל פון זיין געזיכט, זענען געווען מיט שניי פערדעקט און אינגאַנצען ווייס.

ביז דער סטאַנציע איז געבליבען בלויז אַ האַלבע וויאָרסט, און מיר האָבען זיך אָבגעשטעלט.

— נאָר מאַך עס שנעלער, — האָב איך געזאָגט.

— איין מינוט, — האָט איגנאַשקע געענטפערט, אַראָבשפרינגענדיג פון קעלנע און איז צו פיליפ'ן צוגעגאַנגען.

— גיב, ברודערקע, — האָט ער געזאָגט אַראָבנעהמענדיג פון דער רעכטער האַנד און וואַרפענדיג אויפ'ן שניי זיין הענדשקע מיט דער ביטש, און, פער־וואַרפענדיג דעם קאָפּ, האָט ער מיט אַ מאָל אויסגעטרונקען דאָס גלעזעל בראַנפען, וואָס מען האָט איהם דערלאַנגט. דער שענקער, ווי ס'ווייזט אויס, איין אויסגעדינטער קאָזאַק, מיט אַ האַלבען שטאָף בראַנפען אין דער האַנד, איז אַרויסגעגאַנגען פון טיר.

— וועמען דערלאַנגען? — האָט ער געפרעגט.

דער הויכער וואסילי, אַ מאַגערער, בלאָנדער מוזשיק מיט אַ ציגענבערדיל, און דער בעל־עצה, אַ גראָבער, אַ ווייסער מיט אַ גרויסע ווייסע באָרד, וועלכע האָט אַרומגענומען זיין רויט געזיכט, זענען צוגעגאַנגען און האָבען אייך צו גלעזלעך אויסגעטרונקען. דער אַלטיטשקער האָט אויך געפריבט צוגעהן צו דער גריפּע טרינקער, נאָר איהם האָט מען ניט דערלאַנגט, און ער איז אָבגעגאַנגען צו זיינע פערד, וואָס זענען פון הינטען געווען צוגעבונדען, און האָט איינעם פון זיי גענומען גלעטען איבער'ן רוקען און איבער'ן הינטען.

דער אַלטיטשקער איז געווען פונקט אַ זעלכער, ווי איך האָב מיר איהם פאָרגעשטעלט: אַ קליינינקער, אַ מאָגערער, מיט אַ צוקנייטשטען און בלאָה־געוואָרענעם געזיכט, מיט אַ שיטער בערדיל, מיט אַ שאַרף נעזיל און מיט געלע אויסגעקייטע ציינער. אַ היטעל האָט ער געטראָגען אַנ'אָנטרייבערשע, נאָר אַ נייע, נאָר זיין אויסגעריבען פעלציל, וואָס איז געווען אויסגעשמירט מיט דזשעגאַכטס און צוריסען אויפ'ן פּלייצע און אין די פּאָלעס, האָט ניט צוגעדעקט זיינע קניע און דעם אונטערשטען האַלב־געווענטענעם בגד, וואָס איז געווען פערשטעקט אין זיינע גרויסע וואָליקעס. און אַליין האָט ער זיך אינגאַנצען איינגעהויקערט, אַנ־

געשטרומפּען, און ציטערענדיג מיט׳ן פּנים און מיט די קניע, האָט ער זיך געפּאָרעט נעבען שליטען, ווי עס ווייזט אויס, וועלענדיג זיך דער־וואַרעמען.

— נו, מיטריטש, וואָלסטו הייסען זיך אַוועקשטעלען אַ פערטעלע: וואָלסט זיך גאָר לייטיש אָנגעוואַרימט — האָט איהם דער בעל־עצה געזאָגט.

מיטריטש׳ן האָט עס אַ צופּ געטאָן. ער האָט פאַרריכט די שלעיע ביי זיין פערד, פאַרריכט די דוהע און איז צוגענאַנגען צו מיר.

— נו וואָס, פריץ, האָט ער געזאָגט, אַראָבנעהמענדיג דאָס היטעל פון קאָפּ און נידריג בויגענדיג זיך — מיר האָבען מיט אייך אַ גאַנצע נאַכט געבלאָנדזשעט, דעם וועג געזוכט: וואָלט איהר האָטש מיט אַ פערטעלע שנאַפּס מכבד געווען. אַניט איז נישטאָ מיט וואָס זיך צודער־וואַרעמען — האָט ער צוגעגעבען מיט אַן׳אַכטונגס־שמייכעלע.

איך האָב איהם געגעבען פינף־און־צוואַנציג קאָפּיקעס. דער שענ־קער האָט אַרויסגעטראָגען אַ פערטיל־שטאָף און דערלאַנגט דעם אַלטיטש־קען. ער האָט אַראָבגענומען די הענטשקע מיט דער בייטש און האָט צוגעטראָגען זיין קליינינקע שוואַרצע גראָבהויטיגע און בלאָה־געוואָרענע האַנד צום גלעזעל, נאָר דער גראָבער פינגער זיינער האָט זיך עפּיס ווי אַ פרעמדער ניט געוואָלט פאָלגען: ער האָט די גלאָז ניט געקענט איינהאַלטען, און פאַרגיסענדיג דעם בראַנפען, האָט ער זי אַוועקגעוואָר־פען אויפ׳ן שניי.

אַלע אָנטרייבער האָבען זיך צולאַכט.

— זעהט נאָר, ווי מיטריטש איז פערפרוירען געוואָרען, ער קען שוין אַפילו דעם בראַנפען נישט איינהאַלטען.

נאָר מיטריטש האָט זיך זעהר געזאָרגט, וואָס ער האָט דעם בראַנפען פערגאָסען.

מען האָט איהם פונדעסטוועגען אָנגענאָסען אַ צווייטע גלאָז און ער האָט דעם בראַנפען אין מויל אַריינגענאָסען. ער איז גלייך פרעהליכער געוואָרען, אַוועקגעלאָפען אין שענקעל און האָט זיך די ליילקע פער־רויבערט. האָט אָנגעהייבען שמייכלען אין בעזייזען זיינע געלע, אויס־

געקייטע ציינער און צו יעדע זאַך אַ שימפּ־וואָרט צוגעגעבן.
איבערטרינקענדיג דעם לעצטען פּערטיל שנאַפּס, זענען די אָנטרייבער
יעדערער צו זיין טראָיקע אַוועק און מיר האָבען זיך געריהרט.

דער שניי איז געוואָרען אַלץ ווייסער און העלער און ס'האָט די
אויגען געבלענדט קוקענדיג אויף איהם. די געל־רויטליכע פּאַסען האָבען
זיך אַלץ העכער און העכער, העלער און העלער צוזאַמענגעוואָרפען אין דער
הויך איבער'ן הימעל. אפילו דער רויטער ראָד פון דער זון האָט זיך
בעוויזען אויפ'ן האָריזאָנט דורך די בלאָהליבע וואָלקען: די הימעל־
בלאָהקייט איז געוואָרען גלענצענד און טונקעלער. מיט'ן וועג, אַרום דער
סטאַנציע, איז דער סליאַד געוואָרען שאַרפער, קענטיגער, געלבליך, וואו
ניט וואו זענען געווען אויסגעהאַקטע גריבער פון פאָהרען. אין דער
פראָסטיגער צוזאַמענגעפרעסטער לופט האָט זיך געשפּירט עפּיס אַ גרינג־
קייט און אַ קיהלקייט.

מיין טראָיקע האָט זיך זעהר געשווינד געטראָגען. דער קאָפּ פון
דעם מיטעלסטען פערד און זיין האַלז, אויף וועלכען ס'האָט זיך ביז צו
דער דוהע די גריווע צופלאַטערט, האָט זיך שנעל בעוועגט כמעט אויף
איין אָרט, אונטער דעם יענערשען גלעקעל, אין וועלכען דאָס צינגעל
האָט זיך שוין ניט געקלאַפּט, נאָר אין די ווענטלעך פון גלעקעל זיך
געריבען. די גוטע צוגעשפּאַנטע פערד אָנציהענדיג די קרומע געפרויר־
רענע פּאָסטראָמקעס, האָבען מיט חשק, ענערגיש געצויגען און דאָס
פרענזיל האָט זיך שטאַרק געבאָמבעלט און אָנגעקלאַפּט אונטער'ן רעבייען
בויך אין שליטע. צייטענווייז האָט זיך דער צוגעשפּאַנטער פערד פער־
נושעפּעט און אַ בראָך געגעבען אין אַנ'אויסגעהאַקטען גרוב, פערטרייר־
שענדיג זיך די אויגען מיט שניי, נאָר באַלד האָט ער זיך לעבעדי־
אויפגעכאַפּט און ווייטער זיך געטראָגען. איגנאַשקע האָט פרעהליך איפ'ן
מענאָר צו די פערד געשריען; אונטער די פּלאָזעס האָט געסקריפּעט
דער טרוקענער פראָסט, הינטער אונז האָבען פרעהליך יום־טוב'דיג גע־
קלונגען צוויי גלעקלעך און ס'האָט זיך נע'אָנט הערען די שכור'ע אויס־
געשרייען פון די אָנטרייבער צו די פערד. איך האָב מיך אומגעקוקט
אויף הינטען: די גראָה־געקרייזעלטע צוגעשפּאַנטע פערד, מיט אויס־
געצויגענע העלזער, און בירדע גלייכצייטיג אָבשטעטענדיג מיט פאַרריקטע
צוימען, האָבען זיך געטראָגען מיט'ן שניי. פיליפּ האָט זיך מיט דער
בייטש פערמאָסטען, פעררוכטענדיג אַלע חילע דאָס הימעל; דער

אַלטיטשקער איז ווי פריהער, מיט פאַרדיסעגע פיס, געלעגען אין מיטען שליטען.

אין אַ פּאָר מינוטען אַרום האָט שוין דער שליטען געסקריפּעט איבער די ברעטער פון דעם אָבגעקערטען ציפאָהר וואָס ביי דער סטאַנציע, און איגנאַשקע האָט אויסגעדרעהט צו מיר זיין פאַרשנייט פרעהליך פּנים, וועלכעס האָט מיט פראָסט געאָטעמט.

— אָבער דאָך צופיהרען געבראַכט, פריץ! האָט ער געזאָגט.

# אינהאלט.